


(דערציילונגען)


איקוף פארלאג

1951

# אינהאַלט

זייט

## שטייגעריש



## מלחמה עכאָם



## מענטש און שאָף

# די זילבערנע חתונה

עס איז געווען שפּעט אין אָוונט. ביידע טעכטער זיינען שוין אַוועק אַהיים. הערי איז מיט פּאַרדראָס אַריין אין שלאָף־צימער, נאָר עליזאַבעט האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט אין קיך.

איר קאָפּ האָט געפיבערט פון אויפגערעגטקייט און אַרויסגע־שלאָגן ראָזעווע פלעקן אויף איר צאַרטן פּנים. אירע הענט האָבן זיך אויטאָמאַטיש געטראָגן פון איין זאַך צו דער צווייטער אַרום דער באַלעבאַטישקייט, אַליין ניט וויסנדיג וואָס זי טוט.

די קליינע קיך איז נאָך געווען אָנגעפילט מיט די קלאַנגען פון דעם צעהיצטן געשפּרעך, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן איר מיט איר פאַמיליע. איבערהויפּט איז איר אייגענער עקשנות'דיגער אויסגעשריי, „ניין!" געבליבן הענגען אין דער לופטן — ניט אַנדערש, ווי נאָר זי, עליזאַבעט, זאָל צושטימען אויף אַ זילבערנער חתונה. און מער פון אַלעמען האָט זיך אויף דעם איינגעשפּאַרט איר עלטערע טאָכטער, סעלמאַ.

סעלמאַ האָט געגלאָצט מיט אירע שוואַרצע אויגן. געוואָרפן מיטן קאָפּ, זשעסטיקולירט מיט די הענט און איז נאָר באַשטאַנען אויף אירס.

אירע טענות זיינען געווען, אַז זאָל שוין אַמאָל ביי זיי אויך זיין ווי ביי לייטן.

זי אַליין האָט קיין פאָרמעלע חתונה ניט געהאַט. איר אינגערע שוועסטער, בעטי, האָט חתונה געהאַט אויף שנעל אין געריכט, בעת איר חתן איז געקומען אויף אורלויב פון דער אַרמיי. און טאַטע-מאַמע אַליין? זיי האָבן דורכגעמאַכט גענוג צרות אין די 25 יאָר, וואָס זיי זיינען פאַרהייראַט. איז זאָלן זיי האָבן אַביסל פאַרגעניגן און פּראַווען אַ זילבערנע חתונה טאַקע אין אַ שיינעם זאַל, מיט אַן אָרקעסטער און „מיט די אַלע זיבן זאַכן".

זי האָט שוין אפילו באַשלאָסן וואָס פאַראַ אָוונט-קלייד זי וועט זיך מאַכן, — טונקל-רויטער סאַמעט, געפּאַסט אין דער טאַליע, און אין די האָר וועט זי טראָגן אַ גאַנצע קרוין פון סאַמעטענע בלומען.

פאַר דער מאַמען האָט זי שוין אויך אויסגעפּלאַנט דעם גאַנצן טואַלעט: אַ קלייד פון זילבער-בראָקאַטענער וואַרע מיט אַ לאַנגער שלעפּ, ווי אַן אמת׳ע כלה.

און דעם אמת געזאָגט, ווייל זי די אַלע זאַכן ניט אַזוי צוליב זיך אַליין און דער מאַמען, ווי צוליב איר מאַנ׳ס משפּחה... די מאַמע האַלט זיך אין איין בעטן, אַז זי וויל ניט דעם גאַנצן טאַראַראַם, אַז עס איז אַ פאַרברעכן אויסצוגעבן געלט אויף אַזעלכע נאַרישקייטן, אָבער סעלמאַ האָט שוין אַפילו אָנגעבאָטן איר געלט צושטייער, אַבי עס זאָל זיין ווי זי וויל, און זאָל טאַקע איר מאַנ׳ס משפּחה זען, אַז ביי איר אין דער פאַמיליע טוט זיך אויך עפּעס...

פאַר די פאָר יאָר, וואָס סעלמאַ איז פאַרהייראַט, הערט זי פאַרשיידענע אָנצוהערענישן מיט שטעך־ווערטלעך וועגן דער מאַמען. „די פּרינצעסין" אָדער „קעניגין" — קיין אַנדער נאָמען האָבן זיי ניט פאַר איר.

— אפשר זאָל מען די קעניגין איינלאַדן צו דער געים? — פרעגט איין שוועגערין ביי דער צווייטער.

— ניין, זי דאַרף אוודאי ענדיגן אַ בוך — ענטפערט די צווייטע מיט ביטול.

דערנאָך ווענדן זיי זיך צו סעלמאַ׳ן:

— ווען וועט שוין דיין מאַמע ווערן מיט לייטן גליך? קומען אַמאָל צו אַ מיטינג פון דער סאָסייעטי און טאַקע זיך אויסלערנען „נעמען אַ האַנט"?"

אָדער: — זע נאָר, קיין אַנדער נאָמען ווי עליזאַבעט פּאַסט ניט דיין מאַמען?... נו, לינאַ וואָלט איר שלעכט געווען?...

דעם טאַטן האַלטן זיי דווקא פאַר אַ וואוילן מענטשן, אַן אַרבע־טער, וואָס טשעפּעט ניט קיין פליג אויף דער וואַנט, אָבער דאָך אַ לעמעשקע:

— אַ מענטש זאָל דאָס אַמאָל ניט קומען צו אַ „געימקע". ער דאַרף עס כסדר נאָכגיין דער ווייב? אַז קעניגין עליזאַבעט שפּילט ניט קיין קאָרטן, שפּילט ער אויך ניט...

אַזעלכע באַמערקונגען וועגן איר מאַמען פלעגט סעלמאַ הערן אַלעמאָל פון אַן אַנדער שוועגערין.

ביי זיי, ביי איר מאַנ׳ס משפחה, טוט זיך טאַקע שטענדיק. אַט גרייט מען זיך צו אַ בר-מצוה, און אַט איז אַ חתונה. און אַז מען מאַכט אַ קאָרטן-פּאַרטי איז דאָס אויך גרויס...

אמת, אַ טייל פון דעם געוואונענעם געלט גייט אַמאָל פאַר אַ בית-יתומים, און דעמאָלט שפּילן די ווייבער מיט גרויס אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן געראַטעוועט די וועלט.

פאַרן שפּילן קלינגט מען איינע די אַנדערע אויפן טעלעפאָן, מען רעשט זיך, מען קאָכט זיך, מען רעדט אַזאַ קאָרטן-שפּראַך, וואָס סעלמאַ׳ן איז שווער צו פאַרשטיין. די גאַנצע פירונג זייערע איז סעלמאַ׳ן געווען זייער פרעמד. ביסלעכווייז האָט זי זיך אָבער מיט זיי איינגעלעבט און זיך אפילו אויך אויסגעלערנט שפּילן „פּאָוקער"...

דאָס, אָבער, וואָס מען גיט איר אַלעמאָל אַ שטאָך מיט דער מאַמען „די פּרינצעסין", דאָס פאַדריסט איר זייער, און זי האָט באַשלאָסן, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, מיט זיי זיך אויסצוגלייכן...

די אינגסטע טאָכטער, בעטי, איז מער ענלעך צו דער מאַמען, סיי אין אויסזען און סיי אין איר האַלטונג. זי האָט בלויע אויגן, אַ בלייך פּנים, און אַ שלאַנקע פיגור. זי גייט אַרום אַ פאַרבענקטע נאָך איר מאַן, דעם סאָלדאַט, לייענט פאַר דער מאַמען זיינע הייסע בריוו און טוליעט זיך דווקא צום טאַטן...

ער, דער טאַטע, נעמט זי אויפן שויס, ווי אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידעלע, און טראַכט:

„ווי לאַנג צוריק איז דאָס געווען?"

דאָס גאַנצע מיידל איז ערשט 18 יאָר, האָט עס געכאַפּט און חתונה געהאַט, איידער ער איז אַוועק אויף יענער זייט ים. און איצט דרייט זי זיך אַרום אַ פאַרבענקטע, אַ פאַרטראַכטע.

איצט, ווען זי זעט אויס אַזוי פאַרבענקט, דערמאָנט זי אים אין עליזאַבעט׳ן, אָדער ליזען, — ווי ער האָט זי דאַן גערופן. דעמאָלט, ווען ער האָט זיך מיט איר באַקאַנט, האָט זי אויך אַזוי אויסגעזען.

אַ קאָפּ ברוינע האָר האָט זיך ביי איר געכוואַליעט ביז צו די אַקסל. אירע אויגן האָבן זיך געמיניעט אַנטקעגן דער זון, — אַמאָל זיינען זיי געווען בלוי און אַמאָל גרין. אין אָוונט האָבן זיי זיך גאָר באַהאַלטן אין די לאַנגע וויעס און געגעבן דעם איינדרוק פון ציגיינע-רישער ליידנשאַפטלעכקייט.

זי האָט זיך שטענדיק געקליידט פּרוויאיש־צאַרט. ספּעציעל האָט ער זי ליב געהאַט אין די ווייסע, דורכזיכטיקע בלוזקעס, מיטן שוואַרצן שלייפעלע ביים האַלז און מיט דעם שוואַרץ־סאַמעטענעם פּאַסיק, וואָס האָט איינגעצויגן איר דינע טאַליע און אונטערגעשטראָכן די שיינע גלייכע ליניעס פון איר קערפּער.

ער ווייסט, הערי, אַז דעמאָלט האָט ליזע נאָך עמעצן געבענקט, זי אַליין האָט דאָס פאַר אים קיין סוד ניט געהאַלטן. אָבער גראָד די פאַרהוילנגערטע בענקשאַפט, וואָס האָט דאַן אַרויסגעקוקט פון אירע אויגן, האָט עס פאַרטשעפּעט זיין האַרץ. ער האָט געטראַכט: „מיט אַזאַ מיידל לוינט זיך צו ריזיקירן. אָט, זי וועט זיך איבערבענקען און פאַרגעסן...״

און מיט דער טאָכטער, מיט ביטרים׳ן, וואָלט אויך אַזוי געווען. איז נאָך די מאַמע געגאַנגען מיט איר, און אָן זיין וויסן זי חתונה געמאַכט. איצט דרייט זי זיך אַרום ווי אַ שאָטן און קוקט אַרויס די אויגן נאָך אַ בריוול.

איז דאָך טאַקע סעלמאַ געגערעכט, פאַר בעטי׳ן האָט ער קיין חתונה ניט געפּראַוועט. פאַר סעלמאַ׳ן האָט ער זיך בכלל אַזאַ לוקסוס ניט געקענט פאַרגינען. ער איז דעמאָלט פּשוט ניט געווען אימשטאַנד...

איצט, אָבער, אַז ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאַר, אַרבעט אין שאַפּ איז דאָ גענוג, און זיין משפחה האַלט דאָך אַלע יאָרן אין איין בורטשען אויף אים, אויף ליזע׳ן, אַז ביי זיי דאַרף זיין אַנדערש ווי ביי לייטן, — דאַרף מען טאַקע עפּעס טאָן. די משפחה קאָן נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן, וואָס ליזע האָט צו דער חתונה ניט געוואָלט טראָגן קיין ווייס חופה־קלייד, נאָר אַ בלויע טולינע... און דאָס וואָס איר מומע האָט ביי דעם זיסן טיש ניט געהאַט קיין האָניק־לעקעך. וואַרפט מען אים אויך אויף אַלע יאָרן... אויב אַזוי, וועט ער זיי טאַקע איצט באַווייזן, אַז עס וועט זיין אַ זילבערנע חתונה מיט אַלע פּיטשעווקעס, און פאַרטיק...

אָבער דאָס, וואָס ליזע איז אַזוי איינגעשפּאַרט און וויל ניט, האָט אים שוין גענומען פאַרדריסן. עס גייט איר פּשוט אין לעבן, פּונקט ווי ער וואָלט איר ערשט איצט צום ערשטן מאָל, געדאַרפט איינרעדן, זי זאָל מיט אים חתונה האָבן.

איר, עליזאַבעט׳ן, שרעקט אַזוי דער גאַנצער ענין „זילבערנע חתונה״. ביי איר איז דאָס פּונקט ווי אַנצוהויבן פון אָנפאַנג. זי הויבט זיך אָן דערמאָנען דאָס גאַנצע לעבן אירס, פון יענעם אָוונט אָן, ווען זי האָט זיך באַקענט מיט הערי׳ן...

ביי אַ לעקציע אין אַרבעטער-קלוב איז דאָס געווען. דער קלוב-צימער איז געווען שיטערלעך. די באַזעצטע בענקלעך האָבן גע־סקריפּעט פון די אומרואיקע זיצער... קיין איין פּנים, וואָס זאָל זי פאַראינטערעסירן. זי אַליין איז געזעסן און פון צייט צו צייט פאַר-שטעלט אַ גענעץ מיט דער האַנט...

די טעמע איז דעמאָלט געווען: „מענדעלע מוכר ספרים״, — אַן אינטערעסאַנטע טעמע, אָבער דער לעקטאָר האָט זי זייער צעצויגן מיט זיין מאָנאָטאָנעם אויסדרוק...

דערפאַר, אָבער, געדענקט ליזע, איז די דיסקוסיע, נאָך דער לעקציע, געווען אַ לעבעדיקע. באַלד ווי דער רעדנער האָט געענדיקט, האָט אין אירע אויערן אַ קלונג געטאָן אַ ·קרעפטיקע שטימע פון ערגעץ אין זאַל, און ביי איר אין האַרצן האָט זיך עפּעס ווי אָפּגעריסן...

זי האָט אַ לאָז געטאָן אירע אויגן איבער דעם קלוב-צימער און זיי אָפּגעשטעלט אויף אַ נידעריג-געוואַקסינגן בחור מיט טיפע שלייפן-ווינקלען. זי האָט געקוקט אויף אים מיט איבערראַשונג, גע־זוכט אין אים דעם העלד פון דער שטימע, אָבער ניט געפונען... די שטימע און ער זיינען געווען ווי צוויי באַזונדערע זאַכן...

האָט זי אָן אַנטוישטע אַראָפּגעלאָזט די אויגן. אָבער אירע אויערן האָבן ווידער געהערט די טיפע ברוסטיגע שטימע, וועלכע האָט גערעדט וועגן מענדעלי׳ס „קליאַטשע״...

דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט. דער רעדנער האָט אים געענטפערט און אים אפילו געגעבן אַ קאָמפּלימענט פאַר זיין אויס-טייטשונג.

ליזע׳ס האַרץ האָט זיך געוואָרפן פון אויפרעגונג. אַ וואַרעמער שטראָם איז אַריבער איבערן גאַנצן לייב. אירע אויגן האָבן מיט אומרואיקער צערייצטקייט זיך שטומערהייט געבעטן ביי דעם קליין-געוואַקסינגן בחור, ער זאָל ריידן, נאָך ריידן... זיין שטימע — עפּעס אַזאַ ענלעכקייט, — פּונקט ווי איציק וואָלט עס גערעדט. איר איציק

איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער דיכטער אין רוסלאַנד, און זי האָט מען פאַרשיקט אַהער...

— עס איז ניט קיין תּכלית זיך צו דרייען מיט שרייבערלעך"!

— האָט דער טאַטע דעמאָלט געזאָגט.

— איך האָף אַז זי וועט אים שנעל פאַרגעסן — האָט די מאַמע צוגעגעבן מיט אַ זיפץ.

עס איז שוין זעקס יאָר אין דעם, דאָס האַרץ נאָגט און ציט און זי געפינט נאָך אַלץ ניט קיין טרייסט און קיין רו.

דער בחור רעדט אַזוי ווי ער, מסתמא איז ער אויך אַ ליטעראַט. איציק איז געווען אַ הויכער, מיט ברוינע, וואַרעמע אויגן און אַזעלכע קודלאַטע האָר, — אַ גאַנצער וואַלד מיט האָר... ער האָט איר געהאַט געווידמעט אַ ליד צו איר געבורטסטאָג... איז ווי גייט דאָס ליד?... ווי אַלט איז זי דאַן געווען? — אַכצן יאָר!... און איצט איז זי שוין... די מומע האָט אַלץ געהאַלטן אין זאָגן, אַז „אין אַמעריקע איז אַ מיידל פון 25 יאָר שוין באַלד אַן אַלטע מויד"...

אָט די אַלע געדאַנקען, דעמאָלט, האָבן זי דערנענטערט און דערפירט צו הערי'ן...

די ערשטע צייט פלעגט זי האַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, בעת הערי האָט גערעדט צו איר. הערי פלעגט מיט זיין האַנט אויפהייבן איר חנ'עוודיקע גאָמבע און זי געבעטן קוקן אים גלייך אין די אויגן.

האָט זי גענומען קוקן און וועבן איציק'ס געשטאַלט אויף הערי'ס מאָגערן פּנים און לענגלעכער נאָז. זיין רײדן, זיין שטימע האָט אים איינגעוועבט אין אירע פריסטע יוגנט־חלומות, און אַזוי געצויגן דעם פאָדעם ביז צו דער חתונה.

נאָך דער חתונה האָט הערי זייער ווייניג גערעדט. ער פלעגט קומען פון דער אַרבעט אַ מידער, אָפּעסן וועטשערע, זיך צולייגן אַזוי אויף אַ ווײלע און אַזוי שוין אָפּשלאָפן דעם גאַנצן אָוונט...

מיט קיין ליטעראַרישע ענינים האָט זיך הערי שוין מער ניט אָפּגעגעבן. פון מענדעלי'ס „קליאַטשע" אַן האָט ער מען שוין גאָר־ניט געלייענט...

ליזע האָט זיך געפילט איינזאַם. האָט זי איר פרייע צייט אויסגע־נוצט אויף צום לייענען. זי האָט איר לעבן אויסגע'חלומ'ט אין די ביכער. שטענדיג איז זי געווען די אומגליקלעכע העלדין פון אַ נייעם

ראָמאַן און אַזוי אַרום אויסגעוויטאָקט די לײַדן פֿון אירע העלדן צוזאַמען מיט איר אייגענעם פּײַן.

דערנאָך איז געקומען דאָס ערשטע קינד — אַ מיידעלע. ליזע האָט געפֿונען אַסך טרייסט אין דעם ניי־געבוירענעם נפֿש'ל. זי איז פּשוט פֿאַרזונקען געוואָרן אין איר מאַמעשקייט און האָט איר ניט־אויסגעלעבטע בענקשאַפֿט אַריינגעוועבט אין דער דערציִאונג פֿון איר קינד.

דאָס לייענען ביכער איז ביי איר דעריבער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זי איז כּסדר געווען פֿאַרנומען מיטן הויז און מיטן קינד...

שפּעטער האָט זי געגומען טראַכטן וועגן אַ זון:

„אָ, — האָט זי זיך געזאָגט, — „ווען זי האָט אַ אינגעלע וואָס זאָל זיין אַזוי הויך ווי זי, און האָבן הערי'ס שטימע, — וואָלט ער געווען אינגאַנצן ווי איציק. און אפשר וועט זי אים טאַקע אַ נאָמען געבן איציק?... אויב הערי וועט פֿרעגן, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ נאָמען, — וועט זי שוין אויסזוכן עפּעס אַ תּירוץ. דער עיקר, אָבער, זי וועט האָבן אַן אייגענעם איציק.

הערי איז געווען אין זיבעטן הימל, ווען ליזע האָט גערעדט וועגן אַ זון. ער האָט געפֿילט, אַז ענדלעך האָט ער די פֿאַרחלומטע ליזע אינגאַנצן איבערגעוואונען אויף זיין זייט; אַז זי האָט איר גאַנצע ראָמאַנטישקייט שוין לאַנג ערגעץ פֿאַרוואָרפֿן.

ליזע האָט געהאַט אַ צווייטע טאָכטער. דאַן איז אין הערי'ן פֿאָרגעקומען אַ מאָדנע ענדערונג. זיין פֿריערדיגע באַהאַלטענע אייפֿער־זוכט האָט אים אינגאַנצן באַפֿרייט. ער איז געוואָרן שטאַרק זיכער מיט ליזען און אויך געקראָגן אַ שטאַרקן גלויבן אין זיך אַליין...

ווי אַ געקריוודעט קינד האָט ער זיך אַליין געפּעסטשעט און דערוואָרבן אַ מאָדנעם רחמנות־געפֿיל צו זיך. ער האָט זיך איינגע־רעדט, אַז ער האָט אַזעלכע מעלות, וואָס קיין אַנדער מאַן האָט ניט, נאָר בלויז זי, ליזע, שאַצט עס ניט אָפּ, און האָט אים קיינמאָל ניט אָפּגעשאַצט.

זיין ניי־דערוואָרבענער קאָמפּלעקס האָט געפֿירט צו דעם, אַז ער פֿלעגט ליזע'ן אָפֿט באַליידיגן, דערנידעריגן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ווען ליזע'ס קאָפּ איז געבויגן, שטייגט ער מיט אַ קאָפּ העכער.

ליזע׳ס לעבן איז שווערער געוואָרן. עס איז אויף איר געפאַלן שווער דער יאָך פון דער אַרומיגער שטוביגער רוטין און פון דערציען די קינדער. פּרנסה איז געווען קאַרגלעך, פלעגט זי נאָך דאַרפן נייען און איבערנייען. קיין צייט פאַר זיך, אויף צו לייענען אַ בוך, אָדער אַ צייטונג, איז איר שוין ניט געבליבן...

שפּעט אין אָוונט, ווען זי איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער גאַנצער הויז־אַרבעט, פלעגט זי זיך אַוועקזעצן אָפּרוען מיט דער צייטונג אין האַנט. אָבער איידער זי האָט נאָך באַוויזן איבערצולייענען די „קעפּ" פון די נייעס, פלעגט זי אַ מידע איינדרעמלען.

הערי פלעגט דאַן צוגיין צו איר, אַרויסנעמען די צייטונג פון אירע פאַרשלאָפענע הענט און זאָגן:

— אידענע, גיי שלאָפן! אַז עס וועט זיין וויכטיקע נייעס וועל איך דיר שוין אָנזאָגן!...

ליזע׳ן פלעגט אַזאַ ריידן אָנצינדן ווי אַ פייער, אָבער געקריגט האָט זי זיך ניט. זי פלעגט דאַן זיך בלויז לייגן מיט דער פּלייצע צו אים און וויינען שטילערהייט...

אין די ערשטע יאָרן, אַז ליזע פלעגט זיך אָנברוגז׳ן און וויינען, פלעגט ער זי קושן און איבערבעטן. שפּעטער פלעגט זי שוין אָפּ־וויינען אַ גאַנצע נאַכט, און יענער — ווי ניט אים מיינט מען עס.

ער פלעג טראַכטן ביי זיך: „היינט שרעק איך זיך ווייניג פאַר דיין וויינען. וועסט שוין צו דער טאַנטע ניט אַנטלויפן. וועסט זיך אויסוויינען, און מאָרגן אָפּקאָכן נאָך אַ בעסערע וועטשערע..."

אַזוי איז די צייט געלאָפן און אויסגעבויט אַ שטאַרקע וואַנט צווישן זיי. אפילו אין בעט האָט די צייט אויסגעאַרבעט אַזאַ מחיצה. דער מאַטראַץ האָט זיך צעטיילט ווי מיט אַ בערגל אין מיטן, ביי ביידע זייטן — צוויי גריבער...

הערי׳ס באַציאונג האָט געדריקט אויף איר געמיט און אָפּגע־שטעמפּעלט גרויע שלייפן־ווינקלען אויף אירע ברוינע האָר. אין אירע אויגן איז געווען איין שטיק פאַרבאָרגענער צער. אין איר מוח האָט געבליצט די גרויקייט פון איר לעבן אין פאַרשיידענע בילדער.

אַמאָל: זיין אומגעלומפּערטע ליידנשאַפט. בעת זי האָט זיך גענויטיגט אין צערטלעכקייט און פאַרשטענדיגונג. שפּעטער: זיין

קאַלטע פּאַסיווקייט בעת זי האָט אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע, זיך געוואָלט צוטוליען צו אים.

אָט דערפאַר האָט זי איצט, ווען מען האָט גענומען רעדן וועגן אַ „זילבערנער חתונה״, ווי ניט מיט איר קול אויסגעשריען דעם שאַרפן „ניין!״ איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי דאַרף איצט אָנהויבן איבערצולעבן דאָס לעבן פון אָנפאַנג.

אָבער, גיי גיב דאָס קינדער צו דערקלערן. האָט זי אויף אַנדערע אופנים געקעמפט, גערעדט, און זיי געוואָלט איבערצייגן, אַז מען דאַרף עס ניט...

און ווי אַלעמאָל האָט זי אויך דאָס מאָל פאַרלאָרן...

ווי פּלוצלונג האָט זי זיך געפונען ביים שפּיגל אין דער ווייסער בראָקאַטענער קלייד מיט דער לאַנגער שלעפּע. די זילבערנע פּעדים האָבן ווי דראָטן געשטאָכן איר לייב. דער קאָרסעט, שטאַרק איינגע-צויגן, האָט איר שווער געמאַכט צו כאַפּן דעם אָטעם. די זילבערנע שיך, מיט די הויכע אָפּצאַסן, האָבן געברענט אין די פיס. די געמאַכטע לאָקן זיינען געהאַנגען ווי פרעמדע, פאַרשפּעטיגטע.

בלויז די בלוי-פאַר׳צער׳טע אויגן זיינען געווען פאַרצויגן מיט פריילעכקייט — אַ געמאַכטער פריילעכקייט.

ביידע טעכטער האָבן זיך געפּאָרעט אַרום איר. נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איר צוגעקעמט די האָר, באַשפּריצט מיט פּאַרפיום, און זי באַזונגען:

— ביסט אַזוי וואונדערלעך שיין! — האָט די אינגערע טאָכטער אויסגעשריען מיט עקסטאַז.

— די מאַמע זעט אויס פראַכטפול פאַר אירע יאָרן! — האָט די עלטערע טאָכטער צוגעגעבן.

ליזע האָט געזוכט אין שפּיגל די כלה, וואָס זי האָט געקענט, — די כלה אין דעם בלויען טוליענעם קלייד. עס איז אָבער ניט געבליבן קיין זכר פון יענעם מיידל, פאַרשוואונדן. אין שפּיגל האָט זי נאָר געזען אַ הויכע דיקלעכע פרוי, וואָס האָט אַרויסבאַגלייט איר יוגנט...

זי האָט זיך אָוועקגעדרייט פונעם שפּיגל און דערזען איר מאַן לעבן איר. זי, אין דעם לאַנגן, ווייסן קלייד, האָט טאַקע אויסגעזען

גראַנדיעז. ער — קענן איר — האָט אויסגעזען נאָך קלענער ווי געוויינטליך און אינגאַנצן אַ פאַרלוירענער.

ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן אָנצוג מיט אַ ווייסער בלום אין לאַץ. זיין קורצער האַלז איז געווען ווי איינגעוואַקסן אין דעם ווייסן שטייפן קאָלנער. זיינע אויגן זיינען געווען פאַרגאָסן מיט די לחיים׳ס, וואָס ער האָט שוין געהאַט באַצייטנס געמאַכט מיט זיינע פריינט.

ער האָט מיט די פאַרשיכורטע אויגן אָפּגעמאָסטן די שיין־פאַרפּוצטע דאַמע, וועלכע איז 25 יאָר געווען זיין ווייב, און זי אַ פרעג געטאָן :

— ווי געפעלט דיר עפּעס דיין חתן, האַ ?...

זי האָט זיך אומבאַקוועם געפילט (געזען) דרייען, ניט געקאָנט אים זאָגן, אַז איר חתן האָט זיך צופיל געענדערט, און אנשטאָט דעם, אים פאָרגעוואָרפן :

— האָסט שוין, דאַכט זיך, אַביסל אַריבערגעכאַפּט די מאָס מיטן טרינקען !... קוק בעסער מיך אָן. ווי געפעל איך דיר ?...

ער האָט זייטיק אַ קוק געטאָן אויף איר און זיך געקליגט :

— וועדליק פאַר אַ באָבע — ביסטו נאָך שיין גענוג. אָבער פאַר אַ כלה ?...

ליזע האָט דעם לעצטן קאָמפּלימענט פון איר מאַן אַראָפּגע־שלונגען ווי אַ הייסע קויל. זי האָט גענומען דעם בוקעט מיט די ווייסע בלומען, זיי צוגעטוליעט צום הארצן ווי איר פאַרגאַנגענע יוגנט, גענומען איר מאַן אונטערן אָרעם און איז אַריין מיט אים אין זאַל.

דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט וואַגנער׳ס חתונה-מאַרש. די געסט האָבן מיט לויכטנדיגע בליקן זיי באַגריסט פון אַלע זייטן :
— מזל טוב !... מזל טוב !...

פון ליזע׳ס אויגן האָבן צוויי טרערן אַריינגערונען גלייך אין די ווייסע בלומען...

# דאָס גרויסע הויז

פּערל האָט נאָכאַמאָל אַ מיש געטאָן מיטן פּענזל אויף דער פּאַליטרע, געגעבן נאָך אַ שמיר אויפן לייוונט, אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט און צו זיך אַליין געזאָגט:

„יאָ, אַזוי וועט זיין בעסער! דאָס גרויע גיט־צו מער צו דער בין־השמשות׳דיגער בענקשאַפט. און דעם שכנ׳ס קו שטעקט אַריין דעם קאָפּ אַזוי לעבעדיג, ווי זי וואָלט געהערט איר פאַרנאַכטיגן אומעטיגן מעקען... און דאָס שטיבעלע? — מ י י ן שטיבעלע, — האָט זי צו זיך אַליין אַרויסגערעדט מיט באַגייסטערונג, — נאָך אַביסל מער שאַטירונג פון רויט, וועט צוגעבן מער קאָליר. עס וועט בלייבן די פאַרפּלאָנטקייט פון דער נאַר־וואָס פאַרגאַנגענער זון״...

פּערל איז געווען צופרידן מיט איר נייעם בילד. ספּעציעל איז איר ליב געווען דאָס שטיבל, — דאָס אָרט וואו ס׳איז געשטאַנען איר וויגל. דאָ האָבן געוואוינט איר טאַטע־מאַמע, איר ברודערל. אָט, דאַכט זיך, וועט זיך באַלד די טיר עפענען און די מאַמע וועט רופן: — „פּערל, פּערל!...

זכרונות, אָן אַ שיעור, וואַקסן אויף אין איר מוח. דאָס גאַנצע געסל, — די שניידערשע גאַס, האָבן די אידן אין שטעטל דאָס גערופן, כאָטש די גאַנצע גאַס האָט פאַרמאָגט בלויז איין שניידער, איר טאַטן... די שטיבלעך האָבן אויסגעזען ווי פּויערשע כאַלופּעס, אַ פּאָר אפילו מיט שטרויענע דעכער. דאָרטן, צווישן די אַלע שטיבלעך אַרויפצו, איז געשטאַנען דאָס ווייסע שטיבל מיט׳ן רויטן גאַניק, און דאָרטן האָבן זיי געוואוינט, דער טאַטע אירער, בערל „דאַלאָי״, דער שניידער...

פּערל קוקט אויף דעם נאָרוואָס געענדיגטן בילד. זי לאַכט מיט אַ מאָדנעם פריידיגן געלעכטער, און באַשליסט, אַז זי וועט דאָס טאַקע אַ נאָמען געבן: „דאָס הויז פון בערל דאַלאָי״... זי וועט דאָס טאָן בכיוון, כדי צו באַווייזן אַז זי שעמט זיך שוין גאָר ניט מיט איר טאַטן, אפילו ניט מיט זיין צונאָמען, און אַוודאי ניט, מיט דער שניידערשער גאַס...

אין היימישן שטעטל אַלס קינד, איז איר אָט דער נאָמען, דעם

אמת געזאָגט, געווען ווי אַ ביין אין האַלז. עס איז געווען געגנוג ווען עמיצער האָט געזאָגט: „דעם דאַלאַיס טאָכטער", אַז זי זאָל זיך ערגערן דעם גאַנצן טאָג.

די מאַמע אירע האָט איר אַמאָל געהאַט דערציילט, אַז דעם נאָמען „דאַלאַי", האָט דער טאַטע געקראָגן נאָך בחור־ווייז, בעת ער האָט געהאַלטן אַ רעדע פאַר די שניידער־געזעלן. און כאָטש ער האָט דאָס וואָרט קיינמאָל ניט דערמאָנט, האָט אין יענע יאָרן אַ רעדע געשמעקט מיט „דאַלאַי", „סאַמעדערזשאַוויע", און בערל איז אַזוי ארום געבליבן ביי דעם נאָמען...

פּערל שמייכלט צו זיך אַליין:

„ווי נאַריש דאָס איז געווען, דאָס קליינע שטעטל מיט זיינע צונעמען. אפילו די מאַמע האָט מען אויך גערופן די „דאַלאַיעכטע"...

אַ סך מענטשן וויקלען זיך איצט אויס פון איר זכרון און, צווישן זיי, אויך איר אַמאָליקע חבר'טע מאַניע.

מאַניע, דאָס גביר'עשע טעכטערל פונעם גרויסן הויז אויפן מאַרק. דאָס גרויסע הויז האָט איר שטענדיק געצויבערט. עס האָט איר גע'כישופ'ט דאָס אויבערשטיבל מיטן באַלקאָן, עפּעס איז דאָס געווען ווי אויסגעשיילט פון אַ מעשה ביכל. שטענדיג האָט זי זיך פאָרגע־שטעלט פאַרשידענע זאַכן וועגן דעם הויז, ווי עס זעט אויס פון אינעווייניג און וואָס זיי עסן דאָרטן:

„זיי מוזן אודאי שלאָפן אין ניקעלנע בעטן מיט זילבערנע גאַלקעס... זיי עסן אודאי יעדן טאָג מאַראַנצן, פלאָדן און אַנדערע מאַרצעפּאַנעס..."

איר חברטע מאַניע האָט זי קיינמאָל ניט איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אריין.

אין שול זיינען זיי געווען גוטע חבר'טעס. צווישן איין קלאַס און דעם צווייטן פלעגן זיי שפּאַצירן אונטער די הענט; לאַכן הויך, מיידליש, גלעקלדיג...

נאָר ביים אַהיימגיין, ביי דעם ראָג פון דער נייער גאַס, פלעגט זיך אַרויפציען אַ מאָדנער שאָטן אויף ביידנס פּנים'ער... מען פלעגט זיך שטומערהייט אָנקוקן, קיין איינע פון זיי האָט ניט געוואַגט איינ־לאַדן דער צווייטער צו זיך אַהיים. פּערל, מיט די פאַרפלאָמטע באַקן, פלעגט די ערשטע זאָגן: „אַ גוטן טאָג" און אויף שנעל זיך פאַר־

קירעווען אין דעם שניידער-געסל. מאַניע פֿלעגט זיך לאָזן גיין צום גרויסן הויז אויפֿן מאַרק. די גאַסן האָבן זיי ביידן צעטיילט...

פּערל איז אַזוי פֿאַרטאָן געווען אין אָט די אַמאָליקע שטעטלדיקע זכרונות, אַז זי האָט אפֿילו ניט געהערט ווי איר מאַן איז אַריין פֿון דער אַרבעט.

זי האָט זיך זייער דערפֿרייט מיט אים. ענדלעך וועט זי קענען טיילן די פֿרייד מיט עמיצן.

שנעל, שטיפֿעריש, האָט זי אַ נעם אַרונטער געטאָן זיין הוט, דעם שאַליק, אים געהאָלפֿן אויסטאָן דעם מאַנטל, און אים אַריינגעפֿירט אין צימער:

— נו, וואָס זאָגסטו, פֿיליפּ? — האָט זי מיט דער האַנט אַ מאַך געטאָן, — אָט איז דאָס. איך האָב עס שוין געענדיגט...

פֿיליפּ איז צוגעגאַנגען נעענטער צום בילד, באַלד אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט און געזאָגט:

— יאָ, זייער פֿיין, זייער פֿיין!... און גלייך צוגעגעבן:

— ווייסט, פּערל, ווען איך האָב אַ בילד פֿון הויז וואו איך בין געבוירן געוואָרן, אָדער ווען איך קאָן עס דיר געניי איבערגעבן פֿון זכרון, און דו זאָלסט עס אויפֿמאָלן, וואָלט דאָס ביי מיר די ווערט געווען אַ מיליאָן...

— אַזוי, אַ גאַנצער מיליאָן? — האָט זי געלאַכט, — אויב אַזוי, וואָלט איך דאָך געקאָנט מאַכן מיליאָנען?

— וואָס טויג דיר מיליאָנען, פּערל, און וואָס וואָלסטו געטאָן מיט דעם?

— וואָס איך וואָלט געטאָן? איך וואָלט אויפֿגעבויט עטלעכע שטיבלעך, און ניט אויפֿ'ן לייוונט, נאָר טאַקע אין לעבן, מאַלע וואָס מען קען אַלץ טאָן מיט מיליאָנען. איך וואָלט אפֿילו געקאָנט אויפֿבויען דאָס גאַנצע חרוב'ע שטעטל...

פּערל פֿאַרטראַכט זיך און זאָגט מיטאַמאָל:

— שאַ, אפֿשר וואָלט טאַקע געווען אַ געדאַנק דאָס פֿאָרצושלאָגן פֿאַר מיין לאַנדסמאַנשאַפֿט?...

— וואָס פֿאָרשלאָגן? — פֿרעגט פֿיליפּ איבער.

— איך מיין, אַז ווי באַלד עס איז מ י ר אַזוי ליב דאָס שטיבל אויפֿ'ן בילד, און ביי דיר וואָלט דאָס ווערט געווען אַ גאַנצער

מיליאָן, איז אפשר וועלן אויך אַנדערע פּילן אַזוי וועגן דעם אָרט פון זייער געבורט? איך וואָלט זיי געמאָלן פון זכרון, אָדער לויט אַ בילד, און דאָס געלט זאָל טאַקע גיין אויף אויפצובויען דאָס שטעטל. איך בין זיכער, אַז עס וועלן זיך געפינען עטלעכע, וואָס וועלן זיך אָנכאַפּן אין אַזאַ געדאַנק... ווי רעכנסטו?...

פיליפּ קוקט אויף זיין ווייב און שמייכלט:

— הייסט עס, אַז דו האָסט זיך פאַרנומען אַליין אויפצובויען דאָס שטעטל?

— ניט דאָס גאַנצע שטעטל. אָבער כאָטש מיין חלק... אפשר וועט מען מיט׳ן געלט פאַר די בילדער קאָנען אויפבויען אַ קינדער־שול אָדער אַ ביבליאָטעק...

נאָך אין דער זעלבער וואָך איז פּערל געגאַנגען צום מיטינג פון איר לאַנדסמאַנשאַפט, מיטנעמענדיג איר בילד און איר פּלאַן.

נאָך איידער דער מיטינג האָט זיך געעפנט, האָט שוין פּערל דערפילט אַ פּאָר אויגן אויף זיך. אַ פּאָר קליינע שמייכלענדיגע אויגן איינגעפאַסט אין אַ היבשלעך אויפגעגאַנגענעם פּנים. פּערל האָט אַריינגעקוקט אין די עפּעס זייער באַקאַנטע אויגן און מאַניעס נאָמען איז איר געבליבן ליגן אויף די ליפּן. זי האָט בלויז אויסגעשטרעקט אירע הענט צו איר.

מאַניע, אָבער, האָט אויפן קול אויסגעשריען:

— פּערל.

נאָכ׳ן האַלזן און קושן זיך, האָבן זיי גענומען באַטראַכטן איינע די אַנדערע:

— אוי, פּערעלע, ווי יונג דו זעסט אויס, — האָט מאַניע אויס־גערופן מיט באַגייסטערונג, — אַ פיגורקע ווי ביי אַ יונג מיידל!

— און דיין מאַן, פּערעלע, האָסט עפּעס אַ וואויל מאַן? ביסט אין ביזנעס, צי פאַר יענעם?...

— און וויפיל קינדער, פּערעלע, וויפיל קינדער, זאָלן געזונט זיין?...

מאַניע האָט געהאָגלט מיט פראַגן, אָבער פּערל האָט איר קיין ענטפער ניט געוואָלט שולדיג בלייבן. זי האָט גענומען ענטפערן אין דעמזעלבן נוסח, אין דערזעלבער איינאָטעמדיקייט:

— מיין מאַן איז אַן אַרבעטער. קינדער האָב איך צוויי. מיין

טאַכטער איז אַ מאַלערין. מיין זון שפּילט פידל. ביידע קינדער האָבן געקראָגן אַ מאָדערנע אידישע דערציאונג, און איך אַליין מאָל אויך. שוין געהאַט אַ פּאָר אויסשטעלונגען...

מאַניע האָט אָפּנים אויך ניט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליג, האָט זי אויך גענומען דערציילן:

— נו, מיין מאַן איז אין די קלאָוק-ביזנעס. צווישן אונז גערעדט, ער קען שוין „ריטאַירן"... נאָר ווייסט דאָך, ס'איז פאַראַן קינדער, זאָלן געזונט זיין. אָט האָט מיך איצט אָפּגעקאָסט אַריבער צוויי טויזנט דאָלער פאַר אַ בר־מצוה. נו, האָסט שוין געמעגט הערן אַ „ספּיטש" וואָס מיין מיזיניק האָט געהאַלטן!...

— אויף אידיש? — האָט פּערל איבערגעשלאָגן.

— ניין, דוקא אויף ענגליש. וואָרום וואָס קומט דען אַרויס פונעם אידיש? אַמעריקאַנער קינדער קענען דען רעדן אידיש?...

— מיינע קינדער קענען! — האָט פּערל נאָכאַמאָל אַריינגע-שמוגלט אַ וואָרט.

מאַניע האָט פאַרגעזעצט:

— נו, ווייסט דאָך, מיר גיבן גענוג פאַר אידישקייט: ישיבה... יוראָפּ... ס'איז ווי אין אַ לעבערדיקן זאַק אריין...

— אַ דאגה דיר, — מאַכט פּערל, — אַבי ס'איז פאַראַן מיט וואָס צו העלפן.

דער פּאָרזיצער האָט דערווייל געעפנט דעם מיטינג. דער עולם האָט זיך איינגעשטילט. דער פאָרזיצער איז אָנגעגאַנגען מיט'ן טאָג-אָרדנונג ביז ער איז צוגעקומען צום פּונקט וועגן שאַפן געלט. ער האָט פאָרגעשטעלט פּערל'ען:

פּערל איז צוגעגאַנגען צו דער פּלאַטפאָרמע מיט דעם בילד פון איר שטיבל און עס אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום עולם. גלייך האָבן זיך אַ לאָז צו געטאָן לאַנדסלייט און זי אַרומגערינגלט:

— פּערל, געדענקסט מיך? — איז אַ איד צוגעגאַנגען מיט אַ ברייטן שמייכל, — איך בין דאָך מאיר, יעקב דעם קצב'ס זון. גע-דענקסט מיין טאַטנס שטוב, לעבן ברונעם, אויפ'ן בערגל?

— אודאי געדענק איך, — איז פּערל צופרידן, וואָס זי האָט זיך דערמאָנט.

— און דעם אָפּיצערסקן סאָד, מיט די בעז?... און דעם טייך?...

און אַט אַזוי מיט די רייד, האָבן די לאַנדסלייט אויפגעלעבט בײַ איר אַ סך פאַרגעסענע בילדער.

— נו, און מיין הויז? — איז מאַניע צוגעגאַנגען צו איר מיט שטאָלץ, — מיין הויז אויפ׳ן מאַרק געדענקסטו דאָך אודאי?... וועסטו מאָלן מיין הויז? אָבער מאַך עס גרוים, ווייל איך וויל עס אויפהענגען איבער דער סאָפע...

פּערל האָט אַלץ פאַרשריבן און איז אַהיימגעגאַנגען אַ גליקלעכע פון דער אידייע, וואָס איר איז איינגעפאַלן. ערשטנס, האָט זי געטראַכט, וועט זי אַזוי אַרום שאַפן געלט פאַר רעליף; צווייטנס, וועט זי זיין פאַרטראָטן אין אַזויפיל היימען. אין די קומענדיגע טעג איז איר מוח שיעור צעשפּאַרט געוואָרן פון די שטעטלדיגע בילדער. איינס האָט זיך אָנגעשלאָגן אין צווייטן:

„אָט איז אַ שטיבל מיט אַ גרויען דאַך. די ברעגן — באַוואָקסן מיט גרינעם מאָך... אַ רויטער ציגעלנער קוימען, פון וועלכן עס קייקלט זיך אַ שוואַרצער רויך”...

„און אָט איז אַ שטיבל, אַ קליינס, כמעט אין דער ערד באַגראָבן, באַשאָטן מיט שניי, און ליכטלעך אייז באַצירן די ברעגן פון דאַך... אָט איז אַ שטיבל לעבן ברונעם. דער ברונעם מיט׳ן הילצערנעם עמער — פאַרריסן אַרויף, וויגט זיך אין דער לופטן, פון נאָר־וואָס מענטשלעכן באַריר”.

„ און דער טייך — דער ברייטער טייך, וואָס האָט זיך, דאַכט זיך, געצויגן צו אַ גרעניצלאָזער ווייטקייט. באַזוימט איז דער טייך מיט גרינע קוסטעס, יונגע ווערבע בוימלעך, בלויע „פאַרגעס־מיך־ניט”־בלימעלעך, און קליינע געלע בלימעלעך וואַקסן אויך ביי די ברעגן פון טייך”...

„רייסט אַ מיידל די בלויע און געלע בלימעלעך, און אירע ליפּן באַוועגן זיך אויף שנעל:

— יאָ, ליבסט מיך? ליבסט מיך ניט?...

„דאָס מיידל וואַרפט אַראָפּ דאָס לעצטע בליט פונעם בלימעלע אַ פאַרשעמטע. אַן אַנטוישטע לויפט זי אַוועק מיט אירע שלאַנקע באָרוועסע פיס. און דאָס אינגל, ער שטייט אין דער זייט, און שניצט אַ פייפל פון יונגן ווערבע-האָלץ”.

פערל רייבט זיך די אויגן. זי ווערט פאַרבלענדט פון די פּאַנאָ־ראַמעס, פון די קאָלירן, וואָס זי זעט איצט אין איר פאַנטאַזיע...

און זי קומט אַרויף צוריק מיט אירע געדאַנקען צו איר אַמאָליגער חבר'טע מאַניע. דאָס גרויסע הויז אויפ'ן מאַרק האָט זי עפּעס אַ צי געטאָן, ווי אַמאָל, מיט דער בענקשאַפט פון קינדערשן נייגיר. זי האָט דעם פּלאַן פאַר דעם הויז שוין סקיצירט, און וועט פּרובירן אַביסל אַרבעטן אויף דעם...

זי האָט גענומען מישן מיטן פּענזעל אויף דער פּאַליטרע פאַרבן און אָנגעהויבן אָנלייגן קאָלירן אויף דעם לייוונט.

שעה'ן לויפן. ביסלעכווייז ווערן פענצטער רויטע איינגעפּאַסט אין ווייסע ווענט. דער דאַך איז זוניק. קוימענס — דריי, טירן — צוויי, און דער גאַניק קומט אַרויס אַזוי גרויס און רחבות'דיג. באַלד, באַלד איז דער בנין שוין פאַרטיג ביי איר. זי וועט נאָך דאַרפן אַרבעטן עטלעכע טעג אויף דעם בילד און זען דייטלעכער אַרויס־ברענגען די קאָלירן.

פערל האָט אָוועקגעלייגט דעם פּענזל, באַטראַכט דאָס בילד און גערעדט צו זיך אַליין:

— נו, וואָס איז דאָ דער אויפטו? אַ הויז... ס'איז דאָך ניט וויכטיג, צי איך האָב אַריינגענומען יעדן דעטאַל, צי עס פעלט עפּעס אַ קלייניגקייט. עס איז אָבער עפּעס ניטאָ די בענקשאַפט אין דעם בילד, בלויז אַ קאַלטע הויז...

מיטאַמאָל איז איר איינגעפאַלן:

„זי וועט גאָר אויסמאָלן אַ הון מיט הינדלעך לעבן הויז... זאָל די הון האָבן פאַרבלאָנדזשעט פון דעם שניידער געסל... דאָס וועט זיכער צוגעבן לעבן...

באַגייסטערט פון איר נייער אידייע, האָט זיך פערל ווידער אַוועקגעזעצט און נאָך פלייסיגער גענומען אַרבעטן אויפן בילד. אין עטלעכע טעג אַרום איז דאָס שוין געווען אינגאַנצן פאַרטיג...

דער טאָג, ווען פערל האָט דערוואַרט מאַניע'ן, איז געווען אַ מאָדנער, יום-טוב'דיגער, אָנגעפּילט מיט נייגיר און מיט אומרו...

„ווי אַזוי וועט מאַניע אויפנעמען דאָס בילד?" — האָט זי געטראַכט, — „וועט זי באַמערקן ווי דאָס ווייסע פאַרהאַנגל, האַלב אין דרויסן, איז אַזוי לעבעדיג, ווי אַ ווינט וואָלט דאָס באַוועגט?...

וועלן איר געפעלן די קאָלירן ?... זי, פערל, איז דאָך שטענדיק געלויבט געוואָרן פאַר איר פאַרבן-געמיש... און דער גאַניק ?... און די פאַר-בלאָנדזשעטע הון מיט די הינדעלעך ?... וועט דאָס מאַניען דער-נעענטערן צום שטעטל, צו זיך, צו דעם אָרט וואו זי איז געבוירן געוואָרן ?... וועט דאָס דערנעענטערן זי, פונעם גרויסן הויז, צו די מענטשן פונעם שניידער-געסל ?...

— מאַניע מיטן מאַן זיינען דאָ ! — האָט זיך מיטאַמאָל דער-הערט איר מאַנ׳ס שטים פון יענער זייט צימער.

פערל איז שנעל צוגעלאָפן צום שפּיגל, אויף דער גיך געמאַכט אַ פאַרזוך ווי ניט איז צו פאַרריכטן די האָר. גענומען אָפּשפּיגלען איר מאָלער-כאַלאַט, וואָס איז געווען באַשפּריצט מיט פאַרב, און בעת-מעשה געטראַכט :

„זיי זיינען געקומען נאָך פריער ווי איך האָב זיי דערוואַרט. אַ סימן, אַז זי איז נייגעריק...״

מאַניע מיט איר מאַן זיינען אַריין אין סטודיאָ-צימער :

— וואָס זשע מאַכסטו, פערל ? — האָט מאַניע, ווי אין געאייל, אַ פרעג געטאָן, — ווי גייט עס דיר ?

פערל האָט ניט געקאָנט גלייך ענטפערן. זי איז געווען איבער-געפאַלאָסן פון אָנגעשטרענגטער דערוואַרטונג.

— זעץ זיך, מאַניע, — האָט זי ענדלעך אַ זאָג געטאָן, און גלייך זיך אויך אַ ווענד געטאָן צו מאַניעס מאַן, — זיצט, איך בעט אייך !...

געטראַכט האָט זי דערביי :

„זאָלן זיי זיך נאָר אַוועקזעצן און קוקן אויף די אַלע בילדער אויף די ווענט אַרום. מאַניעס בליק וועט זיך שוין ערגעץ אָנשלאָגן. און אַז זי וועט שוין געפינען דאָס בילד און עס דערקענען, וועט זי אודאי אַ קוויטשע טאָן, אָדער פאַנאַנדערוויינען... ווער ווייסט ?...

מיטאַמאָל טוט מאַניע אַ זאָג :

— מיר זיינען געקומען ספּעציעל פריער. מיר האָבן טיקעטס צו אַ „שאָו״, קענען מיר סיי-ווי ניט זיצן לאַנג... איז וויפיל צימערן האָסטו דאָ, זאָגסטו ?... און וואו איז דיין „ליווינג-רום״?

פערל, — אַן איבערגעלאָדענע פון פרייד פון איר באַשאַף — האָט אומגעדולדיג אויסגעשריען :

— מאַניע, וואָס טויג דיר די אַלע פּראַגעס, גיב בעסער אַ קוק אויפֿן בילד...

— אַט דאָס איז עס? — איז מאַניע צוגעגאַנגען נענטער...

— יאָ, טאַקע ענלעך, כ׳לעבן... אָבער, זאָג מיר, פּערל, וואָס איז דאָס פּאַרא ווייסע שמאַטעס אויף די פֿענצטער?... דו ווייסט זייער גוט, אַז ביי אונז זיינען געווען גאַרדינען פֿון די פֿיינסטע קרוזשעוועס... און וואָס טוט דאָ די קוואָקע מיט די הינדעלעך?... מיר האָבן זיך קיינמאָל ניט געפּאַטשקעט מיט קיין הינער...

פּערל האָט געשוויגן. מאַניע האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו איר מאַן:

— ווי מיינסטו, אַז מיר זאָלן קריגן אַ „פּרעים״, וואָס זאָל „מעטשן״ מיט אונדזער סאָפע, וועלן מיר קאָנען נוצן דאָס בילד?...

מאַניע׳ס מאַן האָט אויך געוואָלט אַרויסווייזן זיין מבינות און אויסגעצויגן:

— כ׳מיין... די קאָלירן פּאַסן ניט צו־גוט צו די קאָלירן פֿונעם מעבל, אָבער מען וועט שוין זען וועגן דעם...

פּערל׳ס פּנים איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ צונטערקייט. אין אירע שוואַרצע אויגן האָט אַ גלי געטאָן אַ צו־להכעיס־פֿייערל. זי האָט געקוקט אויף מאַניע׳ן, זי האָט מיט איר בליק גענישטערט איר היימישע חברטע און גלייך דערקענט דאָס מיידל פֿונעם גבירישן הויז אויפֿ׳ן מאַרק. זי האָט דערשפּירט דעם עפּעס פֿון יענעם אַמאָליקן אָנשטעל, פֿון די גימנאַזיסטישע קנעפּ פֿון איר ברודער׳ס פּאָרמע, וואָס די גאַנצע משפּחה האָט זיך דעמאָלט גע׳יחוס׳ט. נאָר פֿון מענטשלעכס, פֿון נאָענטס, האָט זי אין איר גאָרנישט, גאָרנישט געפֿונען...

מאַניע׳ס קליינע בלויע אויגן אין דעם אויפֿגעלאָפּענעם פּנים האָבן עפּעס מאָדנע געשמייכלט, און געטאַנצט פֿון איין אָרט צום צווייטן. איר שווערער קערפּער האָט זיך שטאַרק אָנגעזעצן אין דעם העל בלויע קלייד. נאָר אין פּערל׳ס אויגן האָט זי אויסגעזען, ווי אַ הוילער באַרג אויף וועלכן עס וויל אפילו קיין גרעזל ניט וואַקסן...

מאַניע׳ס הענט, באַזעצט מיט דימענטענע רינגען, האָבן פּערל׳ן דענערווירט. דאָס פֿעטע צייג־פֿינגערל האָט געהאַלטן אין איין אָנ-

ווייזן אויף ערטער פונעם בילד — אַז „דאָס טויג ניט, און דאָ איז ניט אַזוי ווי זי געדענקט..."

פּערל האָט זייער געוואָלט פאַרהענגען דאָס בילד מיט אַ לייוונט, און אויסשרייען — „גענוג"!... אָבער דער קינדערשער דרך־ארץ פאַרן גרויסן הויז האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן באַוועלטיקט.

זי איז געשטאַנען און אויסגעהערט מאַניע'ס טענות און פאָדע־רונגען:

„זאָל זי אוועקנעמען די קוואָקע מיט די הינדלעך... זאָל זי נוצן מער בלוי און ווייניגער רויט, ווייל זייער סאָפע איז בלוי... און אַז זי וועט ענדיגן דאָס בילד, זאָל זי איר לאָזן וויסן... איצט וועט זי עס סיי ווי ניט אָפּנעמען, ווייל זי פאָרט גאָר קיין פלאָרידאַ אויף עטלעכע וואָכן. ערשט ווען זי וועט צוריקקומען..."

ווען מאַניע איז אַרויס, האָט פּערל פרייער אָפּגעאָטעמט... איר מאַן האָט זי אָנגעקוקט און שטיל געפרעגט:

— נו, וואָס טראַכסטו איצט צו טאָן מיטן בילד?...

פּערל האָט אים גלייך ניט געקאָנט ענטפערן. זי איז צוגע־גאַנגען נעענטער צום בילד, געקוקט דערויף און גענומען ריידן צו דער הון:

— כ'ווייס, הינדעלע, מען האָט דיך פאַרשעמט לעבן דעם גביר'ישן הויז, קיינמאָל קיין קערנדל ניט געגעבן, נאָר אַלעמאָל קיש־קיש, און קיש... איך וועל דיך ברענגען צוריק אין שניידער־געסל. דאָרט איז דיין היים, דאָרט איז אויך מיין היים...

אין פּערל'ס מוח האָבן זיך גענומען אויסשטעלן אַלע שטיבלעך פון דער שניידער גאַס:

צום ערשטן — איר אייגן שטיבעלע. דערנאָך — פּייוול דעם שוסטער'ס הויז מיטן צעבראָכענעם גאַניק... זאַוול מיט דער ציג. דוד קלעזמער מיטן פידעלע... און די פּאָר שטרויענע דעכער און די רויטע ציגל־קוימענס, און די פענצטערלעך מיט פאָרהאַנגען, און פענצטער מיט אויסגעקלאַפּטע שויבן, מיט טאָוול פאַרקלאַפּטע... און קוואָקעס מיט הינדלעך, און אַ קאַץ אויף דער פריזבע... באָרוועסע קינדערלעך... און פישל דער וואַסער־טרעגער מיט די צוויי עמער וואַסער אויף די קאָראָמיסלעס... אַלע, אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט פאַר פּערלע'ן און עפּעס ווי געבעטן זיך ביי איר.

זון אויף באַרג

פּערל האָט אָנגעקוקט איר מאַן וואָס איז געשטאַנען און געוואַרט אויף אַן ענטפער. זי האָט אַ זאָג געטאָן אין אַן אַנטשלאָסענעם טאָן:

— דאָ, אויפן אָרט פונעם גביר'ישן הויז, וועט שטיין דאָס גאַנצע שניידער-געסל, די הויפּט גאַס פון מיין וועלט!...

זי האָט אַ טונק איין געטאָן דעם פּענזל אין ווייסער פאַרב און אויף גיך גענומען פאַרשמירן דאָס גרויסע הויז...



# שעהערעזאַדע

שוין חדשים אַזוי, ווי מאָרגנע כמאַרנע וואָלקנס וואָלטן אַרומגענומען איר געמיט. אין האַרצן נאָגט אַזאַ אומעטיקע בענקשאַפט, און אירע אויגן זיינען אָנגעפילט מיט אַ גלאַנציקן טוי...

אַלץ איז געוואָרן אַנדערש אין אירע אויגן, אפילו די בלוט־רויטע רויזן אין איר גאָרטן זיינען בלייך געוואָרן, פאַרלאָרן דעם זין. דאָס גאַנצע לעבן אירס איז געבליבן פּוסט, ליידיק, און דאָס האַרץ איז געוואָרן אַזוי פול, אַזוי פול...

דאָך קאָן זי זיך אַליין ניט פאָרשטעלן, אַז עס איז אַזוי, און זי מאַכט זיך אַליין פאָרוואורפן: „ביסט סענטימענטאַל, ווי אַן אמת'ע פּראָווינציאַלקע; געפאַלן אַ קרבן פון שיינע פראַזן".

אָפּט גיט זי זיך אַליין פאַרשיידענע אַרגומענטן. זי ווייסט:

אָט האָט זי אַזאַ שיין הויז מיט אַזויפיל באַקוועמלעכקייטן. אַ גאָרטן מיט בלומען. דרך ארץ פון שכנים. און ביי די חברים ווייסט מען דאָך פּשוט ניט וואָס צו טאָן מיט איר.

זי לויפט צו דעם שפּיגל, הויבט אָן קאַמען אירע ברוינע גע־לאָקטע האָר, וואָס זיינען אַריבערגעוואַקסן די אַקסלען, כוואַליען זיך, און די ברעגן קייקלען זיך אַרויף. זי בלייבט שטיין מיטן קעמל אין האַנט: „זאָל איך זיי אָפּשערן?"...

„ניין, ניין" — זאָגט איר באַלד אונטער אַ באַהאַלטענער גע־דאַנק, — „ער האָט ליב לאַנגע האָר"...

זי וויל אים פאַרטרייבן פון געדאַנק, און הויבט זיך אַליין אָן צו שטודירן אין שפּיגל.

איר נאָז, דוכט זיך איר, איז צו לאַנג. ווען עס איז אַזוי, וואָלט שענער געווען, — דריקט זי מיט אַ פינגער די נאָז אויף אַרויף, — אָט אַזוי וואָלט געווען שענער...

דערנאָך פאַרשעמט זי זיך פאַר זיך אַליין, פאַר אירע נאַרישע ווייבערישע געדאַנקען, און הויבט אָן זינגען אַ ליד. מעלאָדיש קלינגט איצט דאָס ליד איבער אירע ליידיקע צימערן. — „פאַרוואָס קומט קיינמאָל ניט אַרויס דאָס ליד אַזוי גוט, ווען זי זינגט פאַר מענטשן?" — ווערט איר נאָכאַמאָל אַ פאַרדראָס אויף זיך אַליין, — „ער

האָט געזאָגט, אַז זי זינגט שיין...״

— אָ, איך וועל היינט צופאָרן זען די מאַמע... אפשר וועל איך איר מיט עפּעס קאָנען אַרויסהעלפן, — טוט זי זיך אַ זאָג, ווי זי וואָלט זיך אַזוי אַרום געוואָלט ראַטעווען פון עפּעס. — אָבער איידער זי גייט, וועט זי כאָטש נאָר איינמאָל ביי זיך אין געדאַנק איבערגיין אַלץ וואָס איז געשען.

זי ציט זיך אויס אויף דעם דיוואַן, מאַכט צו די אויגן, און מיט אַזאַ מאָדנע פיינלעכע ליידנשאַפט גייט זי דורך אַלץ, וואָס עס איז געשען אין יענע פיר וואָכן...

ער האָט בלויז געזאָגט: „פּאָלאַ״ און איז שטיל געבליבן. נאָר עפּעס אַזוי ווייך, אַזוי צאַרט, האָט ער אַרויסגערעדט איר נאָמען, און אין אַ ווײַלע שפּעטער שוין אַביסעלע דרייסטער צוגעגעבן: — „פּאָלאַ, אפשר וואָלט איר היינט אָוונט וועלן גיין צום קאָנצערט? כ׳מיין... טאַקע מיר אַליין?... אין צוויי טעג אַרום פאָר איך שוין אַוועק פון דאַנען״...

די לעצטע ווערטער זיינען געפאַלן ווי אַ שווערע משא אויף איר געמיט. איר גאַנצער קערפּער איז דורכגענומען געוואָרן ווי מיט אַן עלעקטרישן שטראָם. זי האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר די צונג איז איר עפּעס ווי געווען אין וועג.

אַ פּאָר מאָל האָט זי געעפנט דאָס מויל, געמאַכט אַ פּרוּוו אָנצופאַנגען רעדן, און עס איז איר געווען שווער...

ער איז אָפּגעטראָטן פונעם פענצטער, איז געבליבן שטיין אין מיטן צימער אַן אומרואיגער... זיינע אויגן, האָט אויסגעזען, האָבן געזוכט אויפצוכאַפּן איר בליק. זי האָט זיך געגעבן אַ שטעל אויף, זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט... און זי איז האַסטיג אַריינגעפאַלן אין זיינע אָרעמס.

צום קאָנצערט זיינען זיי געגאַנגען צוזאַמען.

דער קאָנצערט-פּלאַץ איז געווען אין מיטן דעם שטאָטישן פּאַרק. די בינע איז געווען העל באַלויכטן. די מוזיקאַנטן זיינען שוין געזעסן און צוגעגרייט זייערע אינסטרומענטן. פראָבע-טענער פון די טשעלאָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די רייד פון זומערדיקע קאָנצערט-באַזוכער. קאָלירטע קליידער האָבן זיך געמישט אין דער טונקלקייט פון אַ

זומערדיגן פאַרנאַכט. אָנגעצונדענע סיגאַרעטן האָבן ווי פייער־פליגעלעך געגליט אין פאַרנאַכטיגער אומרו.

דער דיריגענט האָט זיך באַוויזן אויף דער בינע. עס איז געוואָרן אײנגאַנצן שטיל, און באַלד האָבן אין דעם אַרום גענומען פליסן די שטילע פאַרבענקטע טענער פון „שעהערעזאַדע"...

פאָלאַ געדענקט זייער גוט די שעהערעזאַדע מעשה'לעך, ווי דער שלעכטער סולטאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו טויטן יעדע פרוי מיט וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט אַ נאַכט. שעהערעזאַדע האָט איר לעבן געראַטעוועט דורך דערציילן אים אירע וואונדער־מעשה'לעך, און דער גרויזאַמער סולטאַן — כדי צו הערן די מעשה'לעך — האָט אָפּגעלייגט די דורכפירונג פון דעם אורטייל איבער איר, ביז ער האָט ענדלעך אינגאַנצן צוריקגעצויגן די גזירה...

איצט וויקלט זי זיך, פאָלאַ, אין די טענער פון די טויזנט און איין נאַכט מעשה'לעך. זי אַליין איז שעהערעזאַדע, און זי דערציילט דאָס וואונדער מעשה'לע, וואָס זינגט איצט אַרויס פון איר בלוט. אָבער ניט דעם שלעכטן סולטאַן דערציילט זי עס, נאָר איר ליבן בערנאַרדן...

זי שמייכלט צו זיך, וואָס אין געדאַנק רופט זי אים שוין ביים ערשטן נאָמען, וואָס אַזוי נאָענט איז ער איר פּלוצלונג געוואָרן.

ערשט פריער מיט עטלעכע וואָכן איז ער פאַר איר בלויז געווען: מר. בערנאַרד דאַן, — אַ שרייבער, וואָס איז געקומען פון ניו יאָרק אַהער אויף דער פּראָווינץ, און זי איז געווען אין דעם קאָמיטעט אים צו באַגעגענען ביי דער סטאַנציע.

זי האָט אים דאַן דערקענט אַביסל לויט זיין בילד, און אַביסל לויט זיין אומרואיגן פאַרלאָרענעם אַרומזוכן עמעצן... זיין ווייכע הוט איז געווען אַרונטערגערוקט פון פאָרנט, און זי האָט קוים באַמערקט זיינע אויגן. נאָר ווען זי איז צוגעקומען נאָענט, איז אַ וואַרעמע שטראַליגקייט אַרויס פון אונטער זיין הוט, און זיך צעגאָסן אויף זיינע ליפּן, וועלכע האָבן אַזוי ליבלעך אַרויסגערעדט:

— איר זיינט אודאי פאָלאַ שטיינמאַן?...

פיר וואָכן איז ער אָפּגעווען ביי איר אין הויז. זי האָט געמאַכט אַלע פאַרבינדונגען וועגן זיינע אַרויסטריטן, און איר האָט מען טעלע־פאָנירט, ווען מען האָט געוואָלט ענדערן דעם פריערדיגן צוגעגרייטן

פּראָגראַם. מיט איר האָט ער געגעסן מיטאָג, און זי האָט יעדן פרימאָרגן פאַר אים געשטעלט פרישע בלומען אויפן שרייב-טיש.

די ערשטע טעג מיט אים זיינען געווען חבר׳שע, העפלעכע און טומלדיגע — פשוט וואָכעדיקע. דערנאָך האָט זיך אינגאַנצן אָפּגע-טאָן די אָרגאַניזאַציאָנעלע זייט, און עס איז געוואָרן בלויז יום טוב.

אַ גאַנצע וואָך האָט דער גאַסט געהאַט פאַר זיך, האָט ער באַשלאָסן די צייט צו פאַרוואַנדלען אין אַ וואַקאַציע.

איז די וואָך פאַר פּאָלאַ׳ן געווען אַזאַ פריידיג-אומעטיגע. פריער האָט זי מיט אים גערעדט וועגן מענטשן, וועגן ליטעראַטור, וועגן קונסט, אָבער מיטאַמאָל האָבן זיך עפּעס ווי אינגאַנצן אויסגעשעפּט אַלע טעמעס, אַלע רייד. פון צייט צו צייט האָט עפּעס ווי אַ פאַר-בענקטער קוק זיך אַריינגע׳גנב׳עט אין זיינע אויגן, דורכגענומען אירע, און אַרויס דורכן האַרצן מיט אַ פאַרשטיקטן זיפץ...

איינמאָל, נאָך אַזאַ שווייגן, האָט ער פּלוצים אַ נערוועזן ציטער געטאָן, אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגערל, פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און גענומען אַרויסקוקן דורך דעם פענצטער. און אַזוי, שטייענדיק ביים פענצטער, אַרויסקוקנדיג צו דעם גערטנדל, וואָס האָט באַזוימט דאָס הויז, האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבן רעדן:

— איר ווייסט, פּאָלאַ, אייך איז גוט וואָס איר ווייסט ניט פון קיין גרויסשטאָטישן לעבן. דאָ איז דאָך אַזאַ רחבות, אַזאַ פרייקייט אַרום, עס איז דאָ מיט וואָס צו אָטעמען. אין דער גרויסער שטאָט, איז דאָך אַזוי ענג און טומלדיק!...

— וועט איר בענקען נאָכן קליינעם שטעטל?

בערנאַרד האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן אויף איר פראַגע דירעקט, האָט ער אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו איר, אַרונטערגעלאָזט זיינע אויגן און געענטפערט:

— יאָ, איך בענק שטענדיק נאָך די קליינע שטעטלעך, נאָך זייער וואַרעמקייט און גאַסטפריינדלעכקייט, נאָך זייער רואיגקייט און ערנסטקייט. איך וועל בענקען נאָך דעם צימער, נאָך די פרישע בלומען אויף מיין שרייב-טיש יעדן פרימאָרגן... איר ווייסט, ווען איך זע בלומען אין דער גרויסער שטאָט? ס׳רוב ביי אַ לויה...

ער האָט אָנגעקוקט פּאָלאַ׳ן. זי איז געזעסן אויף דעם גרויסן ווייכן פּאָטעל-שטול און עפּעס געשטריקט. אירע דינע פיגור האָט

זיך ווי פאַרלאָרן אין דעם גרויסן שטול. איר לענגלעכער פּנים איז געווען באַגאָסן מיט אַ ראָזעווע שעמעוודיגקייט. אירע לאַנגע שוואַרצע וויעס האָבן ווי געזוכט צו באַהאַלטן אירע אויגן. וויפיל ער האָט ניט געזוכט אַריינצוקוקן אין אירע אויגן, זיינען אָבער אירע לאַנגע וויעס אים געשטאַנען אין וועג, ווי אַ צאַם.

פּאָלאַ האָט אים שטאַרק געוואָלט פרעגן, צי זיין פרוי קויפט קיינמאָל ניט קיין בלומען פאַרן הויז, און נאָך אַ סך זאַכן האָט זי געוואָלט פרעגן וועגן זיין פרוי: ווי זי זעט אויס, צי איז זי אים אַ הילף צום שרייבן...

זי האָט אָבער ניט געוואַגט צו פרעגן. אָט, ער האָט דאָך איר אויך גאָרניט געפרעגט. צי אפשר ווייסט ער שוין אַליין אַלץ וועגן איר?... ער איז דאָך אַזוי קלוג, אַזוי מענטשלעך. ער איז דאָך אַ דיכטער...

אפשר דערפאַר טאַקע איז די טעמע פון זיין לעצטער לעקציע געווען: „דיכטונג און ראָמאַנטיק"?...

שטעלט ער זיך פאָר, אַז אויך זי איז פּונקט אַזאַ ווי די, וועגן וועלכע די ראָמאַנטיקער שרייבן און ווערן באַגייסטערט פון זיי? אָדער אפשר טראַכט ער גאָר, אַז זי איז בלויז אַ פּראָווינציאַלקע, וואָס גייט אויס נאָך אַ גוט וואָרט פון אַ שרייבער?...

אָט-די אַלע געדאַנקען האָבן זיך געמישט אין פּאָלאַ'ס מוח, בעת אירע הענט האָבן זיך מעכאַניש באַוועגט איבער איר שטריקערייַ.

דערנאָך האָט עס פּאַסירט. ער איז אַוועק פונעם פענצטער, אַ זאָג געטאָן איר נאָמען „פּאָלאַ", און זי געפרעגט וועגן קאָנצערט. און דערויף האָט באַלד ווי עפּעס אַן אומגעהויערע קראַפט זי אַרומגענומען און זי איז דאַן אַריינגעפאַלן אין זיינע אָרעמס...

און אָט זיצן זיי דאָרט ביים קאָנצערט. מען שפּילט שוין דעם לעצטן טייל פון „שעהערעזאַדע"... איר ווערט אַזאַ שאָד, וואָס דאָס מעשהלע לאָזט זיך באַלד אויס... די טראָמבאָנען גיבן איבער ווי די שיף, מיט די העלדן פון דעם מעשהלע, האָט זיך אָנגעשטויסן אין אַ פעלדז. עס ווערט אַ מורא'דיגער אומרו פון אַ שטורעם-אויסברוך, און אויך זי איז דאָרט מיט בערנאַרד'ן אויף דעם שטורעמדיגן ים... אָט-אָט וועלן זיי ביידע אונטערגיין צוזאַמען... אָבער זאָל זיין ווי עס וויל זיך, זאָלן די כוואַליעס פון ים צודעקן זיי ביידן...

## זון אויף באַרג

...דערנאָך שטעלט זיך דער שטורעם לאַנגזאַם אָפּ, און שעהערעזאַדע גייט אָן מיט די ערשטע טענער פון אירע ווייטערדיקע מעשהלעך פון טויזנט און איין נאַכט...

פּאָלאַ האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ חלום דורך די שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, און זיך געטראָפן ווי אַליין אַרויסגעשיילט פון די וואונדער־משעהלעך פון מדבר און ים. זי איז געבליבן זיצן פאַר־טומלט, זי האָט געוואָלט אַרויסנעמען איר האַנט פון זיינער, אָבער ער האָט זי נאָך שטאַרקער צוגעדריקט, און עס איז געבליבן אַזוי, — צוויי הענט אין איין שלאָס...

בעת זיין אוועקפאָרן, ביי דער סטאַנציע, זיינען געוועזן אויך אַ סך אַנדערע מענטשן-פאַרערער. מען האָט זיך געזעגנט נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל געדריקט זיך די הענט...

זיי האָבן זיך בלויז אָנגעקוקט, אָן אַ קוש. ער איז אַריין אין באַן. דורך דעם פענצטער האָבן זיינע אויגן געקוקט אין דרויסן אַרויס, צום עולם, אָבער געזען האָבן זיי בלויז זי, פּאָלאַ׳ן, — אין דעם איז זי זיכער געווען. זי האָט דאָס געפילט אין דעם ריטמישן קלאַפּן פון איר האַרץ. דאָס האָט זי געלייענט אין דעם לעצטן בליק פון זיינע אויגן...

פון דעם געדאַנק איז פּאָלאַ אַזש אַרומגענומען געוואָרן מיט עפּעס אַזאַ אומרואיקער פרייד... זי האָט פאַרבענקט אָפּגעזיפצט און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— ע, איך וועל גאָר צופאָרן זען די מאַמע!...



# דעם טאָג אַנטקעגן

װאָס האָסטו אַזױפֿיל צו קלערן? איך װעל גוט אַכטונג געבן אױפֿן קינד. דאַרפֿסט גאָרניט זאָרגן. איך װעל נאָך הײַנט אײַנפּאַקן די זאַכן. דו מוזט פֿאָרן אױף אַ פּאָר װאָכן זיך אָפּרוען! — אַזױ האָט די מוטער אײַנגעטענה'ט מיט נינאַ'ן.

נינאַ האָט זיך אױסגעצװיגן מיט איר גאַנצער לענג אױפֿן דיװאַן, װאָס איז געשטאַנען אין אױפֿנעם־צימער, און זינלאָז געקוקט ערגעץ אין דער פּוסטקײט. איצט, אַז די מוטער האָט שױן גענומען אַ שטרענגן טאָן און געזאָגט, אַז זי מוז עס טאָן צוליבן קינד, האָט נינאַ פּאַסיװ געענטפֿערט:

— זאָל זײַן װי דו װילסט, מאַמע.

אױף מאָרגן האָט שױן די באַן געטראָגן נינאַ'ן איבער גרין־באַרגיגע װעגן. מײַלן מיט העל־צעגרינטן װאַלד האָבן געשװעבט פֿאַר אירע אױגן. די לופֿט, װאָס איז אַרײַן דורך דעם אָפֿענעם פֿענצטער, איז געװאָרן קילער. עס האָט זיך שױן דערשפּירט דער אונטערשײד פֿון שטאָט ביז דאָרף. אױף דער סטאַנציע האָט אױף איר געװאַרט סעם, דער פֿאַרמער, צו װעמען זי איז געפֿאָרן.

זי איז געװען דער אײנציגער פּאַסאַזשיר אױף דער סטאַנציע. דער פֿאַרמער האָט שױן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די יונגע פֿרױ פֿון ניו יאָרק, װאָס איר מאַן איז דער'הרג'עט געװאָרן אין דער מלחמה.

ער האָט אַראָפּגענומען זײַן ברײט־ראַנדיקן הוט, זיך אַ נײג געטאָן מעשה „דזשענטעלמאַן", און זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר איר.

נינאַ האָט מיט דאַנקבאַרקײט אים אָנגעקוקט און איז אַרײַן אין זײַן אַלטן אױטאָמאָביל.

דער פֿאַרמער האָט נאָכגעטראָגן איר װאַליז, אַװעקגעשטעלט פֿון אױבן אױפֿן דעכל פֿון דער מאַשין, צוגעבונדן מיט אַ שטריק, װײַל דער הינטערשטער טײל פֿון דער מאַשין איז געװען פֿאַרלײגט מיט פֿאַרשײדענע זאַכן, װאָס ער האָט געהאַט פֿריער אײַנגעקױפֿט אין שטעטל.

די מאַשינקע האָט זיך געהאָצקעט און געטרייסלט, אַרויסלאָזנדיק דערביי דעם ריח פון איבערגעברענטן געזאָלין. דאָס זאַמד פונעם וועג האָט זיך געהויבן אין דער לופטן און אַריינגעטראָגן דעם שטויב דורך דעם אָפענעם פענצטער אין דער מאַשין אַריין.

דער פאַרמער האָט אַלע ווײַלע פאַר׳גנב׳עטערהייט געקוקט אויף נינע׳ן. איר פּנים האָט אויסגעזען קרענקלעך אין זײַנע אויגן — עכט שטאָטיש. אירע לאַנגע, גלייכע האָר, פאַרקאַמט מיט אַ שרונד אין מיטן, האָבן איר געגעבן דעם אויסזען פון אַ מאַדאָנע. אירע גרויסע, גרויע אויגן, — אָנגעפילט מיט יאוש. אָבער אירע געפלאָכ־טענע צעפּ, וואָס זײַנען געווען אויסגעלייגט אין אַ קויש נידעריג אויפן האַלז, האָבן צעריסן די גאַנצע אילוזיע וועגן איר מאַדאָנישקייט און איר צוגעגעבן דעם גאַנצן פרויען-רייץ.

דער פאַרמער האָט זיך געטראַכט:

„אַזעלכע מאָדנע צעבראָכענע מענטשן שיקט מען מיר אַהער צו. זיצט און רעדט ניט אַרויס קיין וואָרט. אַ מענטש זאָל עס ניט פרעגן, ווי ווייט עס איז צו דער פאַרם? גאָרניט, קוקט מיט די גרויסע אויגן ערגעץ, ווער ווייסט וואוהין?”...

— באַלד, נאָך אַ צוויי מייל און מיר וועלן זײַן אויף דער פאַרם, — האָט ער, ווי איבערצורייסן דאָס שווײַגן, געזאָגט צו נינע׳ן.

נינע, מיט אַ מינע ווי „וועמען אַרט עס?”, האָט אים פון פרײַנט-לעכקייט וועגן שוין געפרעגט, צי ער האָט עפּעס אַ שיינע פאַרם...

דער פאַרמער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, און גענומען דער-ציילן וויפיל אַקער לאַנד ער האָט, וויפיל עס איז קולטיווירט און וויפיל עס איז וואַלד; וויפיל הינער ער האָט און וועלכע הינער עס לייגן מער אייער — די ווייסע צי די ברוינע. פאַר די ראָבע הינער האָט ער אינגאַנצן קיין גוט וואָרט ניט געהאַט.

דערנאָך האָט ער גערעדט וועגן זײַנע קי, און וועגן די צרות וואָס ער האָט מיטן טראַקטאָר. קאַליע געוואָרן ביי אים דער טראַקטאָר און עס איז שווער צו פאַרריכטן, — ניטאָ קיין „הענט”... אַלע זײַנען אין דער מלחמה...

דעם פאַרמער׳ס באַרעדעוודיגקייט האָט נאָך אָנגעהאַלטן, אָבער נינע׳ס מוח איז געווען ערגעץ אַנדערש. זי האָט דאָ און דאָרט אַריינ-

געוואָרפן אַ וואָרט, אָדער „אהא", כדי ער זאָל מיינען, אַז זי הערט וואָס ער רעדט בעת דאָס האַרץ האָט איר גאָר געצויגן צום קינד.

אַ שווערע בענקשאַפט איז נינע'ן באַפאַלן. זי האָט זיך דערמאָנט ווי זי האָט זיך אַרויסגע'גנב'עט פון הויז. מסתמא האָט דאָס קינד געוויינט... זי האָט זיך גענומען פאָרשטעלן ווי דאָס קינד וויינט, ווי דאָס נעזל פאַרקנייטשט זיך ביי איר און די טרערן רינען. זי האָט זיך אויך דערמאָנט, ווי זי האָט דאָס קינד איינמאָל געפּאַטשט איבער די הענטלעך, און אַ מאָדנער פיינלעכער חרטה־געפיל, אַ רחמנות כאַפּט איר מיטאַמאָל אָן אויפן קינד, און אַ פאַרדרוס אויף זיך, פאַרוואָס זי האָט דאָס דעמאָלט געשלאָגן.

„אַז אויפן האַרצן איז איר אַזוי שווער", — נעמט זי זיך אַליין פאַרענטפערן, — „אַליין זיין דער טאַטע און די מאַמע"... באַב האָט דאָס אפילו ניט געזען. פאַרוואָס איז דאָס קינד ניט ענלעך צו אים ?... אַכצן חדשים אָן באַב'ן איז אויך גענוג שווער געווען, און איצט — אָן אייביגקייט אָן אים, אַליין"...

„אפשר גאָר גענדאַרפט דאָס קינד מיטנעמען ?" — טוט זי פּלוצים אַ טראַכט און ענטפערט זיך אַליין אָפּ, — „ניין, די מאַמע וועט בעסער אַכטונג געבן אויף איר. די פינצטערע שטימונגען מיינע מאַכן בלויז דאָס קינד נערוועז און קאַפּריזנע..."

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן דעם פאַרמער'ס הויז.

דאָס ווייסע אָפּגעקאַלכטע שטיבל מיט די רויט-באַפאַרבטע פענצטער האָט אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. צוויי צעצווייגטע הויכעביימער האָבן פאַרשטעלט דעם גאַנצן גאַניק. די צווייגן האָבן זיך רחבותדיג צעשפּרייט אויפן דאַך פון דעם הויז.

די זון האָט זיך אַריינגע'גנב'עט צווישן די בלעטער פון די ביימער און אָפּגעשפּיגלט אַ זוניגן שאָטן אויפן דיל פון דעם גאַניק, און ווען אַ ווינטל האָט אַ טרייסל געטאָן דעם בוים, האָבן די שאָטנ-דיגע בלעטלעך אויפן גאַניק געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן זיך געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע.

נינע איז געשטאַנען אַ פּאָר מינוט לעבן הויז, באַטראַכט די גרינקייט, אַן איינגעטונקענע אין גינגאָלדנע שטראַלן. זי האָט טיף

אָפּגעאָטעמט, פאַרמאַכט די אויגן, זיי צוריק געעפנט און אַ ליכטן שמייכל געטאָן.

סעם, דער פאַרמער, איז געשטאַנען אין דעם אַריינגאַנג מיט איר באַגאַזש און געוואַרט.

ווען זי האָט אָפּגעאָטעמט און אַ שמייכל געטאָן, האָט זיך סעם אויך דערפרייט:

„זי וועט זיין אַל־ראַיט", האָט ער צו זיך אַליין אַ טראַכט געטאָן.

סעם איז שוין אַ מבין אויף זיינע געסט. פאַר די דרייסיק יאָר, וואָס ער איז אַ פאַרמער, איז אים שוין אויסגעקומען צו זען פאַרשיידענע צעבראָכענע הערצער, צעבראָכענע געמיטער, און פאַר די מערסטע האָט זיין „פּאַראַדיז", ווי ער רופט זיין פאַרם, אויפגעטאָן וואונדער:

— באַקענט זיך, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — דאָס איז די מיסעס. איידאַ איז איר נאָמען. יאָ, איר קאָנט זי רופן איידאַ.

— מיין נאָמען איז נינע, בלויז נינע.

איידאַ, אַ פרוי אין די שפּעטע פופציגער, אָדער אָנהויב זעכציקער, מיט גרוי געשווירענע האָר און שוואַרצע אויגן, האָט אָנגעקוקט נינע'ן מיט פיל מוטערלעכקייט, איר געוויזן דעם צימער, און זי געבעטן זיך מאַכן גרייט צו וועטשערע.

דאָס צימערל איז געווען קליין. אַ שמאָל בעטל, באַצויגן מיט איינענע געוואַשענע בעטציג, האָט אויסגעזען גרוי און געוואָרפן אַן אומעט. אַן אַלטע קאָמאָדע מיט די שופלאָדן אַביסל אַרויסגערוקט האָט אַ סקריפּע געטאָן, ווען נינע האָט זיי געוואָלט פאַרמאַכן. אַ בענקל, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין בעט, ווייל עס האָט געפעלט אַ פיסל, איז אומגעפאַלן מיט אַ בראַזג...

נינע איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענע. ניט געוואוסט, צי זאָל זי זיך אויספּאַקן, אָדער ניט. דאָס איינציגע, וואָס איז איר געפעלן געוואָרן, איז געווען דער גרויסער, קעראָסין־לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפן טישל ביים פענצטער, און לעבן טישל אַן אַלטער געפלאָכטענער וויג־שטול.

זי האָט נאָכאַמאָל מיט די אויגן אָפּגעמאָסטן דעם צימער און זיך גענומען אויספּאַקן. זי האָט צעלייגט אירע זאַכן אין די אַלטע שופלאָדן, וועלכע האָבן „געמאַכט גוואַלדן" ביים מינדסטן באַריר.

— זע נאָר, וואָס מײַן מאַמע האָט מיר אַלץ אײַנגעפּאַקט! — האָט זי אַזש אויסגערופן — אַזוינע זאַכן, וואָס איך וועל גאָרניט דאַרפן, און דאָס ראָזעווע קלייד מיט די בלימעלעך אויך... משוגע דאַרף מען זײַן! אַ פּאָר הויזן מיט אַ סוועטער איז דאָ גוט גענוג. איך וועל זיך דאָ באַלד אויספּוצן פאַר די הינער מיט די קי!...

זי האָט פונדעסטוועגן פּאָרזיכטיק אויפגעהאַנגען דאָס ראָזעווע קליידל אויף דער וואַנט, ווײַל אין צימער איז קיין שאַפע ניט געווען, און זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל, כדי זי דאָפּצורוען אַ ווײַלע. אָבער גלײַך האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און עס איז אַרײַנגעקומען אַ יונגערמאַן. נינע האָט אַ פאַרלוירענע אים אָנגעקוקט, אין דער־וואַרטונג, אַז ער זאָל איר זאָגן ווער ער איז.

אויך ער איז געשטאַנען, זי אָנגעקוקט, און בעת מעשה ווי פאַרגעסן נאָך וואָס ער איז געקומען. ענדלעך האָט ער אַ הילפלאָזן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— אײַדאַ האָט מיך געשיקט, איך זאָל אײַך דאָ קומען צו הילף. זי האָט געהערט אונטן, אַז איר האָט דאָ צרות מיט די שופלאָדן, מיט עפענען די פענצטער, און מסתמא האָט זיך שוין דאָס בענקל אויך פאַר אײַך פאַרגעשטעלט...

נינע האָט אים באַדאַנקט און געזאָגט, אַז זי האָט שוין אַלץ אַליין באַזאָרגט, נאָר דאָס, וואָס די שופלאָדן שטעקן אַרויס ניט־פאַרמאַכטע, — קאָן זי ניט פאַרנעמען...

דער יונגערמאַן האָט מיט זײַן גאַנצער גבורה זיך אַ נעם געטאָן צו דער קאָמאָדע, און עס האָט זיך גענומען צעפאַלן דער גאַנצער בנין... דאָס פאָדערשטע ברעטל פונעם שופלאָד איז אינגאַנצן אַרויס־געפאַלן...

נינע האָט אַרויסגעלאַכט הויך אויפן קול... ער האָט זי אָנגע־קוקט אַביסל ווי פאַרשעמט, און אויך גענומען לאַכן:

— מײַן נאָמען איז מאַרטין, — האָט ער זיך פאַר איר פאָרגע־שטעלט...

— און מײַן נאָמען איז —

— יאָ, איך ווייס, — האָט ער זי ניט געלאָזט אַרויסרעדן, — אײַער נאָמען איז נינע... און באַלד אַ פרעג געטאָן:

— איר וועט דאָ זײַן לאַנג?...

— כ׳ווייס ניט, מסתמא אַ פּאָר וואָכן. עס ווענדט זיך ווי איך וועל זיך דאָ פילן.

— איך וועל שוין זען, אַז עס זאָל אייך געפעלן, — האָט מאַרטין אַרויסגערעדט און גלייך חרטה געהאַט אויף זיין דרייסטקייט.

ביי וועטשערע האָבן זיי זיך ביידע שוין געטראָפן ווי פריינט. איידא מיט איר ליבן, מוטערלעכן שמייכל האָט דערלאַנגט איין געריכט נאָכן צווייטן.

סעם איז געזעסן ביים טיש אין די „אָוועראָלס" און געגעסן מיט אַפּעטיט. ער האָט געליובעט זיין ווייב׳ס געקעכץ און זיך אַלעמאָל אומגעקוקט אויף מאַרטינ׳ען און נינע׳ן. געוואָלט האָט ער, אַז אויך זיי זאָלן לויבן דאָס עסן, ווייל איידא ערגערט זיך, אויב דאָס עסן נעמט ניט אויס...

נינע האָט קוים באַוועגט מיטן מויל. זי האָט זיך מער געשפּילט מיטן גאָפּל אין טעלער ווי געגעסן.

— וואָס איז, טייערע, עס געפעלט דיר ניט דאָס עסן ? — האָט איידא איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, — אויב דו ווילסט, וועל איך דיר געבן קעז מיט זויערע סמעטענע...

— ניין, ניין, — האָט זיך נינע אַ כאַפּ געטאָן, — דאָס עסן איז וואונדערבאַר, איר קאָכט פּראַכטפול, אָבער איך האָב ניט קיין אַפּעטיט. מיד, ווייזט אויס...

— איר דאַרפט האָבן פרישע לופט, — האָט מאַרטין אַ זאָג געטאָן גלאַט אין דער וועלט אַריין, — איר וועט זיך באַקענען מיט אונדזערע וועגן, מיטן וואַלד אַרום, וועט איר שוין קריגן אַפּעטיט. שאַ, אפשר ווילט איר טאַקע גיין שפּאַצירן גלייך נאָך דער וועטשערע?

זי האָט געשוויגן.

— מיר וועלן אייך באַקענען מיט אונזער „פּאַראַדיז", — האָט מאַרטין ווידער געזאָגט מיט אַ שמייכל, און דערביי אַ קוק געגעבן צו סעמ׳ען, ווייל סעם רופט אָן זיין פאַרם „פּאַראַדיז".

— היינט בין איך צו מיד. אפשר מאָרגן...

אויף מאָרגן זיינען זיי געגאַנגען שפּאַצירן און אַזוי אויך איבער־מאָרגן. די טעג זיינען געלאָפן. דאָס שפּאַצירן איז געוואָרן אַן אָנגענעמענע רוטין, אויף וועלכער נינע האָט שוין געוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ...

יעדעסמאָל פאַרן עסן האָט זי געזוכט אין די שופלאָדן וואָס זי זאָל זיך אָנטאָן. שוין אַ פּאָר מאָל האָט זי געוואָרפן בליקן צו דעם ראָזעווען זומער-קלייד און זיך גלייך אַליין פאַרשעמט. האָט זי זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר הויזן מיט אַ ווייסער בלוזקע, ארויפגעכאַפּט אויף זיך אַ זשאַקעט און איז אַראָפּ אונטן...

מאַרטין איז שוין געזעסן ביים טיש. ער האָט זי באַגריסט מיט לויכטנדיגע בליקן. זי האָט אים געענטפערט אַביסל פאַרשעמט און דערביי באַמערקט, אַז ער האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ נייער העמד...

אַלע האָבן זיך באַגעגנט ביים טיש שוין ווי אייגענע, און סעם האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ. דאָס האָט ער, צוליב נינע׳ן, געוואָלט, אַז צום עסן זאָל זיין מוזיק.

פּלוצלונג איז די מוזיקאַלישע פּראָגראַם איבערגעריסן געוואָרן. אַ נייס־קאָמענטאַטאָר האָט איבערגעגעבן:

„אַמעריקאַנער מאַרינען דרינגען אַריין אין צענטער פון נאהאַ, הויפּטשטאָט פון אָקיוואַנאַ".

מאַרטין האָט זיך גענומען נערוועז דרייען אויף זיין בענקל. זיין רעכטע האַנט האָט זיך אויטאָמאַטיש גענומען טרייסלען. דער גאָפּל איז אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. ער האָט זיך האַסטיג געגעבן אַ הויב אויף און איז אַרויס אין דרויסן.

סעם האָט אויף שנעל פאַרדרייט די ראַדיאָ.

איידע האָט סעמ׳ען אָנגעקוקט מיט פאָרוואורף, ווי איינער זאָגט, „האָסט גאָר פאַרגעסן, צי וואָס?"...

זי האָט געקוקט אויף נינע׳ן, וועלכע איז געבליבן זיצן אַ פאַר׳חידוש׳טע פון דער סצענע, און איר געגעבן צו דערקלערן:

— ער קאָן ניט הערן קיין נייס פון די פראָנטן. זינט ער אַליין איז באַפרייט געוואָרן פון דער אַרמיי, איז ער צערודערט — „שעל-שאָקט"!...

נינע איז מיט טרערן אין די אויגן אַרויסגעלאָפן אין דרויסן.

מאַרטין, האָט זי געזען, איז געזעסן אויפן גאַניק, דער קאָפּ — איןביידע הענט. זי איז צוגעגאַנגען צו אים.

— אַנטשולדיגט, — האָט ער צעטומלט זיך אָפּגערופן, — אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין האַנדלען...

נינע האָט מיט איר האַנט אָנגערירט זיינע שוואַרצע האָר, וועלכע

זיינען געווען נעט פאַרקעמט, און געזאָגט:

— קומט, מאַרטין, לאָמיר גיין שפּאַצירן, ווי מיר האָבן געהאַט אָפּגערעדט.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען שטעלן ניט זיכערע טריט, ווי איינער וואָס וויל זיך אומקערן צוריק. זיי זיינען געגאַנגען און געשוויגן. נינע האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל ניט ריידן, אויב עס ווילט זיך אים ניט ריידן.

זי האָט אים גענומען אונטערן אָרים. ער האָט זי לייכט צוגע־דריקט צו זיך און אַלץ געשוויגן. מיטאַמאָל האָט ער אַרויסגעלאָזט איר אָרים פון זיינעם און געזאָגט:

— פאַרוואָס טוסטו דאָס, נינע? ווייל דו האָסט רחמנות אויף מיר?... זאָג!...

נינע האָט אָנגעקוקט דעם בחור, וואָס האָט אויסגעזען אַ ריז קעגן איר. זיינע ברוינע, וואַרעמע אויגן, וואָס זיינען געווען אָנגעפילט מיט שרעק און צווייפל, האָבן געקוקט גלייך אין אירע אויגן, ווי זיי וואָלטן דאָרט געזוכט דעם אמת.

— ביסט אַ נאַר, אויב דו דענקסט, אַז אַף אַזאַ שיינעם בחור ווי דו דאַרף מען גאָר רחמנות האָבן, — האָט זי פּשוט געענטפערט,— איך טו דאָס, ווייל מיר איז אָנגענעם מיט דיר, דאָס אַלץ.

ביינאַכט, אויפן געלעגער, האָט נינע געטראַכט: „מאָדנע, ווי זי איז עס איצט געוואָרן די שטאַרקע. עס איז ערשט קאַרגע צוויי וואָכן ווי זי איז דאָ אויף דער פאַרם, געקומען איז זי אַליין אַ צעבראָכענער מענטש, הילפלאָז און פּאַסיוו צום לעבן, און איצט געפינט זי גאָר טרייסט און פרייד אין העלפן מאַרטינ׳ען...״

„און אפשר איז עס גאָר ניט מאַרטין?... עס איז גאָר באַב, איר באַב... ער איז צוריקגעקומען... ער איז קראַנק... זי וועט אים העלפן. ער דאַרף זי...

„צי דאָס קינד איז געראָטן אין איר?״ — האָט ער זי גע־פרעגט, — ער וועט ליב האָבן דאָס קינד. ער איז אָבער פאַרהייראַט. אַ פרוי וואַרט אויף אים... איז זי אַ שיינע? אַ בלאָנדע, צו אַ ברונעטע ... ער רעדט ניט וועגן איר. ער האָט מ י ך ליב... איך קאָן עס זען אין זיינע אויגן... איך וויל אַזוי לעבן... איך וויל אַזוי לעבן...״

און מאַרטין האָט געטראַכט:

„וואָס פאַרא וואונדערבאַרער מענטש זי איז. ווי גוט עס איז מיט איר. לעבן איר זעצט מיר ניט אין קאָפּ. איך הער מער ניט דעם קראַך פון אויפגעריסענער ערד. עס פאַרגייען זיך ניט קיין אויפריים־באָמבעס אין דעם וואונענדיקן ווייי און קרעכץ... איך זע מער ניט קיין צעריסענע מענטשלעכע גלידער פליען אין דער לופטן. איך זע ניט מער, ווי ערד און הימל ווערן אויסגעמישט אין בלוט־בראַנדיגער פאַרוואַנדשאַפט. ווי אַ קיל ווינטל אויף אַ פיבערדיגן מח איז איר צאַרטקייט... אָ, פאַרוואָס, פאַרוואָס קאָן רוטי ניט זיין אַזוי? יענע ווייל, איך זאָל אָננעמען די אַלטע שטעלע, און איך קאָן איצט ניט זיין קיין לערער פון מאַטעמאַטיק. עס האָט איצט פאַר מיר ניט קיין זין דאָס חשבונ׳ען. איך קאָן זיך ניט באַזעצן אין קיין דירה, קויפן נייע מעבל, גיין צו „פּאַרדיס", אין טעאַטער... איך קאָן עס ניט. עס איז זינלאָז..."

„דאָרטן, אין „פּוקסן־לעכער" ליגן מענטשן, פוילן לעבעדיקערהייט. בלוט און זאַמד אויסגעמישט. אין קאָפּ זעצט און זי רעדט פון אַ קינד. וואָס פאַרא קינד קאָן דען שוין אַרויסקומען?...

„אָבער עס איז ניט איר שולד, זי איז יונג, שיין, אפשר שענער פון נינע׳ן, און אַוודאי יינגער אויך. ניין, נינע איז אָבער מער ווי שיין. זי איז האַרציג, טיף מענטשלעך, מער פרויענלעך ווי רוטי. רוטי איז שוין 24 יאָר און נאָך אַלץ אַ קינד...

„רוטי האָט דריי יאָר געוואַרט אויף מיר. געבענקט, פּלאַנירט און איך באַהאַנדל זי ברוטאַל, ווייל גאָר ניט אַוועקגיין פון דער פאַרם.

„יאָ, די פאַרם איז טאַקע דער פּלאַץ פאַר מיר. איך בין ניט אין גאַנצן צעדרייט. איך קאָן ניט זיין צווישן מענטשן.

אָבער נינע דענקט אַנדערש. נינע׳ן געפעלט אויך די פאַרם. נינע זאָגט, אַז זי קאָן זיך אויך ניט אומקערן אין שטאָט אַריין, אַז זי האָט דאָ געפונען רו.

„אָרימע נינע, געבליבן אַליין מיט אַ קינד פון צוויי יאָר. איך וואָלט גאָר געדאַרפט ווערן אַ טאַטע צו איר קינד. עס איז דאָך גאָר מיין פליכט... דעם טאַטן זיינעם האָט מען דער׳הרג׳עט. נינע איז אַזוי שיין, אַזוי צאַרט. נינע איז וואונדערבאַר. נינע, נינע, נינע, ניין, ניט נינע. רוטי, רוטי, פאַרוואָס טראַכט איך ניט פון איר?...

זי וואַרט דאָך אויף מיר איך זאָל זיך דערהאַלן און קומען צו איר. ניין, איך וועל ניט קומען, נינע וואַרט אויף מיר, נינע... נינע... נינע..."

אַט אַזוי איז מאַרטין איינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן נאָכן אָוונט מאָלצייט האָט מען זיך ווידער געדאַרפט באַגעגענען.

נינע האָט זיך גענומען אָנטאָן מיט מער אויפמערקזאַמקייט ווי פריער. עטלעכע מאָל האָט זי אַ וואָרף געטאָן אירע בליקן אויפן קליידל, וואָס האָט פריער אויסגעזען צו פּאַראַדנע אין אירע אויגן, עם מיט אימפּעט געגעבן אַ נעם-אַראָפּ פון דעם הענגער און מיט פּיבערדיגקייט גענומען זיך אָנטאָן.

זי האָט מיט ספּעציעלער פּאָרזיכטיגקייט צעקאַמט אירע לאַנגע האָר, און זיי פאַרפלאָכטן אין צעפּ. אַ העלפט האָט זי פאַרנומען ווי אַ קרוין אַרום איר קאָפּ און די צווייטע העלפט — אויסגעלייגט נידעריג אויפן נאַקן. דערנאָך האָט זי אין דעם צאָפּ-קרוין אַריינגע-זעצט אַ ווייסע בלום.

איר ראָזעווע קליידל, געמאַכט פון לייכטן באַטיסט, איז געפאַלן אין פולע פאַלדן אַרום איר דינער טאַליע. די אַרבל — קורצע, אָנגע-קליבענע, — האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן ביז די עלנבויגנס, און דער זוים פונעם קליידל האָט כמעט געגרייכט די קנאָפּל פון די זומערדיגע סאַנדאַלן, וואָס זי האָט געטראָגן.

זי האָט צענומען די פאַלדן פון איר קלייד, זיך פאַרנויגט אין שפּיגל און — פּונקט ווי אַ העלדין זאָגט עם ערגעץ אויף דער בינע — מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן צו איר אָפּשפּיגלונג:

— גוטן אָוונט, מיין הער!

אַ פריידיקע האָט זי זיך געגרייט צו באַגעגענען מאַרטינ'ען.

ווען זי האָט אים אָבער געזען שטיין לעבן דעם בוים, וואַרטנדיק אויף איר, האָט זי זיך פאַרלוירן און גאָר ניט געזאָגט, אפילו ניט קיין „גוטן אָוונט"... זייערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט און שטום איבערגעשיקט די וואַרעמע גרוסן, וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייערע הערצער. ער האָט זי אַרומגענומען און זיך גענומען טראָגן מיט איר אויף דער אויסגעטראָטענער סטעזשקע, וועלכע האָט געפירט צו די ברייטע קאָרן-פעלדער.

אַ רויִקע זומער נאַכט האָט באַדעקט באַרג און טאָל. אַ האַלבע לבנה האָט ווי אַ געכיינדעלט אויג אַרויסגעקוקט פונעם בלוי־באַשטערנטן הימל. די לופט איז געווען אַ רייפע, זומערדיקע און האָט געררייצט און געפינקלט מיט איר פּראַכט.

— האָסטו שוין ווען געזען אַזאַ פּאַנאָראַמע, טייערע? — האָט מאַרטין געשעפּטשעט צו איר, — זע נאָר ווי רויִק, אפילו די פייגעלעך זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. עס פלאַטערן בלויז בלעטלעך און ערגעץ ווייט פאַרגייט זיך אַ גריל אין אַ יום־טובדיקן ניגון. די קאָרן־פליגעלעך זשומען, די זאַנגען וויגן זיך... איז דאָס אַ תפילה? אָדער אפשר זינגען זיי אויס אונזער געזאַנג?...

נינע ליגט אויפן גראָז, איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, און זי שוועבט ערגעץ אין די הימלען. יעדעס וואָרט מאַרטינ׳ס לויפט דורך, ווי אַ וואַרימער שטראָם, דורך איר ליב און ברענגט זי אַלץ נענטער און נענטער צו אים.

ער קושט אויס דעם צער פון אירע אויגן און צינדט אין איר אָן נייע פייערלעך פון האָפענונג און גלויבן, — אַ נייע האָפענונג, אַ צווייטער אָנהויב...

בלויז איין געדאַנק וועקט נינען פון דעם זיסן חלום: „יענע, דאָרט, וואַרט דאָך אויף אים. איך דאַרף ניט. איך טאָר ניט..."

און זי טוט פּלוצים אַ קוק מיט מורא אויף מאַרטינען:

— קום, לאָמיר גיין!...

מאַרטין ציט זי צו נענטער צו זיך, קושט זי היים, ליידנשאַפטלעך און שעפּטשעט איר אין אויער:

— אַנטלויף ניט פונעם גליק, טייערע!...

— וואָס איז דען גליק, מאַרטין?

מאַרטין האָט אַריינגעאָטעמט די שמעקעדיגע זומער לופט, אַ קוש געטאָן די צוויי פרעגנדיגע אויגן און אין אַ שטילן טאָן גענומען ריידן:

— עס ווענדט זיך וואָס איינער וויל: ביי אַ שטאַרבנדיקן סאָל־דאַט אויפן שלאַכטפעלד, קאָן זיין דאָס גרעסטע גליק אַ גלאָז וואַסער... איך האָב געזען אַ סאָלדאַט, וואָס האָט פאַרלוירן ביידע הענט. ער פלעגט זאָגן, אַז ער וואָלט געווען גליקלעך ווען עס בלייבן אים איבער כאָטש צוויי פינגער אויף צום קאָנען פאַררויכערן אַ סיגאַרעט...

מאַרטינ׳ס אויגן האָבן זיך ביסלעכווייז ווי אָפּגעטאָן פון דער וועלט און זענען עפּעס ווי אַוועק ערגעץ ווייט, ווייט.

נינע האָט אים מיט אַ קוש פאַרמאַכט דאָס מויל און מיט דער האַנט געגלעט זיין פיבערדיקן שטערן:

— ניין, ניט וועגן דעם האָב איך געטראַכט...

— וואָס דען? — האָט מאַרטין זי אָנגעקוקט.

— איך מיין... נו, און מאַראַל?...

זי האָט עס אַרויסגערעדט און פאַרשעמט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין זיין ברוסט.

— אָ, מאָראַל, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — ערגעץ האָב איך געלייענט, אַז דאָס האָט איינע אַ ניינציג־יאָריקע בתולה, מיט אַ האַרבאַטן אַלטן בחור, פאַרגעשלאָגן אין גן עדן און די מתים האָבן אָנגענומען...

— בלויז די מתים?...

— יאָ, מיין טייערע!... און אויב דו ווילסט אַלע צערעמאָניעס פון כלה׳שאַפט, וועלן מיר וועגן דעם אויך עפּעס טאָן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון דעם גראָז, אָנגעריסן אַ בוקעט מיט קאָרן-בלימעלעך און איר דערלאַנגט. דערנאָך האָט ער פון גראָז אויסגעפלאָכטן אַ רינגל, עס אָנגעטאָן אויף איר פינגער, אַ קוש געטאָן איר האַנט און געזאָגט:

— איך, מאַרטין, וויל נעמען דיך, נינע׳ן, פאַר מיין פרוי, דיך ליב צו האָבן און רעספּעקטירן. דערויף זיינען עדות דער עפּל-בוים, דער גרויסער סאָסנאָווער בוים און די בעריאָזקעס...

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע און באַלד שטיפעריש געפרעגט:

— און וואו איז דיין ענטפער?

— איך האָב דיך ליב, איך האָב דיך ליב — האָבן אירע פייכטע ליפּן געמורמלט, אַרויפקוקנדיג צו אים.

און אָט די ווערטער האָבן אויפגעקניפּט אַלע פעדים פון געזעל־שאַפטלעכע פאַרפליכטונגען. אַלץ איז צעגאַנגען פון מאַרטינ׳ס הייסן אָטעם און זיינע וואַרימע רייד. זי האָט זיך אויפגעלייזט אין זיינע אָרעמס, זויגנדיק לײדנשאַפטלעך זיינע ליפּן...

נינע׳ן האָט זיך געדוכט, אַז זיי זיינען גאָר אַ טייל פון דעם

קאָרן-פעלד; זיי ביידע — איין זאַנג און די אַלע זאַנגען זיינען געקומען פון זיי, זיינען זייערע...

פאַרטאָג האָט אַ ווינטל די בלימעלעך צעבלאָזן. נינעס שוואַרצע האָר זיינען געווען געמישט מיט די קליינע בלויע בלעטלעך פון די קאָרן-בלימעלעך. מאַרטין איז רואיג געשלאָפן, זיין קאָפּ — צוגע-טוליעט צו איר האַרצן. ער איז געווען האַלב-באַדעקט מיט דער ברייטקייט פון איר ראָזעווער קלייד.

די נאַכטיגע בלויקייט האָט זיך אָפּגעצויגען פונעם הימל. די זון איז אויפגעגאַנגען בלוטיג רויט. ווייסע וואָלקנדלעך האָבן זיך געשפּרייט אַרום דער בלוט־רויטער זון. דער טאָג האָט באַזיגט די נאַכט. אַ קיל פאַרטאָגיק ווינטל האָט די בוימער באַוואויגן. נינע האָט מיט קושן געוועקט מאַרטינען:

— שטיי אויף, טייערער! זע נאָר די בלוט־רויטע זון, דורך בלוט איז אויך דער טאָג געבוירן. אונזער טאָג, — אַ נייער אָנהויב!...

מאַרטין האָט זיך אויפגעהויבן, געקוקט אין נינעס ניי-באַלעבטע אויגן. זיי האָבן זיך אַרומגענומען און זענען צוזאַמען געגאַנגען דעם טאָג אַנטקעגן.



# ב י י ם  י ם

אַ הייסע יוני זון האָט אַריינגעשטראַלט דורך די אָפענע פענצטער און אויפגעוועקט דאָס פאַרשלאָפענע סטודיאָ-צימער פון לאָראַ שניידער.

לאָרא האָט געעפנט אירע אויגן, באַטראַכט די צערוקטע שטולן, וואָס די קינדער האָבן איבערגעלאָזט. די קליינע שוואַרצע פינגערלעך אָפּגעדרוקט אויף די ווייסע קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ האָט זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן. די אומאָרדענונג אין צימער האָט איר לענגער ניט געלאָזן ליגן אין בעט.

ווי מיט גוואַלד האָט זיך לאָרא געגעבן אַ הויב אויף פון איר געלעגער, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך אַ קימאָנע און גענומען ברענגען דעם צימער אין אָרדענונג: צעשטעלט די שטולן אויף די ערטער, אויסגעקערט, אָפּגעווישט דעם שטויב. און צום לעצטן מאָל גענומען אַ שמאַטקע מיט אַלקאָהאָל און געפּוצט די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ.

און פּוצנדיג, אַוועקווישנדיג די פלעקן פון די פּיאַנאָ פינגער האָט זי דערפילט, אַז זי האָט ערשט פאַרענדיגט אַ סעזאָן.

דער טומל פון לעצטן אָוונט איז נאָך אַמאָל אַרויף אויפן געדאַנק. דאָס געזעגענען זיך מיט די קינדער און דאָס אויסטיילן מתנות פאַר זייער שפּילן האָט צוגעגעבן דעם אָוונט אַ סך קאָליר. עס שטייט איר נאָך פאַר די אויגן די קליינע סוזען, ווי זי האָט דאָס אַ כאַפּ געטאָן מאַצאַרטס קליינעם ביוסט און צוגעדריקט צום האַרצן... קינדערשע פרייד. אָפּגעהאַקטע פראַזן. וואונטשן פאַר אַ גוטער וואַקאַציע האָבן נאָך געקלונגען אין לאָרעס מוח. גוטע וואַקאַציע — האָט זי צו זיך איבערגערעדט, רו, פאַרענדיקט אַ יאָר אַרבעט, געוואַרט מיט אומגע-דולד אויפן טאָג, אויף אַביסל לײדיגע צייט. און איצט? — איצט ווייסט זי גאָר ניט מיט וואָס אָנצוהויבן...

עטלעכע זומערן האָט זי געדונגען אַ צימער ביים ים. געבראַכט אַהין איר פּיאַנאָ און געמישט דעם גערויש פון די ים־כוואַליעס מיט די זיסקייט פון שאָפּענס נאָקטורנס. און די קאָמבינאַציע איז געווען אַזאַ וואונדערלעכע, אַזאַ באַרואיגנדיקע...

אין אָוונט פלעגט קומען סימאָר. ער פלעגט אַריינלויפן ווי פון ווינט געיאָגט. שטענדיק אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג און אַ זאָג געטאָן:

„היינט, מיין ליבסטע, טראָג איך דיך אויף מיינע הענט גלייך אין די הימלען. און אַ גאָלדענעם קוישל האָב איך דיר אויך געבראַכט, וועסטו אָנקלייבן אַביסל פינקלדיקע שטערן"... אָדער ער פלעגט זיך פאַרנויגן ווי די קאַוואַלירן פון 16טן יאָרהונדערט, זיך אַוועקשטעלן אין אַ ריטערלעכער פּאָזע און זאָגן:

„היינט, מיין טייערע, לייג איך פאַר דיר אַ בריק איבער דעם גאַנצן אַטלאַנטיק און מירביידע וועלן אויף אים שפּאַצירן"...

איז גוט געווען לאָרען אין דער געזעלשאַפט פון דעם אָ בחור מיט די גאָלדענע פּראַזן.

פלעגן זיי שפּאַצירן און לאַכן און ווען דער זייגער האָט שוין האַלב פון דער נאַכט אָוועקגעטיילט און די שפּאַצירער זיינען געוואָרן אַלץ שיטערער, האָבן זיי זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין ביים ים־ברעג, זיך געטוליעט איינע אין די אַנדערע און עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז דער גערויש פונעם ים און זייערע בלוטן האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן, איז געוואָרן איין לעבעדיקער קוואַל, איין סימפּאָניע.

לאָרא איז געווען גליקלעך. ס'איז געווען געגוג דער גוט מאָרגן פון אַ שכן, דאָס געלעכטער פון אַ שפּילעוודיג קינד. גוט איז אויך געווען דאָס פאַרבענקטע ברומען פון סירענעס אין אַ טומאַניקער נאַכט, וואָס איז געקומען פון אַ שיף ערגעץ אויפן ים. לאָרא האָט זיך געפרייט מיט דער אויפגייענדיגער זון און אפילו מיטן רעגן.

די זומערדיגע טעג זיינען גיך געלאָפן, באַגלייט פון סימאָרס גאָלדענע ווערטער. די צייט האָט די טעג פאַרוואַנדלט אין חדשים און פאַרצערט דעם גאַנצן זומער. דאַן איז געקומען דער סוף. דער סוף פון איר וואַקאַציע, דער סוף פון אַ סך שיינע חלומות...

לאָרע וויל אין געדאַנק איבערגיין יענע פיינלעכע איבערלעבונג פאַרוואָס זיי האָבן זיך צעשיידט. און אַלץ ווערט צוזאַמענגעגאָסן אין איינס, פון אַלע ווערטער אויסגעטיילט איין בילד: „סימאָרס האַנט אַרום אַ פלייישיגער דאַמע און די זעלבע גאָלדענע ווערטער, ווי צו איר, צו לאָרען, אַזוי אויך צו יענער"... האָט זי זיך דאַן אויף שנעל איינגעפּאַקט און פאַרלאָזן דעם צימער ביים ים.

דער געפיל, אַז זי, לאָרא שניידער, די מוזיק לערערין, זאָל ווערן אַזוי אָפּגענאַרט, אַזוי פאַרפירט פון שיינע פראַזן, האָט איר שיער ניט משוגע געמאַכט. ס'איז געווען אַ געפיל פון געפאַלנקייט, מינדער-ווערטיקייט. זי האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ פאַנצער פון שטרענג-קייט, פאַזירטקייט. איר לעבן, וואָס האָט זיך אַזוי צעבליט מיט פרייד, האָט זיך פלוצלונג איבערגעריסן. זי האָט קיין זאַך ניט געפילט אַרום זיך. יעדער נערוו איז געווען ווי אַ שטערונג. אפילו דאָס קלאַפּן פון איר אייגן האַרץ האָט זי דערנערווירט. נעמען שפּייז איז געוואָרן די גרעסטע אָפּקומעניש. אירע בלויע אויגן זיינען געוואָרן ווי פאַרשטאַרט, איר קערפּער וואָס האָט נאָך ניט געהאַט אויף זיך קיין פולע דרייסיק יאָר, האָט גענומען אַרויפציען אויף זיך אַ פלעג-מאַטישקייט און זי האָט גענומען פאַרנאַכלעסיקן אפילו דאָס קליידן זיך.

אַזוי איז דער גאַנצער ווינטער אַוועק אָן אַביסעל פּערזענלעכער פרייד, די שטענדיקע רוטין: לערנען קינדער שפּילן פּיאַנאָ, עסן, גיין אַמאָל צו אַ קאָנצערט און ווידער אַמאָל אַליין אין איר סטודיאָ...

האָט זיך געשטעלט אַ נייער זומער. לאָרא האָט זיך פאַר'ן זומער געשראָקן: „וואו טוט מען זיך אַהין"?

דער צימער ביים ים וואַרט אויף איר פון יאָר צו יאָר. זי האָט אָבער דעם געדאַנק וועגן פאָרן צום ים געטריבן פון זיך. נאָר וואָס מער זי האָט געוואָלט אַנטלויפן פונם געדאַנק אַלץ מער האָט עס איר געצויגן... זי האָט געטראַכט, אָט זי וועט יאָ פאָרן און זיך אָפּזונדערן פון מענטשן, פון אַלע לויערנדיגע געפאַרן. אַריינזאַפּן אין זיך בלויז די שטורעמס פון ים. אַלע בענקשאַפטן פון נאַכטיגער אומרו אויסמישן מיט איר אייגן געמיט און פּרובירן רוען. אפשר וועט זי קענען רוען?

צום ים פלעגט לאָרע גיין ערשט אין די פאַרנאַכטן, ווען דער זאַמדיגער יר ברעג איז געווען ליידיק. די טומלדיקע באַזוכער, די פרויען און קינדער, האָבן אָפּגעשלאָסן אַ טאָג און זיינען אַוועק אין זייערע היימען. אויף די ליידיג געוואָרענע ערטער האָבן זיך געוואַלגערט שטיקלעך פּאַפּיר, רעשטלעך פון סיגאַרעטן, ליידיגע „פּעפּסי קאָלאַ" פלעשלעך מיט די העלדזלאַך אַרויס און צעטראָטענע פּאַפּירענע טעפּעלאַך...

אויפֿזעער זײַנען אומגעגאַנגען, געקליבן די צעטראָטענע פּאַפּיר־לעך און געשאָלטן מיט טויטע קללות. די אויפֿזעהער האָבן זייער גערן געטיילט זייערע שטימונגען מיט דער אָוונטדיקער באַזוכערשאַפֿט. די מענטשן, וואָס קומען צוו ים פֿאַרנאַכט, קומען פֿון אַ טאָג ארבעט אָן פֿעקלאַך עסן, אָן געפֿילדער, נאָר מיט אַ שטילן דראַנג זיך אַרײַנצו־וואַרפֿן אין די כוואַליעס, אָפּקילן דעם מידן אָנגעגליטן קערפּער, באַ־רואיגן די אָנגעשטרענגטע נערוון. איז די אַטמאָספֿערע פֿון אָוונטיג־קייט לאָרע'ן שטענדיג בעסער געפֿעלן ווי דער בײַטאָגיקער טומל. זי האָט פּשוט ניט געוואָלט זײַן צווישן אַ סך מענטשן, ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן דעם גערודער אַרום די סענדוויטשעס און נאַקעט אָפּגע־ברענטע לײַבער אויסגעקאַטשעט אין קלעפּיגן זאַמד. און ווי זי פֿלעגט זיך ניט אָפּזונדערן פֿלעגט זי שטענדיג טרעפֿן אַ באַקאַנטע, וואָס פֿלעגט איר פֿרעגן:

„נו, וואָס מאַכסטו, לאָרעלע? וואָס מאַכט די מאַמע? ביזנעס? נו, אַבי מען מאַכט אַ לעבן"...

כאָטש די ווערטער זײַנען אַזוי פּשוט און מענטשלעך, פֿלעגט איר די געוויינלעכקייט פֿון אַזאַ רײדן דערנערווירן. זי פֿלעגט וועלן ערגעץ אַנטלויפֿן. אַנטלויפֿן פֿון יעדן מעגלעכן אָנגריף פֿון מענטשלעכן וואָרט...

דערפֿאַר איז ביי איר געווען אַזאַ דערלײַכטערונג דאָס שטיקל אָפּגעזונדערט אָרט און די רואיגקייט פֿון פֿאַרנאַכט. עס איז גוט געווען צו קוקן אויף די ענדלאָזע ווײַטקייטן פֿון דער ים'יגער פּאַנאָ־ראַמע. אָט פֿלעגט זי מיט די אויגן פֿאַרנעמען ערגעץ ווײַט אַ כוואַליע און זיך לאָזן מיט איר אין ברויזנדיקן ים. גליטשט זיך, יאָגט זיך, און יאָגט אַריבער אַנדערע קלענערע כוואַליעס. און אָט שטעלט זיך אַ כוואַליע אָפּ אויף אַ רגע, גיט זיך אַ שפּיל מיטן זון פֿאַרגאַנג, ווערט דער גאַנצער בלויער ים שטח גינגאָלדיג און רויט. און די כוואַליע אַנטלויפֿט פֿון דער זון, יאָגט זיך אַלץ שנעלער צום ברעג און קומט אום אין איר ברויזעגן שטורים...

די אויגן ווערן מיד פֿונם שפּיל פֿון ים. גיסט זי זיך אַליין אַרײַן אין דעם גרויסן וואונדער. אירע הענט ווערן דאַן זעגלען. צעלאָזט זי אירע זעגלען איבערן בלויען ים, שווימט. אירע ווײַסע אָרימס באַוועגן זיך ריטמיש, שנײַדן די כוואַליעס. ס'איז אַזוי שטיל, בלויז דער רויש

פונם ים און דאָס קלאַפּן פון איר אייגן האַרץ. און עס דאַכט זיך איר, אַז ים און האַרץ פאַרבייטן זיך. איר האַרץ רוישט ווי דער ים און דער ים קלאַפּט גאָר מיטן ריטם פון איר האַרץ. ביידע זיינען געוואָרן איינס. אַ מאָדנע באַהעפטונג פון ים און מענטש...

לאָרע האָט זיך געפילט אַזוי רואיג און איז געשוואומען אַלץ ווייטער און ווייטער. די זון איז געווען איר באַגלייטער. זי האָט אירע פלאַמען געלאָשן אין דער קילקייט פון ים. געגאַנגען אַ טראָט פאָראויס און געשפרייט אַ גאָלדענעם טעפּיך...

„מים, מים!" — האָט לאָרע געהערט עמיצן שרייען — אָבער זי וויל זיך אַפילו ניט אומקוקן, זיכער ניט איר מיינט מען עס. ווער קען זי דאָ?... דער רוף „מים" איז אָבער געקומען אַלץ נענטער: „קער זיך אום צוריק", און זי האָט באַלד דערפילט אַ האַנט אַרום איר האַלדז.

לאָרע האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ אינ׳ם רויטן גומע היטעלע און דערזען פאַר זיך אַ נאַסן שוואַרצן קאָפּ מיט אַ פּאָר אויגן ברוגז׳ע, גרינע ווי דער ים...

„וואו יאָגסטו זיך אַזוי? דאָרט וואַרט קיינער ניט אויף דיר, קום שווים מיט מיר צוריק, צום ברעג".

לאָרע האָט אַ שולדיגע אָנגעקוקט דעם פרעמדן בחור מיטן נאַסן קאָפּ און געהאָרכזאַם אים נאָכגעשוואומען...

דער וועג צום ברעג איז געווען לאַנג. עפּעס אַ מאָדנע שוואַכקייט איז איר אַריין אין די פיס. אין קאָפּ האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ געדאַנק:

„הייסט עס, אַז דער בחור האָט געמיינט, אַז איך וויל זיך דערטרינקען, איז ער געשוואומען מיך צו ראַטעווען? און איך ווייס אַפילו ניט, אַז איך בין פאַרשוואומען אַזוי ווייט.

דער באַוואוסטזיין וועגן ווייטקייט אין ים האָט אירע פיס געמאַכט שווערער, אירע הענט זיינען געוואָרן ווי מיט בליי אָנגעגאָסן. זי האָט זיך דערנענטערט צו דעם אומבאַקאַנטן און מיט אַ צייכן פון איר האַנט שווין געבעטן זיין הילף.

ער האָט איר געהאָלפן צושווימען צום ברעג. זי איז אָן כוחות אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און זיך פאַרנאַנדערגעוויינט...

דער בחור האָט מיט זיין האַנטוך זי אַרומגעווישט. אַראָפּגע-

גומען איר רויטע באָד היטעלע, אירע שוואַרצע האָר מיטן שרונט אין מיטן קאָפּ האָבן זיך צעשאָטן, האָט ער ליבלעך אַ שמייכל געטאָן און אַרומגעווישט די טראָפּנס אויף איר נאַקעטן האַלדז. אויף איר נאַקן האָט אַ שוואַרצער לאָק זיך חנ׳עוודיג געקייקעלט, האָט ער עס פאַרנומען אַרויף און מיט זיין בליק אַ גלעט געטאָן...

לאָרא האָט אים אָנגעקוקט. זי האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז זי האָט זיך בלויז פאַרשפּילט מיטן ים, אַז זי האָט גאָרניט געמיינט. ער האָט איר גאָר ניט געלאָזן ריידן, נאָר מיט אַ באַרואיגענדיגן טאָן געזאָגט: „רו זיך אָפּ, איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, וועסט מיר דערציילן אַן אַנדערש מאָל. איך האָף, אַז מיר וועלן זיך זען, לויט אַלע געזעצן דאַרפן מיר זיך זען"...

לאָרא האָט אַ שמייכל געטאָן.

— מיין נאָמען איז פרענק. האָט ער זיך פאַר איר פאָרגע־שטעלט. דיין נאָמען? זי האָט אים געזאָגט. ער האָט זי באַגלייט אַהיים און צוגעזאָגט צו קומען מאָרגן זי זען...

אויף מאָרגן איז לאָרא אויפגעשטאַנען פריער ווי שטענדיג און איז גלייך צוגעגאַנגען צום שפּיגל. זי האָט דורכגעלאָזט אירע ווייסע דינע פינגער צווישן אירע שוואַרצע האָר, איר האַנט האָט זיך אַראָפּ־געגליטשט אויף איר פּנים, זי האָט אָנגערירט איר הויט און געוואָרן אויפמערקזאַם אויף דער דרוכזיכטיגער צאַרטקייט פון איר אייגן לייב, פון דער גלאַטקייט פון אירע נאַקעטע פּלייצעס. זי האָט פאָרזיכטיג גענומען קעמען אירע האָר. פּאַמעלעך און מיט גרויס געדולד נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבערגעקאַמט דעם שרונט אין מיטן פון איר קאָפּ. אַ מאָדנער פייערל האָט ווי אָנגעצונדן אירע שוואַרצאַפּלען און די בלויקייט אין זיי האָט אויפגעשטראַלט מיט נייעם לעבן. האָט זי גענומען שמייכלען און קוקן אין שפּיגל...

מיט דער פלינקייט פון אַ יונג מיידל איז זי אַריינגעשפּרונגען אין אַ שוואַרץ קליידל. די טונקלייט פון קלדייל האָט אויף אַ רגע אַ טונק געטאָן דאָס פייערל אין אירע אויגן. נאָר באַלד איז דאָס פייערל אַרויסגעקומען נייער, מונטערער, האָפערדיגער מיט אַ באַשלוס אויף אַ נייער קלייד, אַ בלויער... „זאָל עס זיין ווי דער הימל אין אַ לויטערן פרילינג טאָג" — האָט לאָרא געטראַכט און איז מיט אַ נייעם ריטם אין איר טראָט אַרויס אין גאַס...

## זון אויף באַרג

אין אָוונט איז לאַרא געזעסן ביי דער פּיאַנאָ אין אַ בלויער קלייד. אירע פינגער האָבן געשוועבט איבער די קלאַווישן מיט אַ נעפּלדיגער פרייד.

די ווייסע בלימלעך אין דער בלומען־וואַזע אויף דער פּיאַנאָ האָבן ווי מיטגעציטערט מיט דערוואַרטונג און די ברוין אויגיקע סוזאַנקעס האָבן ליבלעך געשמייכלט...



# דאָס דימענטענע גליק

דער פּרימאָרגן האָט זיך געשטעלט מיט רוגזה, טראָפּנס רעגן האָבן זיך דורכגעריסן פון ווינט, וואָס האָט זיך געיאָגט פון ערגעץ ווייט, מיט אַזאַ אימפּעט, ווי ער וואָלט זיך פאַרשפּעטיקט און געדאַרפט וואָס שנעלער אָנזאָגן דער וועלט די בשורה וועגן דעם וויסן גאַסט: ס׳איז ערב ווינטער און זייט גרייט.

אין אַזאַ פּרימאָרגן זיינען די גאַסן מערסטנס ליידיקלעך, דער גאַנג פונעם דורכגייער איז שנעלער, אייליגער, מען איז גערן זיך צוטוליען צו די אייגענע פיר ווענט.

און דוקא אין אַזאַ טאָג איז געשטאַנען מרס. בערטאַ סילווער אין דרויסן, אָנגעשפּאַרט אין דער גרויסער רויטער ציגעלנער געביידע און געשמייכלט צו זיך אַליין.

זי איז געווען פול מיט פריינטלעכע גוט-מאָרגנס פאַר אירע שכנים און באַקאַנטע פאַרבייגייער מיט אַ האַרץ אַ פולס, גרייט פאַר עמיצן אויסצולאָדן כאָטש אַביסל פון איר איינגעצוימטער פרייד...

גראָד איז די מרס. סילווער ניט פון די ווייבער וואָס שטייען געוויינלעך אַרום הויז, וואַרעמען זיך אויף דער זון און ריידן גלאַט אין דער וועלט אַריין. מרס. סילווער איז דוקא אַ שטילע, אַ באַשיידענע, טראָגט איר קאָפּ אַביסעלע אַראָפּגעלאָזט, אירע ברוינע אויגן קוקן אַביסל פאַרשעמט, פון צייט צו צייט גנב׳עט זיך אַריין אין זיי אפילו אַביסל צו-להכעיס׳דיגקייט, ס׳מערקט זיך אין זיי אַ קאַמף צווישן אַ טרער מיט אַ שמייכל און ווייל מרס. סילווער קען ניט נאָכקומען קיין איינעם פון די קעמפנדיקע צדדים, לאָזט זי מערסטנס אַראָפּ דעם קאָפּ און גייט פאַרביי, נעמענדיק מיט זיך אַ גוטמאָרגן פון אַ שכן...

ניט חלילה צוליב שלעכטס גייט זי אַמאָל אַזוי פאַרביי אַ שכנה, נאָר פּשוט פאַר מורא, אַז אַ שכנה זאָל אַמאָל מיט אַ וואָרט ניט אָנרירן איר היים, איר פאַמיליע...

זי וויל ניט קיין פראַגן אַזעלכע ווי „גייט שוין אייער יעטאַ אַרום מיט אַ באָי״?, צי, „וואָס טוט עפּעס אייער שוועסטער, זי אַרבעט, האַ? אַזאַ טייערע פרוי, נעבעך, געבליבן אַליין״...

זי האָט אויך פּיינט צו הערן די פראַגע, צי איר מאַן אַרבעט — זי וויל ניט הערן פון אַנדערע, ווי מען הויבט אָן דערציילן:

„איר הערט, מרס. סילוועד, דער און דער'ס טאָכטער, זי איז נאָך, דאכט זיך, אַ קינד און און גייט שוין מיט אַ באָי, אַזאַ יאָר זאָל איך מיר שוין האָבן, וואָס פאַראַ רינג ער האָט איר געגעבן, אַ קערעט און אַ האַלב"...

פון חתונות האָט מרס. סילוועד אויך פּיינט צו הערן, מעג מען איר דערציילן, אַז ביי דער חתונה איז געווען, למשל, דער חזן וועלוועלע פויגלמאַן מיטן כאָר, און... פאַר טויזנט דאָלער בלומען... מען האָט געשפּריצט טעפּיכער פאַר חתן-כלה... און שאַמפּאַניער האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. בלייבט זי, מרס. סילוועד, שטיין אַזוי דער-שלאָגן, פילט זיך עפּעס פאַרשעמט, גיט זי דאַן אונטערן נאָז אַ זאָג: „נו, זאָל זיין מיט מזל", און טראָגט אויף שנעל אַוועק איר פולן קערפּער אויף די געשוואָלענע פיס...

איר הויז איז געווען ווי אָפּגעהיט פון די אַלע געשעעענישן, פון דער פרייד פון חתונות און פון פרייד בכלל. עפּעס אַזוי ווי גאָט'ס צאָרן וואָלט זיך אויסגעגאָסן אויף איר היים מיט איר פאַמיליע. האָט שוין טעסי געהאַט אַ בחור, האָט זי אים פאַרלאָרן אין דער מלחמה, יעטא, די אינגערע, האָט גלאַט קיין מזל ניט... און צו דעם אַלעמען האָט זי נאָך איר שוועסטער בלענטש...

פאַר בלענטש'ן האָט זי אַמאָל אַ טיפע פאַרשטענדעניש, אַ סך ליבשאַפט, און אַמאָל עפּעס אַ מין מורא און פאַראַכטונג. די פאַראַכטונג צו איר נעמט זיך פון אַ מאָדנער אַבערגלויבעניש, אַז מחמת זי איז געבליבן אַ פאַרשעמטע כלה, אַן אַלטע מויד און וואוינט מיט איר אונטער איין דאַך, האָט זי דעריבער קיין גליק ניט געבראַכט אירע אייגענע טעכטער...

און די ליבשאַפט צו איר שוועסטער ציט זיך נאָך פון אַמאָל, ווען זי, בלענטש, האָט נאָך געהייסן בליומקע, געווען אַ הויך, שלאַנק מיידל, מיט צוויי לאַנגע צעפּ, אירע גרויסע ברוינע אויגן האָבן געבליצט מיט פייער, איר ריידן האָט שטענדיק געהאַט אַזויפיל שטיפערישקייט, אַזויפיל רייץ, אַז איר, דער עלטערער שוועסטער, האָט עס געגעבן דענערווירט. טיף אין האַרצן האָט זי בליומקען

מקנא געווען מיט איר אויסזען און שטיפערישקייט. וואָס איז געווען דער היפּוך פון איר...

זי, די עלטערע שוועסטער, איז געווען קליין געוויקסיק און דיק־לעך. גערופן האָט מען זי שיינע ברײנע. איז זי שטענדיק מקנא געווען דער שוועסטער מיט אַלץ און אפילו מיט איר נאָמען בלומקע, עפּעס אַזוי שיין מעלאָדיש האָט דער נאָמען געקלונגען אין אירע אויערן. און אַז בלומקע האָט נאָך געקראָגן אַ חתן פריער פון איר, שיינע ברײנע׳ן, האָט זי דאָס שוין מער ניט געקענט אַריבער־טראָגן און געמאַכט אַלע צוגרייטונגען אויף צו פאָרן קיין אַמעריקע. שפּעטער שוין, זייענדיק אין אַמעריקע, האָט איר שיינע ברײנע געשריבן אַ בריוו, אַז זי האָט איר ניט געוואָלט שטיין אין וועג, און אַז איצט קאָן זי חתונה האָבן די ערשטע און זאָל איר זיין מיט גליק...

בלומקע׳ן אָבער איז דאַן צוגעקומען אַ נייע זאָרג. איר חתן האָט געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו, איז געווען אַ פראַגע פון גיין דינען, אָדער פאָרן קיין אַמעריקע... און איידער וואָס־ווער־ווען, איז שוין בלומקע׳ס חתן געווען אויף יענער זייט, און די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויפגעהאנגען אַ שלאָס אויף דער גרעניץ...

אין אַמעריקע האָט דערווייַלע שיינע ברײנע געביטן דעם נאָמען אויף בערטאַ. געאַרבעט, געוואָרן אַ נייטאָרין ביי בלוזעס, און דאָרטן טאַקע האָט זי זיך באַקענט מיט לואי׳ן. לואי איז געווען אַ שטילער יונגערמאַן, אויך אַ גרינער, וואָס איז דעמאָלט געקומען מיט נאָך אַן אַרבעטער אויסצוקאַלכן דעם שאַפּ. לואי האָט זיך דעמאָלט געלערנט די מלאכה.

ער איז ניט געווען פון די גרויסע פּאַצעטן, אַ קלייניקער מיט אַ קורצן העלדזל, וואָס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך געטרונקען אין דעם ווייסן שטייפן קאָלנער. אָבער אַז ער האָט אַ קוק געטאָן אויף בערטאַ׳ן מיט זיינע קליינע אויגן, אַ וואַרימען שמייכל געטאָן און איר געזאָגט, אַז ער ווייסט פון אַ גוטן רעסטאָראַן צו עסן וועטשערע און אַז ער וויל זי מיטנעמען, איז זי געווען צופרידן...

לואי און בערטאַ האָבן זיך גענומען באַגעגענען און זען אַלץ אָפטער. די מלחמה איז דערווייל אָנגעגאַנגען און די זאָרג איז געווען אַ געמיינשאַפטלעכע. ביידע האָבן געהאַט משפּחות פון וועלכע מען

האָט שוין לאַנג קיין ברווו ניט געהאַט. לואי האָט געהאַט זיין משפּחה אין רוסלאַנד. בערטאַ האָט געהאַט אירע עלטערן און שוועסטער בליומקען אין פּוילן. אַ חוץ די זאָרג פון אירע נאָענטע, איז צוגעקומען אַ נייע זאָרג. די זאָרג וואָס בליומקע׳ס חתן פּייוול האָט זיך דערוויל שוין אין אַמעריקע אויסגעזוכט אַ רייכע כלה...

בערטאַ האָט איינמאָל געמאַכט אַ פאַרזוך צו זען פּייוולען, געטראַכט זיך דורכרעדן מיט אים, אָבער זי האָט אים שוין ניט געפונען אויף דעם אַלטן אַדרעס. צווישן די לאַנדסלייט האָט ער זיך אויך מער ניט באַוויזן...

בערטאַ האָט דערוויל צוגעגרייט די נויטיקע פּאַפּירן אויף אַריבערצובריינגען בליומקען. און אַזוי שנעל ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז בליומקע געקומען קיין אַמעריקע.

בערטאַ איז שוין דאַן געווען פאַרהייראַט און געהאַט צוויי מיידעלעך, איז בליומקע געוואָרן דאָס דריטע מיידל אין הויז...

זיינען זיך די יאָרן געלאָפן. לואי האָט געאַרבעט. בערטאַ האָט אָפּגעריסן ביסלעך פון זיינע פאַרדינסטן און געשפּאָרט, געלייגט אַ פּעני צו אַ פּעני, מאַלע ווי עס מאַכט זיך, „אַ רעגענדיקער טאָג״ עם וואַקסן קינדער, זאָל כאָטש זיין אַ שטיקל ברויט אין שטוב.

די „פּראָספּעריטי״ האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן, דער קריזיס האָט ווי אַ וואַלד-פייער זיך צעשפּרייט איבערן לאַנד. די באַנקען האָבן גענומען קראַכן און בערטאַ׳ס אָפּגעשפּאָרטע ביסל געלט האָט די קראַכעניש אויך אַריינגענומען. דאָס לאַנד איז פול געוואָרן מיט אַרבעטלאָזע מענטשן. נויט און הונגער האָט געלויערט איבער יעדער אַרבעטער היים און האָט בערטאַ׳ס הויז אויך נישט אויסגעלאָזט. די עלטערע טאָכטער האָט שוין דאַן געענדיקט הויך־שול און געווען גרייט אָנצונעמען אַ שטעלע אַלס בוכהאַלטערין, זיינען קיין שטעלעס ניט געווען. די אינגערע האָט נאָך געלערנט.

לואי פלעגט זיך אַרומדרייען אַ דערשלאָגענער, אַ מוטלאָזער, ניט געוווּסט וואו צו פאַרדינגען זיינע הענט. אַמאָל פלעגט לואי פאַרלאָרן גיין אַף גאַנצענע טעג, קומען ערשט שפּעט אין דער נאַכט און צו קיינעם ניט רעדן, ניט וועלן זאָגן אפילו דער ווייב וואו ער איז געווען. אַמאָל פלעגט ער אונטערן נאָז יאָ אויסברומען: „וואָס

איז דער אונטערשייד, וואו איך בין געווען? כ׳האָב גאָר ניט אויפגעטאָן"...

דאָס לעבן פאַר בערטאַ׳ן איז געוואָרן שווערער און שווערער. זי האָט געהאַט די אויפגאַבע צו פירן אַ היים פאַר פינף מענטשן און דער באָדן אונטער די פיס איז געוואָרן אַלץ שוואַכער. די שוועסטער בלענטש איז איינגעגאַנגען מיט יעדן טאָג. בערטאַ האָט ממש געזען ווי זי וועלקט, ווי זי בייט זיך ווי אַ בלאַט אין די אָסיענדיקע טעג. צייטנווייז פלעגט עפּעס אַ פלעמל אויפגיין אין אירע אויסגעלאָשענע אויגן, דאַן פלעגט זי אַריינקומען פון דער אַרבעט אַזאַ שטאָלצע, אַזאַ האָפערדיקע מיט נייע כחות אויף אָנצופאַנגען אַ לעבן אויף דאָס ניי...

אַן אַנדערש מאָל פלעגט זי שוין אַריינקומען אַ דערשלאָגענע, אַן אויסגעשעפּטע, אָן אַ קאָפּ מוט, אָן אַ טראָפּן האָפענונג אפילו אויף אָנצופאַנגען אַ נייעם טאָג... מערסטנס זיינען די שטימונגען געקומען לויט די גרוסן, וואָס זי האָט אָפּגענומען פון פּיוולען, איר אמאָליקן חתן.

פּיוול יאַכנעס, וואָס האָט שוין דאָ געהייסן פיליפּ דזשעקנעס, איז שוין געווען דער באַלעבאָס פון דער פירמע „עלסי׳ס איווינינג פראַקס". די געשעפטן זיינען געגאַנגען גוט. דער ווייב׳ס נדן איז געווען מזל׳דיק. דער ווייב׳ס נאָמען, עלסי, האָט ניט נאָר געשוועבט אויף יעדן שילד אין שאַפּ, נאָר זי אַליין איז אויך געווען אַן אָפטע באַזוכערין. זי פלעגט קומען ניט ווינציקער ווי איינמאָל אַ וואָך זען, צי עס איז ניט צוגעקומען עפּעס אַ שיינע אַרבעטערין אין שאַפּ, אויף וועלכער איר פיליפּ קען וואַרפן אַן אויגל..

איר אַריינקומען איז שטענדיק געווען מיט אַ גרויסן אָנשטעל, מיט שטורעם, מיט מאַכט־אַ־וואָרע־איך־קום, איך, מרס. דזשעקנעס, בין די אמתע באַלעבאָסטע. ווען זי קאָן וואָלט זי יעדן אַרבעטער אין שאַפּ דערציילט, אַז זי האָט אַריינגעשטעלט פיליפּ׳ן אין ביזנעס, אַז ס׳איז איר קאָפּ און איר געלט. נאָר זי טוט דאָס ניט. זי שפּאַצירט בלויז דורך דער גאַנצער לענג פונעם שאַפּ און טיילט אויס אַ פּאָר שמייכלען פון אונטער דעם שוואַרצן טול, מיט וועלכן אירע היט זיינען מערסטנס דראַפּירט. ווען זי שמייכלט, ווערט איר לאַנגער נאָז נאָריש צונויפגעקאָרטשעט, אירע בלויע וואַסערדיקע אויגן, וואָס

זיצן טיף איינגעגראָבן אין קאָפּ, פאַרזשמורן זיך אין גאַנצן. די שמייכלען זיינען ביי איר אָבער געציילטע. דער פּאָרמאַן קריגט אַ שמייכל, און די סעמפּל־מאַכערין גאָלדע אויך אַ שמייכל...

גאָלדע'ן פאַרגינט זי עס. זי איז אַ מיטליאָריקע פרוי, אַן אַלמנה, ניט קיין שיינע, נאָר אַ האַנט איז זי אַ גוטע אין שאַפּ און זי נייט טאַקע אויף אַלע אירע קליידער. אָבער אַז גאָלדע איז גאָר חברט'עם מיט בלענטש'ן, פּיליפּ'ס געוועזענע כלה, וואָס ער האָט דאַן איבערגעלאָזט אין אייראָפּע, פון דעם ווייסט ניט מרס. עלסי דזשעקנעס. און גאָלדע גיט שוין איבער אַלץ וואָס פּאַסירט אין שאַפּ בלענטש'ן...

גאָלדע און בלענטש פלעגן זיך באַגעגענען אַ פּאָר מאָל אַ וואָך נאָך דער אַרבעט. אַמאָל עסן וועטשערע צוזאַמען. אַמאָל פלעגט בלענטש קומען צו גאָלדע'ן אַהיים און בעת גאָלדע פלעגט צוגרייטן דעם מאָלצייט, פלעגט זי דערווייל איבערגעבן בלענטש'ן:

— האָסט שוין געמעגט זען ווי מר. דזשעקנעס איז דאָס היינט אַריינגעקומען אין שאַפּ. פאַרפּוצט מיט אַ טונקעל־גרויען סוט, מיט אַ דימענטענער שפּילקע אין „נעק־טאַי" (שניפּס). ער שיינט, דיין חתן...

נאָך אַזאַ גרוס איז שוין בלענטש געקומען אַהיים אין אַ פינצטערער שטימונג.

אַז גאָלדע פלעגט איר ווידער דערציילן:

— אַי בלענטש, דו מיינסט אודאי אַז געלט איז אַלץ? ניט אַלץ איז גאָלד, וואָס בלאַנקט. אוי איז ער עס אַריינגעקומען פאַר־פינצטערט, ניט געגאָלט. אויפן קאָפּ „טאָגט" שוין ביי אים אויך... וואָס מיינסטו וועט ווערן פון אים? אַ באַביי כלטער איד, מיט אַ פליך, מיט אַ מיאוסע ווייב, וואָס פאַרבט די האָר אַלעמאָל אַף אַן אַנדער קאָליר. עפּעס האָב איך געהערט זאָגן, אַז די ווייב זיינע איז שוין טאַקע היבשלעך אויף צרות און ס'איז אַ סברה, אַז טאַקע פונעם פאַרבעניש די האָר אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק...

בלענטש'עס פּנים פלעגט דאַן פאַרצויגן ווערן מיט אַזאַ מאָדנעם אומעט. עפּעס איז דאָס אויך ניט געווען קיין גוטער גרוס, אָבער פונעם אומעט פלעגט אויפגיין אויך אַ טרייסט, אַז סוף כל סוף איז קיינעם ניט גוט.

אויך גאָלדע האָט זיך אויסגעלעבט אַרום די רייד און אַזוי ווישנדיק די טעלער פון וועטשערע פלעגט זי אַרויסלאָזן אַ זיפץ און זאָגן: „יאָ, אַלץ אין איינעם איז ניטאָ ביי קיינעם".

אָבער איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ווען גאָלדע איז צוגעקומען צום שאַפּ, האָט זי שוין אונטן געטראָפן שטיין אַ פּאָר מענטשן, אַרבעטער פון שאַפּ, וואָס האָבן איר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז די מרס. דזשעקנעס איז געשטאָרבן און אַז דער שאַפּ וועט זיין פאַרמאַכט צוויי טעג.

גאָלדע איז בעת מעשה אַזוי צעטומלט געוואָרן פון די נייעס, אַז זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. האָט זי אָנגעהויבן מיט דעם געוויינלעכן נוסח: „אַז זי איז געווען אַזאַ וואוילע, און נאָך אַ יונגע", אָבער טשאַרלי דער פּרעסער האָט איר גלייך געגעבן אַ זאָג אָפּ: „זע נאָר, קוק זי נאָר אָן, ווי זי האָט זיך אוועקגעשטעלט באַקלאָגן די רויטע כאַלעריע"...

מיטאָג צייט איז שוין די נייעס געקומען צו בלענטש'ן. בלענטש איז דאַן פּונקט אַרוים פון רעסטאָראַן. זי האָט זיך געהאַלטן אין צושפּיליען איר גרויען מאַנטל, זי האָט אַ לעצטן קוק געטאָן אין דעם זייטיקן שפּיגל וואָס ביים אַריינגאַנג, אַראָפּגעצויגן אַביסל מער איר גרויסע גרויע פּעלצענע הוט, געוואָרפן אַ פאַרבייאיקן בליק צו דעם פופציק-יאָריקן שטעמפּל, וואָס האָט זיך געקאַרבט אין די ווינקלען פון די אויגן. זי האָט אויסגעגלייכט אירע פּלייצעס, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ געווויסן אומבאַוואוסטזיניקן שטאָלץ, עפּעס אַ מין סע-אַרט־מיך־ניט מלבוש, און מיט איילנדיקע טריט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג צו דעם שאַפּ, וואו זי האָט געאַרבעט.

אַ האַסטיגער צי ביים אַרבל האָט אָפּגעשטעלט איר גאַנג:

— גאָלדע! פון וואַנען קומסטו? — האָט בלענטש כמעט מיט פרייד אויסגעשריען.

אַן אומרואיקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף גאָלדע'ס ברייטן פּנים, איר אונטערשטע ליפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און געציטערט הילפלאָזיק. זי האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אָנצופאַנגען און וואָס איר צו זאָגן. פּלוצלונג האָט זי אויסגערופן:

— זע נאָר ווי מען פליט עס אַרום, איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט געגאַנגען אין אָטאָמאַט, ביסטו גאָר געגאַנגען אַהער, זע

נאָר אַ לעידי, מיטאָג צייט, האָסטו צייט פאַר אַזאַ רעסטאָראַן מיט אַ וועיטער און מיט די ווייסע סאַלפעטקעס?

און איידער בלענטש האָט צייט געהאַט עפּעס צו ענטפערן, האָט איר גאָלדע אַזוי פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן: „ווייסט, מרס. דזשעקנעס איז געשטאָרבן״.

ביידע פרויען האָבן זיך מאָדנע אָנגעקוקט. בלענטש האָט געקוקט אַף גאָלדע'ן און איר כמעט ווי ניט געזען, איר געשטאַלט האָט זיך ווי געוויגט אין אַ נעפּל. די פאַרבייגייענדיקע מענטשן האָבן ווי שוואַרצע כמאַרעס זיך געשטויסן איינע אין די אַנדערע. בלענטש איז געשטאַנען און זיך ניט געקענט רירן פון אָרט. זי איז יעדן פאַרבייגייער געווען אַ שטערונג, איר קערפּער האָט אָבער ניט געפילט די שטויסן פון די מענטשלעכע עלנבויגענס. גאָלדע האָט זי גענומען אונטערן אָרעם, איז אָפּגעגאַנגען מיט איר אין דער זייטיקער גאַס. ערשט דאַן האָט זיך ביי בלענטש'ן אַרויסגעריסן עפּעס אַזאַ רעוועדיג געוויין...

גאָלדע האָט איר געוויין ניט געקאָנט באַנעמען. אָט האָט זי געמיינט, אַז דאָס איז פאַלש, אַן אָנשטעל אַזאַ. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי געטראַכט, אַז בלענטש איז סך הכל אַ גוטע נשמה, אַז קיין שלעכטס האָט זי אויף קיינעם ניט געוואָלט זען...

בלענטשע'ס מוח האָט געאַרבעט מיט אַ פיבערדיקער שנעלקייט. פאַרלאָרנקייט און אויפברויז האָבן זיך געשטויסן איינע אין די אַנדערע און ענדלעך איז דער געפיל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בולט בילד. איר פייוול, וואָס איז רייך און האָט אַזאַ אָנגעזעענעם נאָמען אין דער קליידער אינדוסטריע, איז ווידער פריי... ער קען איצט נעמען אַ יונגע שיינע פרוי. ניט איינע פון זיינע מאָדעלן וואָלט געווען צופרידן צו ווערן מרס. פיליפּ דזשעקנעס. און זי וועט ווידער פאַרשעמט ווערן פאַר די לאַנדסלייט, פאַר דער וועלט. איר שוועסטער בערטאַ וועט אַלץ קוקן אויף איר מיט רחמנות און זיפצן... און זי וועט כסדר לויפן אין שאַפּ אין די פאַרטאָגן, אַרבעטן און אָפּנעמען אַלערליי גרוסן פון אַ נייער, יונגער, שיינער מרס. דזשעקנעס...

די קומענדיקע וואָכן זיינען געווען טומלדיקע. גאָלדע האָט ווי שטענדיק געבראַכט פאַרשיידענע גרוסן פון פיליפּ'ס שאַפּ: ווי ער זעט אויס, צי טרויערט ער שטאַרק נאָך זיין ווייב? צי קומט ווער

פון זיינע קינדער אין שאַפּ? אָבער די אַלע גרויסן זיינען דאָס מאָל געקומען ניט צו בלענטש׳ן, נאָר צו איר שוועסטער בערטאַ.

די עלטערע שוועסטער האָט מיט אַלע כחות און מיט אַלע וואונטשן פון איר פאַנטאַזיע גענומען בויען אַ נייע האָפענונג, צו פאַרגאַנצן איר שוועסטער בלענטש׳עס איבערגעריסענעם לעבן.

בלענטש האָט אָבער יעדן געפיל, יעדן ברעקל פאַרבאָרגענע האָפענונג ווי איינגעשמידט אין אייזערנע רייפן. זי האָט אַליין געבויט אַ שויץ־וואַנט געגן דער געפאַר פון נאָך אַמאָל פאַרשעמט צו ווערן. אַז עמיצער פלעגט עפּעס וועלן איבערגעבן פון פיליפּ׳ן אָדער „עלסי׳ס איווינינג פּראַקס", פלעגט זי ממש אויפשפּרינגען פאַר כעס...

אָבער איינמאָל, ווען בלענטש איז אַהיים געקומען, איז בערטאַ איר געגאַנגען אַנטקעגן מיט אַ צעשטראַלטן פּנים. זי איז צוגעקומען צו איר נאָענט, איר אַרומגענומען, אָנגעפאַנגען עפּעס זאָגן און זיך פאַרהאַקט. זי האָט געזוכט יענעם אַמאָליקן טאָן, עס זאָל באַהויכן אירע רייד מיט דער וואַרימקייט און היימישקייט פון מיידלשער יוגנטלעכקייט און זי האָט נישט געוואוסט ווי אָנצוהויבן. האָט זי אַ זאָג געטאָן איז אַ ציטערדיק קול:

— בלומע, ער וויל זיך מיט דיר זען, זיך דורכרעדן.

בלענטש האָט אָנגעקוקט איר שוועסטער, זי איז ניט געווען איבעראַשט. צופיל יאָרן האָט זי דעם געדאַנק געכאָוועט אין זיך, אָבער איצט ווען בערטאַ האָט דאָס איר געזאָגט, האָט זי אָן שום נאָכטראַכטן אויסגעשריען:

— ניין! איך וועל אים ניט זען, ס׳איז ניטאָ וואָס צו רעדן. ס׳איז אַלץ אָפּגערעדט געוואָרן מיט דרייסיק יאָר צוריק, צווישן אַ יונגן בחור פּיוול מיט אַ יונגער שיינער אַכצן־יאָריקער בלומקע. פּיוול איז איצט אַ איד אַן אַלמן, אַ באַבייכלטער מיט אַ פּליך, וואָס האָט שוין אייניקלעך. אמת, ער איז רייך, האָט אַ שאַפּ...

בערטאַ׳ס מאַן, לואי, וואָס איז געזעסן אין צווייטן צימער, און זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, איז אַריינגעלאָפן און מיט כעס זיך אַריינגעמישט אין זייערע גערייד.

— זע נאָר אַ געשפּרעך צווישן די ווייבער, מען רעדט דאָס ווי פון די ביכער אַרויס, אַזוי געשליפן. זע נאָר, קוק זי נאָר אָן, ס׳געפעלט

דיר נאָך ניט ? אַזוי אַ פֿליך, אַ בייכל, און דו, בלענטש, פֿאַרגעסט ?...
בלענטשעס פּנים האָט זיך באַגאָסן מיט אַ צונטערקייט, אירע אויגן האָבן געפֿלאַמט מיט אויפֿגערעגטקייט און זי האָט זיך ענדלעך אַריינגעריסן אין לואי׳ס רייד:

— איר דאַרפֿט מיר גאָר ניט דערמאָנען ! איך ווייס, איך בין אויך ניט בליומקע. איך בין בלענטש, וואָס האָט צעריבן עטלעכע און צוואַנציק יאָר אין די אַמעריקאַנער שעפּער. איך האָב דורך דער צייט אָפּגעשפּאָרט אַ ביטערן געמיט, אַ ווייטיק אין די ביינער און אַ טיטול אַלטע מויד. נו, איז דענקט איר, אַז דאָס איז אַ גענוגנדיקער נדן פֿאַר דעם מאַנופֿעקטשורער פֿיליפּ דזשעקנעס ?...
— זע נאָר, צו מיינע שונאים׳ס קעפּ. ווי מ׳האָט זיך עס צע־היצט. שאַ, שאַ זאָל זיין. איר זייט ביידע ניט גערעכט.
בלענטש האָט אָנגעקוקט איר שוועסטער און איז אָן ווערטער אַריין צו זיך אין צימער.

זי האָט זיך מעכאַניש גענומען אויסטאָן אויף צו גיין שלאָפֿן, כאָטש זי איז נאָך ווייט ניט געווען שלעפֿעריק. זי האָט אויסגעטאָן די שיך. אירע פֿיס, ברייטע ווי ביי איר מאַמען און ביי איר שוועסטער בערטאַ׳ן, זיינען נאָך פֿון די יאָרן זיין אַ „דרייפֿערן", שטיין אויף די פֿיס, ברייטער געוואָרן. זייער אויסזען אַזוי מאַסיוו. זי האָט די פֿיס אירע אין געדאַנק פֿאַרגליכן מיט בליומקע׳ס פֿיס. אמת, זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין געטאָקטע פֿיסלעך, אָבער דאָן פֿלעגט זי אָנטאָן אַ פּאָר טופֿליעלאַך מיט שלייפֿלעך פֿון פּאָרנט, מיט הויכע אָפּסאַצן, האָבן אירע פֿיס אויסגעזען יונגנטלעך, שיין. היינט מוז זי טראָגן שיך מיט אַ נידעריקן אָפּצאַס...

אויך אירע הענט זיינען אַזוי גרויס, שטענדיק צעקאַליעטשעט פֿון די שפּילקעס, צעשטאָכן, פֿאַרמאַטערט. ווי וועט גאָר אויף אַזאַ האַנט פּאַסן אַ רינגל ? זי האָט גענומען אויסטאָן אירע קליידער און איז אַ האַלב נאַקעטע געבליבן שטיין ביים שפּיגל. איר פֿולער קערפּער האָט אַ בלענד געטאָן מיט זיין גאַנצקייט און פֿרוילעכקייט. אירע בריסט, ווי איבערגעצייטיקטע טרויבן, האָבן נאָך ניט פֿאַרלאָרן זייער מיידלישקייט. זי האָט זיך גוט אָנגעקוקט ווי זי וואָלט ביי דער צווייטער בלענטש אין שפּיגל געזוכט דעם ענטפֿער אויף עפּעס. יענע

אין שפּיגל האָט אַ שמייכל געטאָן און בלענטש איז רואיקער געוואָרן און איז געגאַנגען שלאָפן...

לואי איז אַריין צו זיין ווייב אין קיך. בערטאַ, אַ מידע פון אַרומטאָפּטשן אַ גאַנצן טאָג ביי דער באַלעבאַטישקייט, האָט דערלאַנגט לואי׳ן אַ טעפּל קאַווע און אַליין זיך אויך ענדלעך אַוועקגעזעצט און אַזוי זיצנדיק האָבן זיך מאַן און ווייב גענומען דורכריידן. לואי האָט דער ערשטער אָנגעפאַנגען:

— וואָס איז די וואַרטעניש, וואָס? וואָס איז, פּיליפּ ווייסט ניט ווי זי זעט אויס? ער האָט דאָך זי עטלעכע מאָל געזען דורך דער צייט. נו, אַז ביי אים איז רעכט גלייך נאָך שלושים צו רעדן אַזעלכע דבורים, דאַרף עס ביי איר זיין ניחא. וואָס וועט זי אויס־זיצן? כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, בערטאַ, אַז כ׳ווייס, פאַר מיר וואָלט עס אויך בעסער געווען. דו מיינסט, אַז איך ווער אינגער? איך קען שוין ניט שטיין אויפן „סקעפאָלד" און שמירן. די לייכטערע, די אינעווייניגסטע דזשאַבס זיינען דאָ ווייניק. טראַכט איך, ביי אים דאָרט אין שאַפּ וואָלט ער מיר אפשר געגעבן אַ טשענס.

בערטאַ האָט געשמייכלט, אָבער געשמייכלט האָט זי ניט פון דעם, וואָס לואי האָט גערעדט, נאָר פון די פּאָר ווערטער וואָס פּיליפּ האָט געזאָגט, ווען ער האָט גערעדט צו איר אויפן טעלעפאָן:

— האָסט עפּעס שיינע טעכטער, בערטאַ? — האָט ער געפרעגט.

— זייער טייערע מיידלעך, איינע אַ בוך־האַלטערין, די צווייטע אַ לערערין...

— דאַכט זיך, זיי זיינען אין דעם זעלבן עלטער ווי מיינע באָיעס...

בערטאַ האָט געענטערט, אים געזאָגט דעם עלטער פון די טעכ־טער און שוין אַרונטערגענומען אַ פּאָר יאָר, ווי ס׳מאַכט זיך... און כאָטש פּיליפּ האָט מער גאָר ניט געזאָגט, האָט זיך ביי בערטאַ׳ן אין דער פאַנטאַזיע גענומען שפּינען אַ גאַנצע מעשה, אַז אַלץ איז ממש אַזוי באַשערט פון גאָט, אַז אַלע וועלן אויפגעריכט ווערן מיט דעם אָנפאַנג וואָס איר שוועסטער בלענטש וועט מאַכן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי וואָכן שפּעטער איז געפּראַוועט געוואָרן די פאַרלאָבונג צווישן פּיוולען און בלומקען.

דער טיש איז געווען זייער שיין געגרייט. פיליפּ דזשעקנעס איז געווען גוט אויפגעלייגט. ער האָט געבראַכט לואי'ן אַ שאַכטל מיט די גוטע האַוואַנאַ ציגאַרן. ער אַליין האָט דעם ציגאַר געהאַלטן אין אַ ווינקל פון מויל ווי עס וואָלט דאָרט איינגעמויערט געוואָרן. די דימענטענע שפּילקע אויפן בלוי־רויטן קראַוואַט האָט דערמאָנט, אַז די „עלסים איוונינג פּראַקס" און אַ צאָל קאָנטראַקטאָרס זיינען זיינע. ער האָט ווינציק גערעדט צו בלענטש'ן, נאָר געהאַלטן אין איין אונטעררוקן לואי'ן גלעזלעך מיט בראָנפן.

לואי'ס אויגן זיינען שוין געווען אינגאַנצן פאַרגאָסן פון די לחיימס. דער גרויסער האַוואַנאַ ציגאַר ביי אים אין מויל האָט זיך גענומען וואַרפן ווי אין שיכרות, אַט אַהער און אַט אַהין.

בלענטש איז געזעסן לעבן ביידע פּלימעניצעס. ביידע מיידלעך האָבן שוין פּלאַנירט דאָס חתונה קלייד פאַר זייער מומע. זיי האָבן געוואוסט אַלע אָנגענומענע כּללים און די קאָלירן, וואָס מען דאַרף טראָגן. זיי האָבן זייערע אייגענע חלומות אָנגעמאָסטן אויף דער מיטליאָריקער מומען און זי פאַרשלייערט אַלע מאָל אין אַן אַנדער חלום, אין אַן אַנדער קלייד.

בערטאַ, אַ פאַרפּלאָמטע, אַ פאַרהאָרעוועטע, איז אַלעמאָל צוגע־קומען צום טיש מיט אַן אַנדער מאכל. פיליפּ האָט פאַרזוכט פון יעדער פּאַטראַוועו, געטשמאָקעט מיט די ליפּן און אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל משקה.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען לואי און פיליפּ זיינען געווען היבשלעך בגילופנדיק, האָט זיך פיליפּ צוגעכאַפּט קושן לואי'ן און אים גערופן „שוואָגערל". דאַן האָט בערטאַ האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט געזאָגט:

— פיליפּ, איידער לואי ווערט דיין שוואָגער, דאַרף דאָך לכתחילה בלענטש ווערן דיין כּלה.

— טאַקע, טאַקע, זאָלסט אַזוי לעבן, בערטאַ, ווי איך האָב גאָר פאַרגעסן.

פיליפּ האָט זיך גענומען טאַפּן ביי אַלע קעשענעס פון זיין וועסטל, ביז ער האָט ענדלעך אַרויסגענומען אַ דימענטענעם רינגל. דער גרויסער דימענטענער שטיין האָט אַ בליאַסק געטאָן אונטער דעם עלעקטרישן אָפּשיין. ביי פיליפּ'ן אין קאָפּ האָט זיך עפּעס אַ מיש

געטאָן. ער האָט געזוכט די פּאַסיגע ווערטער צו דער געלעגנהייט און עס איז אים עפּעס ניט געקומען אין מויל. זיין פּנים האָט זיך געקרימט צי פון פאַרלעגנהייט, צי פון די איבעריקע גלעזלעך וואָס ער האָט איבערגעקערט מיט לואי'ן... ער האָט אַ נאַרישן לאַך געטאָן און געזאָגט:

— בלומקע, נאַ דיר, דאָס איז צוויי קערעטס, עס האָט די ווערט צוויי טויזנט דאָלער.

בלענטש האָט די אויגן געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט, זי האָט געפילט, אַז דורך דעם דימענט, וואָס פיליפּ האָט עס גלייך געשאַצט אין טויזנטער, האָט זיך פאַרט דורכגעריסן אַ לאַנג־יאָריקער חלום, אַ חלום וואָס הייסט: בלומקע—פייגל...

זי האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ, און אירע אויגן זיינען אויף אַ ווײַלע אויפגעגאַנגען דער גלאַנץ פון אַמאָל. זיי האָבן זיך אָפּגערופן אָפּן רוף „בלומקע". אַ מאָדנע וואַכזאַמקייט האָט איר אַרומגענומען, איר שטאָליגקייט און געצווימטקייט האָט גענומען אויפלייזן, נאָכגעבן. איר בליק, וואָס האָט זיך אַזוי נעפּלדיק פאַרצויגן האָט גענישטערט דעם ענטפער צו איר בענקשאַפט...

פיליפּ איז געשטאַנען עפּעס ווי פאַרלאָרן. זיין ליסענע האָט געשוויצט און ער האָט אַלע ווײַלע אַרויסגענומען אַ טיכעלע פון קעשענע און זיך געווישט. די דימענטענע שפּילקע האָט אַזוי מאַיעסטעטיש געבלישטשעט אין זיין שניפּס און דער בויך זיינער ווי אַן אויפגעיורענע טייג איז אַזש אַריבער דעם פּאַסיק פון די הויזן.

בלענטש האָט גענומען אָנטאָן דאָס רינגל, ס'איז געווען אַביסל צו קליין אויף איר מיטלסטן פינגער, אָבער זי האָט עס דאָך אַרויפגעשפּאַרט. ביידע פלימעניצעס האָבן עס גלייך גענומען באַוואונדערן „ווי שיין, ווי עס בלישטשעט"...

בלענטש האָט אויך געקוקט אַפּ'ן רינג און דערזען, אַז עס איז ניט ניי. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז זיין ווייב'ס רינג און פון די פייערלעך העננגט גאָר אַרויס דאָס שילד „עלסים איוונינג פּראַקס" און קינדער און אייניקלעך ציען זיך פון דעם, אַ משפּחה־קנופּ צו וועלכן זי האָט גאָר קיין שייכות ניט... אַ וואָלקן האָט זיך גענומען ציען אויף איר פּנים און זיך פאַרוואַנדלט אין קנייטשן אַרום מויל. עס האָט זיך איר שטאַרק געוואָלט וויינען, וויינען און אויסשרייען:

— ס׳איז צו שפּעט, ס׳איז שווער צו פאַרבינדן מיט אַ דימענ־טענעם רינגל אַ צעשטערט לעבן, אַ פאַרלאָרענע יוגנט, ס׳איז פאַר־שפּעטיקטע פרייד...

אָבער אין הויז איז די שמחה געווען אַזוי גרויס, מען איז זי באַפאַלן קושן, מזל טוב, מזל טוב, און גליקלעך איז געווען איר שוועסטער בערטאַ, ווען זי איז אויף מאָרגן געשטאַנען לעבן הויז און געזוכט מיט די אויגן באַקענטע אָדער שכנים אויף צו טיילן זיך מיטן גליק וואָס האָט געטראָפן איר שוועסטער בלענטש׳ן דאָס גליק פון „צוויי קאַרעטס", דאָס דימענטענע גליק...



# דאָס פּסחדיגע קליידל

דער פּרימאָרגן האָט געבראַכט אַ נייעם אויסגעוואַשענעם אַפּריל טאָג. דורכן פענצטער, וואָס איז געווען אָביסל אָפן, האָט זיך אַריינגעריסן אַ פריש פרילינג ווינטל, וואָס האָט באַוועגט דאָס קאָלירטע טישטוכל אויפן טיש און עס אויפגעבלאָזן איןביידלעך...

אויפן טיש זיינען געשטאַנען עדות פון אַ ניט־דערענדיקטן פרישטיק, אַ ניט־דערטרונקען טעפל קאַווע מיט אַ האַלבן בייגל, וואָס סידני האָט איבערגעלאָזט, אַנטלויפנדיק שנעל צו דער אַרבעט, און אַביסל מילך, וואָס סילוויע האָט איבערגעלאָזט. זי האָט זיך היינט געאיילט מער ווי שטענדיק. ערב עקזאַמען איז סילוויע מערסטנס נערוועז, און קאָן קיין פרישטיק ניט עסן...

בערטאַ האָט אָטאָמאַטיש אָנגעהויבן איר טעגלעכע רוטין. זי האָט גענומען אַרונטערנעמען פונעם טיש, דערביי באַטראַכט דאָס ביסל מילך, וואָס די טאָכטער האָט איבערגעלאָזט, און באַדויערט, וואָס לעצטנס עסט דאָס קינד אַזוי ווייניג... זי האָט דאָס ביסל קאַווע שנעל אויסגעגאָסן, עפּעס מיט פאַרדראָס... אַ מאָדנע געפיל האָט זי אַרומגענומען פון נעכטן אָן. אַ מאָדנער געדאַנק, וואָס עסט זי ווי זשאַווער...

נעכטן האָט זי זיך אַזוי שיין פאַרקאָמט, דאָס פּנים צוגעפּודערט, די ליפּן פריש צוגעפאַרבט, און דערנאָך ערשט אָנגעטאָן דאָס נייע קליידל, אַז סידני זאָל זאָגן מבינות... און ער, מיט איין בליק, גיט זיך אַזוי פּשוט אַ זאָג:

— וואָס איז דאָס פאַראַ קליידל? עס זעט דאָך אויס ווי דיין קליין שוועסטערל׳ס, אָדער ווי דיין טאָכטער׳ס...

— מיינסט, דאָס קליידל איז צו קינדעריש? — האָט בערטאַ מילד געפרעגט.

— ניין, ניט קינדעריש. אָבער עס פּאַסט פאַר אַ מיידל פון 16 אָדער 18 יאָר...

איז שוין לאַנג ווי בערטאַ איז אַנטלאָפן פון אירע 18 יאָר, איבערהיפּענדיג אַ סך ניט דערגאַנצטע פריידן, ניט דער׳חלומ׳טע

פרילינגען. פאַרשטיקטע באַגערן און בענקשאַפטן זיינען געווען אירע שטענדיקע באַגלייטער.

און די יאָרן זיינען זיך געגאַנגען, זיך אָנגעקליבן, זיך אָנגעציליעט ווי קאַרעלן אויף אַ שנור, און זיך דערקליבן צו 40...

שטענדיק, ווען בערטאַ רעכנט אויס אירע יאָרן און דערזעט דעם אונטערגעפירטן סך הכל מיטן נומער 40, וויקלט איר אַרום אַ מאָדנע שרעק... אמת, אָט די אומרו האָט זי שוין גענומען פילן נאָך צו די דרייסיק יאָר. אָבער עס האָט זיך איר דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז צו פערציק איז נאָך אַזאַ מהלך, וואו זי וועט קיינמאָל ניט אָנקומען...

„פערציק יאָר"... — פלעגט זי אַרויסזאָגן מיט פאַרזאָרגטקייט און זיך אָנהויבן באַטראַכטן...

„מיין פיגור איז נאָך שלאַנק, — מיין פּנים האָט נאָך ניט קיין קנייטשן, — און די בריסטן זיינען געבליבן אַזוי יוגנטלעך־מיידלעש... איז ווער וועט מיר דען געבן די יאָרן?...

„פרויען זיינען אַזוי אַלט, ווי זיי זעען אויס" — זאָגט אַ שפּריך וואָרט, און איך וועל שטענדיק זיין יונג, שטענדיק פרויאיש און אָנציִענדיק..."

כדי פאַרווישן יעדן אָנזאָג אויף מיטעליעריגקייט, איז זי, בערטאַ, אוועק זוכן אַ גאָר שיין קליידל, מיט אַלע יוגנטלעכע רייצן... אַ קליידל, וואָס זאָל צוריקקערן אַלע פאַרגאַנגענע פרילינגען אירע...

און זי האָט געפונען דאָס קליידל מיט די קעסטעלעך און מיטן רויטן סאַמעטענעם שלייפעלע ביים האַלז...

„ווי די מאָדעס חזר'ן זיך עס איבער", — האָט בערטאַ געטראַכט.

„דאָס קליידל איז אַזוי ענלעך צו יענעם קליידל, וואָס די מאַמע האָט איר אַמאָל געהאַט אויפגענייט אויף פּסח. זי איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר צוועלף צו דרייצן"...

יענע קליידל איז אויך געווען אין קעסטעלעך, און אויך מיט אַ רויט שלייפעלע... און די בלוזע־טייל, אין דינע פעלדעלעך, האָט זי געמאַכט אויסזען פולער, רונדיקער... אין יעדן פעלדעלע האָט זי דאַן אַ חלום פאַרזייט, אירע אויפגעבליטע רונדקייטן געגלעט מיט נייגער פון אייגענעם בליק, און געטראַכט:

„זאָל נאָר דוד'ל זי אָנקוקן אינעם נייעם קליידל. ער וועט איר שוין מער ניט זאָגן, אַז זי איז נאָך אַ קינד... זאָלן אַלע אינגלעך,

וואָס לערנען ביי איר טאַטן אין חדר, זי זען... זאָלן אויך אירע ברידערלעך זי אָנקוקן אין דעם נייעם פּסח'דיגן קליידל... זיי וועלן שוין מער ניט זאָגן דעם פּסוק פון שיר השירים: „אחות לנו קטנה ושדיים אין לה", און קוקן אויף איר און לאַכן...

דאַן האָט זיך איר געדאַכט, אַז מיט דעם נייעם קליידל אויף פּסח, האָט זי „איינגענומען די וועלט" און בייגעקומען אַלע שוועריג־קייטן...

יענעם פּסח האָט זי שוין טאַקע אַ סך אַרויסגעהאָלפן דער מאַמען. דאָס זילבערוואַרג מיט די קופּערנע פאַנען אויסגעשייערט דריי מאָל און גרייט געמאַכט אויף צו כשר'ן... דאָס פּסח'דיגע געפעס פון בוידעם אַרונטערגענומען און אַלץ איבערגעוואַשן. די מאַמע האָט איר דאַן צוגעזאָגט אַ נייעם כוס אויף אם ירצה השם איבעראַיאָר פּסח, ווייל פון איר אַלטן, קליינעם כוס איז דאָס גאָלד מיטן „של פּסח" איינגאַנצן אַראָפּגעקראָכן, און זי דאַרף שוין בכלל האָבן אַ גרעסערן כוס, ווייל זי איז שוין קיין עין הרע אַ גרויס מיידל.

דאָס אַלץ האָט איר געגעבן דעם געפיל פון אַ דערוואַקסענער — און עס האָט זי שוין מער ניט פאַרדראָסן אויף די ברידערלעך, וואָס זיי פירן אַזאַ ראָלעביים סדר... כאָטש שטענדיג האָט זי מקנא געווען איר עלטערן ברודער, ווי ער זיצט זיך ביים טאַטנ'ס זייט און פרעגט די פיר קשיות מיט אַזאַ גדלות... און כאָטש דער קלע-נערער ברודער שווייגט, און קוקט בלויז אַרויף צום טאַטן, זיצט ער אויך, ווי אויף אַ וויכטיגער פּאָזיציע... זיין אויפגאַבע יעדן פּסח איז צו גנב'ענען דעם אַפיקומן...

בערטאַ האָט איר קליינעם ברודערל דערפאַר אַ נאָמען געגעבן „שאינו יודע לשאול", און אַריינגעכאַפּט גענוג קלעפּ דערפאַר...

איר ראָלע ביים סדר־טיש איז אָבער תמיד געווען אַזאַ אומ-וויכטיקע. דער טאַטע פלעגט אָנפילן די כוסות מיט וויין, און שטענדיק זי געהיט, צי זי האָט מיט איר קליין פינגערל גוט אויסגע-שעפּט די מכות פון איר קליינעם כוס...

און שפּעטער, ווען דער טאַטע האָט שוין געהאַלטן ביי „אחד מי יודע", איז דער קלענערער ברודערל געשלאָפן. דער עלטערער האָט אויך קוים געהאַלטן אָפן די אויגן. די מאַמע, אַ מידע, האָט געהאַלטן אין איין געניצן, און עס האָט אויסגעזען ווי דעם טאַטנס

אַרמיי האָלט זיך ביים צעפּאַלן... דאַן פלעגט דער טאַטע אַרויסקוקן פון דער הגדה און מיט אַ בליק פון „ראַטעווע" געבעטן בערטאַ'ן זי זאָל אים אַרויסהעלפן...

דאַן פלעגט זי ברוגז'לעך מיטזינגען מיטן טאַטן די „הגדה", ביז די מאַמע האָט צוגעטראָגן צום טיש דאָס געקאָכטע עוף. דער טאַטע, אַ צופרידענער, פלעגט אָפּרייסן דאָס פליגעלע און איר געבן:

— נאַ־דיר, טאָכטער, דאָס פליגעלע! — האָט ער ברייטהאַרציק געזאָגט, — אַז דער טאַטע איז אַ קבצן, דאַרף מען פאַר אַ טאָכטער האָבן פליגל!...

בערטאַ פלעגט זיך שטענדיק פאַררויטלען בעת דער טאַטע האָט דאָס געזאָגט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט דער טאַטע שוין די זאָרג וועגן אַ חתן פאַר איר...

יענעם מאָל, אָבער, ווען דער טאַטע האָט דאָס געזאָגט, האָט זיך איר פּנים בלויז אַ מיניע געטאָן. זי האָט זיך באַטראַכט אין דעם נייעם קליידל, אין דער קיילעכדיקייט אַרום די היפטן, אין דער פולקייט פון דער בליוזע, אין די צוויי שוואַרצע צעפּ מיט די רויטע סטענגעס און זי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן דוד'לען... בעת מעשה איז זי געווען זיכער, אַז דאָס פליגעלע וועט העלפן...

און דאָס פליגעלע, זעט אויס, האָט טאַקע געהאָלפן... צו צוואַנציק יאָר האָט זי אין אַמעריקע חתונה געהאַט מיט סידני'ן... אָט איז שוין צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווידער ערב פּסח, און איר געבורטסטאָג דערצו...

„זאָל כאָטש קיינער קיין בלומען ניט ברענגען" — האָט זי געטראַכט — „עס וואָלט דאָך געווען עפּעס אַ לצניש שפּיצל, אַז גראָד איצט, צו איר 40סטן געבורטסטאָג, זאָל מען איר ברענגען מתנות אָדער בלומען...

בערטאַ האָט קיינמאָל קיין מתנות צו איר געבורטסטאָג ניט געקראָגן. יענע יאָרן, ווען יוגנטלעכקייט און רייץ האָט געשפּראָצט פון איר יעדן אבר, און אַלץ אין איר האָט געבענקט נאָך ראָמאַנטיק,— זענען אירע געבורטסטעג פאַרווישט געוואָרן מיט זאָרג פונעם גאַנג פון לעבן. זי פלעגט ניט איינמאָל טראַכטן, חלומ'ען, אַז פון ערגעץ וועט זיך אַמאָל עמיצער באַווייזן מיט אַ בלום, צו מיט אַ בלימל, און וועט איר שטיל אַריינשושקען אין אויער אַריין:

— צו דיין געבורטסטאָג, מיין ליבסטע...

זיינען די יאָרן געלאָפן און קיין בלומען האָט קיינער ניט געבראַכט...

האָבן זיך וואָלקנדלעך פון זאָרג פאַרשפּרייט אויף בערטאַ׳ס פּנים, און זי האָט געוואָלט מיט איר אומרו אָפּשטעלן די צייט. האָט זי פּרובירט זיך פאַרשפּילן מיט זכרונות פון איר קינדהייט, און זיך איינגעקויפט דאָס קליידל מיט די קעסטעלעך... געמיינט, אַז אַ נייער פרילינג וועט אין איר אויפגיין.

האָט איר סידני געזאָגט, אַז „דאָס קליידל איז פאַר אַ 18-יאָריגער"... זעט אויס, אַז דאָס קליידל האָט גאָרניט געקאָנט פאַר-הוילן. דאָס רויטע שלייפעלע ביים האַלז האָט גאָר שאַרפער אונטער-געשטראָכן דעם אָנפאַנג פון איר מיטליאָריגקייט...

בערטאַ האָט צוגערופן איר טאָכטער סילוויען, און געבעטן זי זאָל אַף זיך אָנמעסטן דאָס קליידל.

סילוויעס 18 יאָר האָבן אינעם קליידל אויפגעשטראַלט ווי זיבן זונען...

דערנאָך האָט בערטאַ איר פאַרקאַמט די האָר אין צוויי צעפּ, פאַרנומען פון פאָרנט מיט צוויי רויטע סטענגעס, און זיך געשפּיגלט אין איר טאָכטער...

סילוויע האָט הנאה׳דיק געלאַכט, וואָס דער מאַמעס קלייד פּאַסט איר אַזוי, און וואָס די סטענגעס מאַכן זי אויסצוזען ווי אַ דאָרפס-מיידל... סידני האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון דער טאָכטער׳ס שיינקייט...

בערטאַ האָט אויך געלאַכט און געלאַכט און געלאַכט, אַקוראַט ווי זי וואָלט אויסגעלאַכט אַלע אירע פרילינגען און זיי אַוועקגעגעבן איר טאָכטער צוזאַמען מיטן קליידל...

סילוויע האָט פאַרחידושט געקוקט אויף דער מוטער און גע־פרעגט:

— וואָס איז מאַמע? עפּעס לאַכסטו היינט אַזוי מאָדנע!...

היינט האָט זיך דער פרימאָרגן געשטעלט אַזאַ פרילינגדיקער... עס שמעקט מיט אַ נייעם ערב פּסח... דער פרישטיק איז געבליבן שטיין אויפן טיש ניט פאַרענדיקט... אויפן האַרצן איז אַזוי פריידיג אומעטיג.

און סילוויע איז אַוועק אין אוניווערזיטעט, אָנגעטאָן אין איר מאַמעס פּסח׳דיקע קליידל...

# פליייש און בלוט

לויט דער רעקאָמענדאַציע פון אַ פריינט איז דער שרייבער ל. גאָלדפאַרב געפאָרן אויף דער פאַרם צו די באַרקינס זיך אָפּרוען.

די באַרקינס, האָט מען געזאָגט, זיינען זייער וואוילע, האַרציגע פאָלקס-מענטשן, מיט אַ באַציאונג צו די פיינערע זאַכן אין לעבן, און זיי האָבן אַ ספּעציעלן דרך-ארץ פאַרן אידישן וואָרט און אידישע שרייבער. די באַרקינס „מאַכן ניט קיין לעבן" פון זייערע געסט. זיי באַשעפטיגן זיך גאָר מיט האָדעווען הינער, פאַרמאָגן אַ פּאָר קי, אַ שטיקל פעלד. קיין קינדער האָבן זיי ניט, האָבן זיי חיונה מיט דער פולער האַנט.

ער, דזשאָו באַרקין, אַ מאַן שוין אין די פופציקער, אַ הויכער, ברייט-פּלייצעדיגער, האָרעפּאַשנער איד אין „אָווערגאָלס". זיין פרוי, מאַניע, איז דער היפּוך פון אים: קליין געוואַקסיג, אַ דינע, כמעט קינדישע פיגור, וויים-געוואָרענע האָר און בלויע אויגן.

מאַניע און איר מאַן דזשאָ וואוינען שוין אויף דער פאַרם ביי 25 יאָר, נאָר מאַניע האָט זיך דאָרט נאָך אַלץ ניט איינגעבירגערט, זי איז אויף דער פאַרם אַלץ ווי אויף דערוויילע...

ווינטער איז פאַר מאַניע'ן די גרעסטע אָפּקומעניש, — אָפּגעריסן פון אַלץ און אַלעמען. אַלץ אַרום איז פּוסט. פאַרשנייטע פעלדער ציען זיך אין גרעניצלאָזער ווייטקייט. דיביימער, נאַקעטע, ציטערן פון פראָסטיגן ווינט. דער פרימאָרגן-קריי פון די הענער, וואָס מאַניע האָט אַזוי ליב, הערט זיך אויך ווי דורך אַ צענטער וואַנט, ווייל טיר און טויער זיינען פאַרמאַכט. מען דאַרף איינהאַלטן דאָס ביסל וואַרעמקייט אין הויז.

דערפאַר, אָבער, זומער פלעגט מאַניע אָפּלעבן. ווי עס האָט זיך נאָר באַוויזן די ערשטע שוואַלב פון פרילינג, פלעגט זי צעעפענען טיר און טויער און זיך נעמען גרייטן אויף געסט...

מענטשן וועלן קומען פון שטאָט, מענטשן מיט ביכער, מיט טעקעס, מיט נייע אידייען. זי פלעגט אָנהויבן רייניגן דאָס הויז און זיך פּאָרען אַרום דער באַלעבאַטישקייט:

— דזשאָו, מען וואָלט געדאַרפט אָפּפאַרבן דאָס הויז הייַנטיגן פרילינג, — פלעגט זי אָנהויבן גלייך נאָך פּסח.

— מען וואָלט געדאַרפט אַריינשטעלן געבעטע שטולן אין די געסט־צימערן. אָדער ווייסטו גאָר וואָס, דזשאָו, מען וואָלט געדאַרפט מאַכן נייע בענק אויף דער טעראַסע און אָפּפאַרבן זיי מיט כינעזיש־רויט...

— כינעזיש־רויט, אין דעם הינטערגרונט פון גרין אַרום, וועט זיין וואונדערלעך שיין, — האָט מאַניע אָנגעהויבן פאַנטאַזירן...

דזשאָו פלעגט בעת מעשה זיך בייזערן:

— שוין, שוין, זי פוצט זיך שוין פאַר די שרייבערלעך... פאַר די קינסטלער... וואָס דרייסטו אַ קאָפּ מיט כינעזיש־רויט, מיט בלומען, מיט ווייכע שטולן?... איך וועל אויספּוצן מיט פרישע מילך און אייער, וועלן זיי קומען, דיינע קינסטלער. זיי וועלן קומען...

מאַניע פלעגט זיך אָנ׳ברוגז׳ן און געבן אַ געשריי, מעשה אינטעליגענטקע:

— אַזאַ קאַלטער פּראָזאַאיקער ווי דו ביסט האָב איך נאָך ניט געזען...

דער סוף איז אָבער געווען, אַז מאַניע האָט אַלעמאָל אויסגעפירט אירס.

ווען ל. גאָלדפאַרב איז אָנגעקומען אויף זייער פאַרם איז שוין אַלץ געווען פאַרפּוצט, כאָטש עס איז געווען ערשט אָנהויב יוני.

דאָס הויז פון דרויסן — אָפּגעפאַרבט וויים. די פענצטער און טירן — רויט. איינגעטונקט אין שאָטנדיגער גרינקייט — האָט עס אויסגעזען ווי אַ בילד אין אַ צויבער־מעשה׳לע. די פריש־געפאַרבטע בענק, אויסגעשטעלט אויפן גרינעם גראָז, האָבן געפינקלט קעגן דער זון מיט זייער נייקייט. מאַניע באַרקין איז אים אַנטקעגנגעקומען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— איך בין אוודאי דער ערשטער גאַסט ביי אייך הייַנטיגס יאָר,

— האָט גאָלדפאַרב געפרעגט מיט אַ שמייכל און אָוועקגעשטעלט זיין באַגאַזש.

— ניין, אונזער פאַניע איז שוין דאָ די צווייטע וואָך.

— און ווער איז אייער פאַניע? אַ טאָכטער?

— פאַניע? — האָט זי זיך פאַרטראַכט און אַ זיפץ געטאָן, —

ניין, ניט קיין טאָכטער — אַ פריינט. אַ וואונדערבאַרער, האַרציגער מענטש, אַ ליבע, גוטע נשמה. זי קומט אַרויס צו אונז יעדן אָנפאַנג יוני און בלייבט דעם גאַנצן חודש, אַזוי פאַר די לעצטע צוועלף יאָר...

גאָלדפאַרב האָט אָפּגעווישט די פּאָר טראָפּנס שווייס אויף זיין ליסענע. זיין לינקע אויג האָט אַ צוק געטאָן פון אונטער די גראָבע ברילן, ווי שטענדיג פון נייגעריגקייט און פאַרלוירנקייט, און מיט זיינע פולע ליפּן האָט ער אַ ציִ געטאָן אַביסל רויך פון זיין סיגאַרעט, אַרויסמורמלענדיג, ווי אונטער דער נאָז:

— אינטערעסאַנט, אינטערעסאַנט...

ער האָט זיך שנעל באַקענט מיט יעדן ווינקעלע אין הויז, מיט די פּאַר'כישופ'טע וועגעלעך אַרום, מיטן באַלעבאָס, דזשאָו באַרקין, און מיט מאַניע'ן, וואָס זיצט אויף דער פאַרם, כאָוועט די הינער און שוועבט ערגעץ אין אַ פאַנטאַסטישער וועלט, אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי זי האָט דאָ. נאָר מער פון אַלץ האָט אים פאַראינטערעסירט פייגל, אָדער פאַניע, ווי מאַניע האָט זי גערופן.

פייגל האָט אויסגעזען צו זיין אַ פרוי אין די שפּעטע דרייסיקער אָדער אַרום פערציג. אַ קאָפּ שוואַרצע געלאָקטע האָר, דורכגעזיפּט מיט עטוואָס גרוי, האָט געגרייכט אירע אַקסלען. אויגן — שוואַרצע, אָנגעפילט מיט פאַרגליווערטן פייער — האָבן שטענדיג געקוקט ערגעץ פאַרבענקט. די ווינקלען פון מויל האָט זי געהאַלטן אַביסל עקשנות־דיג איינגעצויגן, ווי זי וואָלט מיט געוואַלד איינגעצאַמט, אַז אַ גרויסער סוד זאָל ניט אַרויס פון דאָרט.

בלויז ווען מאַניע פלעגט זי אַמאָל אַרומנעמען און זאָגן: „פייגעלע", פלעגט זיך איר גאַנצע פאַרשטיינערטקייט אָפּטאָן, און דאָס גאַנצע עקשנות אַרום איר מויל פלעגט אַוועקגיין. איר פּנים פלעגט ווערן מילדער, און אירע אויגן פלעגן פאַרלויפן מיט אַ גלאַנציגן טוי...

פאַר די פּאָר וואָכן וואָס ל. גאָלדפאַרב איז געשטאַנען אויף דער פאַרם האָט ער געהאַט גענוג צייט צו שטודירן אירע באַוועגונגען און שטימונגען. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנץ דערפאָלגרייכן שרייבער, פאַר אַ גוטן פּסיכאָלאָג און קענער פון פרויען. איז פאַר אים טאַקע געווען אַ רעטעניש, וואָס אַזאַ מיידל ווי פאַניע איז ניט פאַרהייראַט...

זי איז נאָך איצט אויך זייער שיין, קלוג, אינטעליגענט. אַרבעט זי גאָר אין שאַפּ, קומט אַרויס אַהער אין חודש יוני, אַזוי שוין פאַר די לעצטע צוועלף יאָר. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ טעמע ער האָט דאָ...

איינמאָל אין אַן אָוונט, די באַרקינס, — מידע פון דעם גאַנצן טאָג, זיינען געגאַנגען פרי שלאָפן. אין דרויסן האָט געגאָסן צעבער־וויז און אַרויסצוגיין איז געווען אוממעגלעך. איז גאָלדפאַרב'ן איינגעפאַלן: ער וועט גאָר אַריין צו פייגל'ען אין צימער. אָט, מען וועט אַביסל באַלאַקען...

דאָס צימער, פייגלס, איז געווען מעבלירט אַנדערש ווי די אַנדערע צימערען. עס האָט געהאַט אַ ברייטן דיוואַן, צוויי פיינע געבעטע שטולן, אַ שרייבטיש און אַ לאָמפּ אויפן שרייבטיש. אַ צווייטער לאָמפּ, לעבן דיוואַן, האָט געוואָרפן אַן אנגענעמע ליכט און אָנגעפילט דאָס צימער מיט וואַרעמקייט און שטימונג.

פייגל איז געזעסן אויפן דיוואַן, די פיס אונטער זיך, און געקוקט אין אַן אַלבאָם. ווען זי האָט דערזען גאָלדפאַרב'ן פאַר זיך, האָט זי שנעלער פאַרמאַכט דעם אַלבאָם און אים געבעטן זיצן.

גאָלדפאַרב האָט זיך צוגעזעצט:

— איך האָף, אַז איך שטער אייך ניט. אפשר ווילט איר גאָר זיין אַליין? גראָד פיל איך ווי צו רעדן אַביסל. עס איז נאָך אַזוי פרי.

ער האָט דאָס אַלץ אָפּגערעדט אין איין אָטעם. זיין לינקע אויג האָט דערביי שטאַרק געצוקט ווי שטענדיג פון פאַרלעגנהייט.

פייגל האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער שטערט איר ניט, פאַרקערט, און ער האָט זיך גענומען פילן היימישער. זי האָט אים גענומען אויספרעגן וועגן זיין לעצט ווערק, האָט מיט אים דיסקוטירט אויך וועגן אַנדערע שרייבער, ביז ער האָט דערמאָנט דעם שרייבער דוד גאַרסין.

פייגל האָט זיך נערוועז גענומען דרייען. זי האָט געוואָלט אַוועק־גיין פון דער טעמע שרייבער און ביכער, האָט זי גענומען פלאַפּלען גלאַט אין דער וועלט אַריין. גערעדט וועגן דער שיינקייט פון דער פאַרם, וועגן די חכמות פון דער קו, פון די הינער...

עס איז געווען שווער פאַר איר צו ריידן וועגן גאַרסינ'ען, ווי וועגן אַן אַנדערן שרייבער. איר איז אָבער געפעלן געוואָרן די

וואַרעמקייט אין גאָלדפאַרב'ס קול, בעת ער האָט גערעדט וועגן גאַרסינ'ען, און איר אונטערבאַוואוסטזיין האָט זי ווידער אַרויפגעפירט אויף דער טעמע.

גאָלדפאַרב, קלוג געניגוג אויפצוכאַפּן די סענסיטיווקייט אין איר שטימע, האָט שוין ניט אָפּגעלאָזט, ביז ער איז ענדלעך אַרוים מיט דער פראַגע:

— ווער זיינט איר, אייגנטלעך, פייגל? איך זע, איר האָט דאָס ריכטיגע פּעקל אויף די פּלייצעס. דערציילט זשע, דערציילט, וועט אייך ווערן בעסער...

פייגל האָט אים אָנגעקוקט אַזאַ צעטראָגענע, אַקוראַט ווי אָט-אָט און זי פאַרלירט עפּעס אַזוינס וואָס איז איר זייער טייער. און דאָך, האָט זי געפילט, קאָן זי מער ניט איינהאַלטן איר סוד...

„אָבער ווי דערציילט מען אים? ווי קאָן מען עס גאָר מיט ווערטער איבערגעבן?" — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און גלייך זיך אין געדאַנק פאַר'עקשנ'ט, — ניין!"

זי האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן:

— ניין, ניט קיין פּעקל, — האָט זי גענומען שטאַמלען. — עס איז עפּעס אַ נאָגנדיגער געפיל, אַ ווייטיק, פון וועלכן איך קאָן זיך ניט באַפרייען, אָדער אפשר וויל איך זיך ניט באַפרייען. דער דאָזיקער ווייטיק איז שוין געוואָרן אַ טייל פון מיר. איך האָב מורא, אַז אויב איך וועל זיך באַפרייען פון אים וועל איך בלייבן ליידיג, פּוסט...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיקל פּאַפּיר אין האַנט, עס אָנגעהויבן נערוועז דרייען און ריידן:

— עס איז געווען מיט צוועלף יאָר צוריק, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל געקומען אויף דער פאַרם. איך בין נאָך דאַן געווען אין די צוואַנציקער. שטאַרק דערשיטערט פון אַ פּערזענלעכן איבער-בראָך אין מיין לעבן, האָב איך זיך גענויטיגט אין אַ ביסעלע רו. דערפאַר טאַקע בין איך אויף דער עצה פון אַ דאָקטער געקומען אַהער, אין אָנהויב יוני, ווען קיין מענטשן זיינען נאָך כמעט ניטאָ, אָדער זייער ווייניג. אין עטלעכע טעג אַרום איז אָבער אויך אַרויסגעקומען גאַרסין...

פייגל איז געבליבן שטיל אַ ווײַלע און באַלד פאַרגעזעצט:

— נו, — האָט זי אים אָנגעקוקט אַביסל אַ פאַררויטלטע, —

איר ווילט טאַקע אַלץ וויסן ?... נו, געווען איז עס מיט צוועלף יאָר צוריק, און איך בין דאָך אויך געווען אַזויפיל אינגער... יאָ, ער האָט שוין דאַן געהאַט אַ פרוי און אַ קינד. זיין פרוי, אַ הי־געבוירענע, קען ניט לייענען קיין אידיש. זיינע ווערק זיינען איר פרעמד, ווי עס איז איר פרעמד זיין נשמה...

גאָלדפאַרב האָט פון צייט צו צייט געשטעלט פייגלען אַ פראַגע, און זי האָט געפיבערט, דערמאָנענדיג זיך פאַרשיידענע זאַכן:

— ווי קומט עס, ווילט איר וויסן ?... עס איז געווען קריזיס־יאָרן. זי האָט פינאַנסירט צוויי פון זיינע אויסגאַבעס, צאָלט ער דעם פּראָצענט דערפאַר זיין גאַנץ לעבן...

ווען זי האָט גערעדט וועגן גאַרסינ׳ס פּריוואַטן פאַמיליע־לעבן איז שטענדיג געקומען אַ ביטערקייט אין איר טאָן, וועלכן זי פלעגט גלייך באַקעמפן מיט אַ שמייכל.

דער רעגן אין דרויסן האָט ניט אויפגעהערט גיסן. גאָלדפאַרב האָט געדרויכערט און געקוקט אויף פייגל׳ען, וואָס איז ווי אינגער געוואָרן פאַר זיינע אויגן בעת זי האָט גערעדט צו אים וועגן איר גרויסער ליבע צו דעם שרייבער דוד גאַרסין.

פּלוצלונג האָט פייגל זיך אַ הויב געטאָן פון דיוואַן, איז צוגע־גאַנגען צום פענצטער און פאַרזאָרגט אַרויסגעקוקט אויף דעם רעגן. די יונגע בעריאָזקעס האָבן זיך געטרייסלט און געבויגן אין דרייען, ווי אָט־אָט און זיי ברעכן זיך איבער. די הויכע סאָסנע־ביימער האָבן זיך שטאָלץ געריסן אין די הימלען ווי אין אַ פאַרמעסט, ווער וועמען עס וועט בייקומען... די בלומען־בייטן זיינען געווען פאַרפלייצט מיט וואַסער... עס האָט געשאַפן דעם איינדרוק, ווי די לעצטע עטלעכע בעריאָזקעס און די סאָסנע־ביימער שטייען אין אַ ים, שווימען אַרום און געפינען ניט קיין רו.

פייגל איז אָפּגעטראָטן פון פענצטער, זיך צוריק אַוועקגעזעצט אַנטקעגן גאָלדפאַרב׳ן און פאָרגעזעצט דעם געשפּרעך:

— אַלץ, וואָס ער האָט געשריבן, האָב איך, די ערשטע, געהערט,

— האָט זי זיך דערמאָנט מיט שטאָלץ, און אירע אויגן האָבן אויפגע־בליצט. — דאָס איז געווען מיין גרויסער יום־טוב. פאַרשטייט איר, ביי אונדז איז ניט געווען קיין סתם סענטימענטאַלע ליבע־אַפּערע, נאָר אַ טיפע פאַרשטענדיגונג צווישן מאַן און פרוי. איך בין געווען

זיין שטענדיגע כלה, און געפילט, אַז איך דערגאַנץ אים זיין לעבן, — דאָס לעבן, וואָס זיין פרוי און היים קאָנען אים ניט געבן... אַלץ האָט ער מיט מיר געטיילט, אַלץ, אָבער...

פייגל׳ס פּנים האָט זיך מיטאַמאָל ווי מיט אַ וואָלקן באַצויגן:

— יאָ, אַלץ, נאָר ניט זיין קינד. ווען זיין אינגל איז קראַנק געוואָרן, פלעג איך זיך פילן פאַרלוירן. איך פלעג דעמאָלט איינזען, אַז דער בונד, וואָס ער האָט מיט זיין פרוי, איז דורך פליישׁ און בלוט, און אויף דעם האָב איך זיך ניט געקאָנט פאַרמעסטן. מיין זאָרג פאַר זיין קינד׳ס געזונט איז געוואָרן כמעט ווי אַ קאָמפּלעקס. איך האָב געפילט, אַז ווען ער וועט ניט האָבן די זאָרג וועגן קינד, וועט ער זיין אינגאַנצן מיינער...

פייגלס שטימע האָט זיך גענומען וואַקלען:

— ביז... ביז דאָס שרעקליכסטע האָט פּאַסירט. די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. דאָס אינגל איז שוין דאַן געווען אין מיליטער־עלטער. אַ שיינער געראָטענער בחור. ער איז אַוועק אין דער אַרמיי און איז שוין מער ניט צוריקגעקומען. אַ צעבראָכענער איז גאַרסין גע-קומען צו מיר. זיינע האָר זיינען פלוצלונג גרוי געוואָרן, זיין פּנים,— געל ווי אַלטער פּאַרמעט. ער האָט ביטער געוויינט.

— ער האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן. מיינע אויגן, ווי מיין געמיט, האָבן אויסגעדריקט סימפּאַטיע און וואַרעמקייט. מיין געליבטער האָט זיך אָבער גענויטיגט אין מער ווי דאָס. איך האָב זיך געדאַרפט טיילן מיט אים אין זיין טרויער, וויינען צוזאַמען, גלייך מיט אים, — און דאָס האָב איך ניט געקאָנט... דער בונד פון פליישׁ און בלוט איז ניט געווען מיט מיר, נאָר מיט אַן אַנדער פרוי. ער איז אַוועק אַהין, צו איר, צו דעם שותף פון זיין גרויסן צער... דערפאַר בין איך היינטיקס מאָל אַליין דאָ. יאָ, עס איז איצט דאָס ערשטע יאָר...

גאָלדפאַרב האָט איר אַריינגעקוקט טיף אין די אויגן, געוואָלט פרעגן, צי זי האָט ניט קיין חרטה אויף די אַלע יאָרן, וואָס זי האָט פאַרשווענדט און דערווייל געבליבן אַליין. ער האָט אָבער ניט געוואַגט.

פייגל האָט עס אָבער אַליין פאַרשטאַנען און ווי אַרויסגענומען די פראַגע פון זיינע אויגן:

— ניין, איך האָב ניט קיין חרטה. איר ווייסט דען וויפיל גליק דער מענטש האָט מיר געגעבען אין אונזער קורצער צייט צוזאַמען? איצט? נו, איך האָב מיינע פריינט, די באַרקינס, מיט וועלכע איך קאָן זיך טיילן מיינע דעראינערונגען. זיי זיינען געווען עדות פון דער גרויסער פרייד, וואָס איך האָב געהאַט דאָ ביי זיי אויף דעם פאַרם. איך האָב דאָ די בלומען-בייטן, וואָס מיר האָבןביידע פאַר-פלאַנצט, און די פאַר'כישופ'טע סטעזשקעס, וואו מיר פלעגן שפּאַצירן צוזאַמען. איך האָב דעם אַלבאָם מיט בילדער, און אָט דעם גרויסן צימער, וואו עס שוועבט נאָך זיין אָטעם, זיינע ביכער און... איצט האָב איך אויך אייך...

זי האָט אויסגעשטרעקט צו גאָלדפאַרב'ן איר האַנט:

— איצט, אַז איר ווייסט אויך, איז מיין וועלטל גרעסער געוואָרן. איך וועל זיך אויך מיט אייך קאָנען טיילן, ווען מיר וועלן זיך אַמאָל באַגעגענען...

אויף צומאָרגנס איז ל. גאָלדפאַרב אַוועקגעפאָרן. ער איז געזעסן אין באַן, און פאַרשיידענע בילדער פון זיין וואַקאַציע האָבן פאַרביי-געשוועבט אין זיין מח:

דאָס וויים-געפאַרבטע שטיבל — פאַרזונקען אין גרינעם שאָטן... די פענצטער אָפן. די ווייסע פאָרהענגלעך, פונעם ווינט, האַלב אין דרויסן אַרויס... פייגל'ס האַנט, מיטן ראָזעווען טיכעלע, איז ווי געבליבן הענגען אין דער לופטן... איר שמייכל מיט די אומעטיק-שיינע אויגן האָבן אים באַגלייט... איר געשיכטע האָט אים געעגבערט אין מוח:

„הייסט עס", — האָט ער געטראַכט, — „אַז דער שותפות'דיגער געפיל פון טרויער קאָן פאַראייניגן מענטשן נאָך מער ווי ליבע?... איז דאָך דאָס אַ געוואַלדיג־גרויסע טעמע!...

אין גאָלדפאַרב'ס מח האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אַן אָנהויב פון אַ ראָמאַן:

„דער בונד פון פלייש און בלוט".

# דער שאַליק

ביי דער לעצטער לעקציע אין קלאַס איז שוין באַרבאַראַ סינגער געווען שטאַרק אומגעדולדיג, קוים, קוים דערצווינגען ביז דריי אַזייגער און אָפּגעלאָזן די קינדער.

דער ליידיגער צימער איז נאָך געבליבן אָנגעפּילט מיט קינדערשן טומל, וואָס האָט נאָך לאַנג געראַוישט אין איר מוח.

זי האָט נאָך אַ סך אַרבעט אָפּצוטאָן. עס דערנעענטערט זיך דער חודש יאַנואַר, — אַלבערט'ס געבורטסטאָג, — און זי וויל בשום אופן ניט זיין שפּעט מיט דעם שאַליקל, וואָס זי גרייט אים אַלס מתנה. זי וויל דאָס אים געבן, אַזוי ווי זי האָט דאָס געהאַט אויסגע-פּלאַנט אין איר פאַנטאַזיע. זאָל נאָר דער שניי דעמאָלט ליגן אין פּאַרק...

„אַ שניי און אַ פּראָסטיקער טאָג וועט זיין די ריכטיקע פּאַנאָראַמע פאַר דער געלעגנהייט. זיי וועלן ביידע גיין שפּאַצירן אין פּאַרק. דער ווייסער שניי וועט סקריפּן אונטער זייערע פּיס. זיי וועלן זיך אָפּשטעלן אויף אַ ווייסן ברייטן פעלד. ביידע מיט אָנגעפּרווירענע פאַררויטלטע פּנים'ער. דערנאָך וועט זי אים אָפּשפּיליען אַ ביסל דעם מאַנטל, אים אָנטאָן דעם שאַליק און שנעל צוריק פאַרשפּיליען, אַז די קעלט זאָל ניט אַריינגיין. דאַן וועט זי אים אַרומנעמען, אים געבן אַ קוש... און ער? וואָס וועט ער טאָן? ווי וועט ער אויפנעמען איר מתנה?...

„ער וועט גאָרניט זאָגן. ער וועט זי בלויז אַרומנעמען און צודריקן צו זיך. אפשר וועט ער איר געבן אַ קוש, אָדער אפשר וועט ער מיט דעם שאַליק אויך ז י אַרומוויקלען, און ביידע וועלן בלייבן שטיין פאַרוויקלט אין דעם זעלביגן רויטן שאַליק, אינעם ווייסען שניי?..."

סיי-ווי, ציט עס איר לעצטנס אַהיים ווי מיט אַ מאַגנעט. נאָך דריי אַזייגער ווערט ער אויך פאַרטיג. וועט ער אפשר טעלעפאָנירן און באַלעבן איר קליינע ציכטיגע היים מיטן לעבעדיק-גלעקלדיגן קלאַנג פון טעלעפאָן.

באַרבאַראַ'ן דוכט זיך, אַז ווען אַלבערט רופט, קלינגט דער

טעלעפאָן אַנדערש, עפּעס ווי אַ גלעקלדיקע פרייד וואָלט זיך אַרויסגע־צויגן פון די טעלעפאָן־דראָטן און זיך פאַרבונדן מיט דינע דרעטעלעך ערגעץ ביי איר אין האַרצן...

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זי אויפגעשלאָסן די טיר, אַנגעקוקט דעם טעלעפאָן מיט שטומע פרעגנדיקע בליקן, אַקוראַט ווי זי וואָלט אים געפרעגט: „נו, זאָג מיר שוין, אַלבערט האָט גערופן?... האָסט אים געדאַרפט זאָגן, אַז ער זאָל רופן שפּעטער..."

באַרבאַראַ האָט אַרונטערגעוואָרפן איר מאַנטל, אָוועקגעלייגט איר פּאָרטפעל, דעם האַנט־בייטל, דאָס היטעלע, איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל, פאַרריכט אירע שוואַרצע האָר, באַטראַכט איר שלאַנקע פיגור אין דעם געקעסטלטן ספּאָרט־קליידל מיטן ווייסן קאָלנערל אַרום האַלז, און באַשלאָסן ביי זיך, אַז: זי דאַרף זיך שוין אָנהויבן צו קליידן מער פּרוויאיש, געגוג שוין די ספּאָרט־קליידער. זי דאַרף זיך קויפן עפּעס אַ שיין שוואַרץ קלייד, עטוואָס דעקאָלטירט... גוט וואָלט געווען אַביסל צירונג. אָדער אפשר גאָר אַ בלוי קלייד? בלוי פּאַסט איר זייער צו די אויגן.

זי איז צוגעגאַנגען נעענטער צום שפּיגל, זיך איינגעקוקט אין די אויגן, ווי זי וואָלט זיך איבעראַניים געוואָלט איבערצייגן, אַז זיי זיינען טאַקע בלוי, און בעת מעשה ווי זיך אַליין ניט דערקענט... עפּעס אַ פרעמדע, אַן אַנדערע, אַ באַנייטע איז זי געשטאַנען ביים שפּיגל. דאָס גאַנצע לעבן אירס האָט אויפגעשטראַלט, זינט זי האָט זיך באַקענט מיט אַלבערט'ן.

איר פריע חתונה, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ שטילן סקאַנדאַל און אַ גט, האָט איבערגעלאָזט אַ גאַליגן טעם אויף דעם גאַנצן גאַנג פון איר לעבן. ניט איין מאָל האָט זי געטראַכט, אַז בלויז דאַן, וועןביידע צדדים אין אַ הייראַט זיינען פון דעם סענסיטיוון אינטעלעקטועלן טיפּ, קאָן עס אויף יאָרן לאַנג האָבן דעם פּנים פון אַ שיינער ליבע. אויב, אָבער, איין צד איז דער סענסיטיווער אינטע־לעקט, און דער צווייטער צד — דער דורכשניטלעכער פּראָזאַאישער טיפּ, וועט דער סענסיטיווער צד שטענדיג זיין דער געקריוודעטער אומגליקלעכער מענטש...

און אַזוי ווי קיין צוויי גלייכע מענטשן זיינען גאָר ניטאָ, איז איר אויספיר געווען, אַז — הייראַט מוז זיין אַ דורכפאַל, און זי האָט

דערפֿאַר באַשלאָסן קיינמאָל מער ניט חתונה האָבן. ספּעציעל נאָך, ווען זי קאָן אויספֿילן איר לעבן אויף אַנדערע געביטן. אָט, זי איז אַ לערערין, עקאָנאָמיש פֿאַרזאָרגט, אַרומגערינגלט מיט אַ פֿיינער געזעלשאַפֿט. פֿאַר דער מלחמה פֿלעגט זי אירע 10 וואָכן וואַקאַציע אויסנוצן אויף אַ העכסט אינטערעסאַנטן אופֿן. אירע רייזעס קיין אייראָפּע פֿלעגן תמיד באַרייכערן איר וויסן, מאַכן זי וועלטלעכער, ברייטער, כאָטש עפּעס אין איר איז שטענדיג געבליבן פּוסט, קאַלט, און זיך נערוועז געוואָרפֿן ווי אַ בלעטל פֿון האַרבסטיגן ווינט.

אָט די פּוסטקייט פֿלעגט זי זוכן צו פֿאַרהוילן אין דער וויכטיג-קייט פֿון איר פּראָפֿעסיע. אין אירע געדריקטע שטימונגס-טעג פֿלעגט זי מאַכן אַן אָנשטעל פֿאַרן קלאַס, זיין שטרענג צו די קינדער, באַ-שטראָפֿן פֿאַר יעדער קלייניגקייט. אויף דעם קלאַס פֿלעגט עס שלעכט ווירקן. די קינדער האָבן זיך דערפֿאַר ניט אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו אירע רייד. געאָגראַפֿיע, געשיכטע און מאַטעמאַטיק זיינען בכלל ניט קיין באַליבטסטע געגנשטאַנדן ביי קינדער, און זי פֿלעגט דאַרפֿן „אויסשפּייען די גאַל"...

לעצטנס אָבער איז די לאַגע אין קלאַס אַנדערש געוואָרן. די קינדער באַנעמען און לערנען די געגנשטאַנדן זייער פֿיין. אַלץ אַרום איז געוואָרן בעסער און אַנגענעמער. באַרבאַראַ טראַכט: „ווייזט אויס, אַז כדי צו לערנען אַנדערע, דאַרף מען פֿריער דערלערנען זיך אַליין, זיך דערגרונטעווען צו דעם אייגענעם איך"...

זי האָט זיך גענומען פֿאַרען אין דער קליינער קיך, צוגרייטן איר אָוונט-מאָלצייט, און דערביי מיט אומרואיגקייט אָפֿט געקוקט צום טעלעפֿאָן, אפשר וועט אַלבערט פֿאָרט טעלעפֿאָנירן און וועט צוקומען — וועלן זיי צוזאַמען עסן און פֿאַרברענגען דעם אָוונט. ווי גוט עס איז צו קוקן אין זיינע אויגן. עפּעס אַ דינע דורכזיכטיגע מענטשלעכקייט גליט אַרויס ביי אים פֿון די שוואַרצאַפּלען. עפּעס איז דאָ אין זיינע אויגן אַזאַ דינער, צאַרטער פֿאָדעם, וואָס האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין איר האַרצן און וואָס פֿאַרבינדט זיי מיט אַזאַ מאָדנע באַגערנדיגער בענקשאַפֿט.

שוין צוויי יאָר איז אַלט אָט דער געפֿיל אירער צו אים. און מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה, פֿילט זי ווי זי וואָלט אַליין אַריינגע-וואָקסן אין אים, אָדער ווי זי וואָלט געוואָרן אַ טייל פֿון אים.

צוזאַמען פּילן זיי אויס אַלע לײדיגקייטן. צוזאַמען — איין לעבן.

באַרבאַראַ האָט געקוקט אָפּן זייגערל, געהאָפּט, אַז אפשר וועט אַלבערט נאָך קומען, און דערווייל אַרויסגענומען דעם שאַליק, נאָכאַמאָל אים איבערגעמאָסטן און אָנגעהויבן שטריקן.

אירע הענט האָבן זיך באַוועגט מיט געניטקייט. אירע פינגער האָבן פלינק געדרייט און איבערגעקערט דעם טונקעל-רויטן וואָל. זי האָט געשטריקט מיט אַזויפיל ערנסט, אַקוראַט ווי זי וואָלט מיט יעדן שטיקל וואָל אַריינגעוועבט אין דעם שאַליק אַריין שטיקער פון איר לעבן, פון איר האַרץ, און איר גאַנצע ליבע צו אים. זי האָט דעם שאַליק אָנגעמאָסטן אויף זיך און געטראַכט: „אים וועט עס בעסער פּאַסן. ער, מיט זיינע שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן, וועט אויסזען שיין אין דעם. עס וועט אַרויסברענגען דעם קאָליר אין זיין בלאַסן פּנים, און די פייערלעך אין זיינע אויגן וועלן זיך נאָך מער צעפינקלען"...

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער ווייכקייט פון דעם שאַליק, זיך איינגענורעט, ווי זי וואָלט אין דעם געוואָלט אויך אַ טייל פון איר אָטעם אַריינשטריקן...

ענדלעך איז אָנגעקומען אַלבערטס געבוירנטאָג. זיי האָבן אָפּגע־רעדט זיך צו טרעפן לעבן דער סקול, וואו ער האָט געלערנט, און פון דאָרטן וועלן זיי שפּאַצירן דורכן פּאַרק צו איר אַהיים. באַרבאַראַ האָט נאָך מיט אַ טאָג פריער צוגעגרייט נאַשערייען, אַ געבורטסטאָג-טאָרט, בלומען. זי האָט אויך באַשלאָסן זיך איבערצוטאָן אין אַ גאָר יום-טוב'דיג קלייד. זי וועט אים באַווייזן, אַז זיין געבורטסטאָג איז ביי איר אַ גרויסע געשעעניש, עס איז איר יום-טוב...

באַרבאַראַ האָט יענעם טאָג געשטראַלט מיט פרייד און מיט יום-טוב'דיגקייט. אפילו די קינדער אין קלאַס האָבן באַמערקט איר אויפגעלייגטקייט, און איר געגעבן קאָמפּלימענטן.

מיט באַפליגלטער פרייד איז זי געגאַנגען אַלבערטן אַנטקעגן. זי האָט אים אָנגעקוקט, געזוכט אין זיין בליק אַן אָפּשפּיגלונג פון איר פרייד, און ניט געפונען. אירע פריידיקע אויפגעלייגטקייט האָט גענומען זינקען און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פאַרדאַכט-געפיל, וועלכן זי האָט געוואָלט פאַרשטיקן, כדי ניט צו צעשטערן איר געפּלאַנטן יום-טוב.

— נו,ווי איז דיר היינט געגאַנגען אין קלאַס ? — האָט ער זי אַ פרעג געטאָן.

— וואונדערבאַר, וואונדערבאַר. אַלץ איז היינט געגאַנגען אויסגעצייכנט ! — האָט באַרבאַראַ אין איין אָטעם געזאָגט. — און זע נאָר, — אַ טאָג אַ פּראַכטפולער. אַ דין טרוקן שנייעלע, פּונקט ווי איך האָב זיך געוואונטשן צו דיין געבורטסטאָג, מיין ליבער !...

— ווייסט, באַרבאַראַ, — האָט ער עפּעס ווי אָפּגעשניטן, — דו ביסט צו סענטימענטאַל.

— מיט וואָס ?

— אַט ווילסטו אין אַזאַ וועטער דווקא שפּאַצירן דורכן פּאַרק, ווייל דו האָסט זיך מסתמא עפּעס אויסגעשפּונען אין דיין פאַנטאַזיע...

באַרבאַראַ'ן איז געוואָרן עפּעס קעלטער אויף דער נשמה. זי האָט אָבער מיט אַלע מעגלעכקייטן געוואָלט אָנגיין מיט אירע פּלענער פאַרן טאָג. זי האָט זיך דעריבער צוגעטוליעט צו זיין אָרעם און אים געבעטן מיט אַ קינדעריש געבעט :

— רעד היינט ניט וועגן מיינע חסרונות, מיין ליבער, ניט היינט...

— אָבער גיין דורכן פּאַרק איצט ? ביסט דאָך אַזוי אויך גרין אויפן פּנים. וועסט דאָך קריגן אַלע קאַלירן פון דעם קאַלטן שניי...

באַרבאַראַ'ס פּנים האָט זיך אַ מיניע געטאָן. אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט ווי עלעקטרישע פלעמלעך און גלייך זיך אויסגעלאָשן. דער יום-טוב איז אינגאַנצן אָפּגעטאָן געוואָרן פון איר געמיט. די מוסקולן פון איר פּנים זיינען ווי פאַרשטייפט געוואָרן און עפּעס אַזוי ווי אַ שוואַרצער טוך וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף איר דער־הויבענער פרייד, — אויף דער פרייד פון זייער זיין צוזאַמען...

זי האָט זיך אין געדאַנק אַליין געגומען שטראָפן :

„ער איז גערעכט. איך בין טאַקע צו סענטימענטאַל, סענסיטיוו... אָבער ס'איז גאָרניט. איך וועל אָנגיין, ווי איך האָב באַשלאָסן...”

און זי איז ווייטער געגאַנגען מיט אים טראָט אין טראָט.

דער שניי האָט אויפגעהערט. דער גאַנצער אַרום איז געווען באַצירט אין ווייסן. פון דער ווייטנס האָט אַ ברוינער צווייג זיך אַרויסגעטיילט פון דער ווייסער פּאַנאָראַמע. פון דעם וועכטער'ס שטיבל אין פּאַרק האָט זיך געצויגן אַ שוואַרצער רויך, און זיך געקייקלט אַרויף־צו. עס האָט זיך דערהערט דאָס בילן פון אַ הונט. פּלוצלונג האָט באַרבאַראַ זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעשפּיליעט דעם מאַנטל

ביי אַלבערטן, אים אָנגעקוקט און מיט אַ מינע פון אַ שטראָפנדיקער מאַמע אים פאָרגעוואָרפן:

— שוין ווידער אָן אַ שאַליק?... וואָס, ווילסט זיך דוקא פאַרקילן?...

זי האָט פון איר גרויסן האַנט־בײַטל אַרויסגענומען דעם פּאַרטיקן שאַליק און אים אָנגעטאָן אַלבערטן אויפן האַלדז. זי האָט אים בעת דעם אָנגעקוקט, אָבער קושן אים, ווי זי האָט געהאַט געפּלאַנט, האָט זי ניט געקאָנט. פאַר איר איז געשטאַנען אַ פרעמדער מענטש. ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פרעמדן קוק, און עפּעס מיט אומצופרידנקייט געזאָגט:

— אָ, נאָך וואָס האָסטו עס געדאַרפט טאָן? איך האָב אַזויפיל שאַליקעס אין דער היים. די קינדער אין קלאַס האָבן מיר אויף קריסטמעס געגעבן אַ שאַליק, מיין שוואָגער האָט מיר אויך געגעבן אַ שאַליק, און איך האָב גאָר בכלל ניט ליב קיין שאַליקעס...

און נאָך און נאָך האָט ער גערעדט, וועגן מתנות בכלל און וועגן איר שאַליק בפרט...

באַרבאַראַ האָט זיינע רייד געהערט ווי אין אַ קאָשמאַר. עפּעס ווי אַ בלעטל פון איר פאַרגאַנגענהייט האָט זיך פּלוצלינג אויפגעמישט, און איר אַ שמיץ געטאָן אין פּנים...

צווישן זייביידע איז פּלוצלונג אויסגעוואָקסן אַ גרויסע באַריקאַדע פון שאַליקעס: רויטע, ברוינע, בלויע און געלע שאַליקעס, — אָן אַ שיעור. אַ מחיצה פון שאַליקעס האָט אים ווי אָפּגעטיילט און אַוועקגעריסן פון איר. ער אַז איר מיטאַמאָל געוואָרן ווייט און פרעמד, און דאָס שטיין לעבן אים איז פאַר איר געוואָרן אַן אָפּקומעניש. זי האָט גענומען זוכן אַן אויסרייד ווי צו אַנטלויפן, לויפן ערגעץ ווייט, ווייט...

און זי האָט פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן:

— אַלבערט, וועסט מיר מוזן אַנטשולדיגן. איך האָב זיך דער־מאָנט, אַז איך האָב צוגעזאָגט מיין שוועסטער זי היינט צו באַזוכן...

ער האָט זי באַגלייט צו דער סאָבוועי־סטאַנציע, און באַרבאַראַ איז מיט איילענדיגע טריט אַרונטערגעלאָפן די טרעפּ. פאַר אירע אויגן האָבן זיך געדרייט בערג מיט שאַליקעס, אויף וועלכע עס וואַלגערט זיך אויך אַ נייער, אַ באַליידיגטער, איר רויטער שאַליק — איר מתנה, איר ליבע, איר האָפענונג...

# דער פיינלעכער סוד

אַ גאַנצע נאַכט איז בעטי ניט געשלאָפן. זי איז געלעגן מיט אויגן שטאַרע צו דער סטעליע און זינלאָז נאָכגעפאָלגט דעם אָפּשיין פון דעם דרויסנדיקן לאַמטערן וואָס האָט אַריינגעשיינט דורך די האַלב אָפענע ראָלעטן. דער זייגער האָט ריטמיש אויסגעקלאַפּט די שעה׳ן פון אַ האַלבן מעת-לעת און צעטיילט בעטי׳ס שלאָפלאָזע נאַכט אויף אַסך, אַסך חלקים.

פאָול׳ס שלאָפנדיקער גוף וואָס גיט איר שטענדיק אַזייפיל שוץ און ליבשאַפט אין די נאַכטיקע שעה׳ן, איז איצט געווען אַ שטערונג, בלויז אַ דערמאָנונג פוו די רייד פון דעם וויטיק וואָס ער האָט איר איבערגעלאָזט. זיינע רייד „נו, גיי צו אַ גרעסערן דאָקטער, און אויב דו דאַרפסט אַן אָפּעראַציע, איז אַן אָפּעראַציע, מען שטאַרבט היינט ניט פון אַזעלכע זאַכן"...

זי האָט בולט געזען אַז זי, ווי אַ מענטש, עקזיסטירט מער ניט פאַר אים, נאָר בלויז ווי אַ פרוי וואָס קען אים יאָ אָדער ניט געבערן אַ קינד...

ווען ער האָט דאָס געזאָגט, איז דאָס ניט געווען פאָול מיט זיין געלאַסנקייט, מיט די איראָפּייאישע פיינע מאַניערן, נאָר עפּעס אַזוי ברוטאַל, גראָב. זיינע גרינלעכע אויגן האָבן בעת מעשה אַ בליץ געטאָן און זיך צעצונדן אין אַ סך פייערלעך. זיינע שוואַרצע האָר האָבן זיך אַזוי רוגזה׳דיק צעוואָרפן און אַלץ אין אים האָט אויסגעזען דערווייטערט און פרעמד...

בעטי האָט אים אָנגעקוקט. אירע שוואַרצע אויגן, פאַרצערטע, האָבן אַריינגענומען פאָול׳ס יעדע באַוועגונג. איר יונגער שלאַנקער קערפּער איז געזעסן ווי פאַרשולדיקט. די ליפּן זיינען געווען ווי פאַרשלאָסן. זי האָט זיי ניט געקענט עפענען און אָנשטעקן פאָול׳ן מיט איר פאַרדאַכט אָדער אינגאַנצן צונעמען ביי אים יעדע האָפענונג פון פאַרוואָרצלען זיין שטאַם. זי האָט יאָ געפּרואווט זאָגן:

„פאָול, וואָלסטו דען געווען שטאַרק אומגליקלעך ווען דו ווייסט אַז איך וועל קיינמאָל ניט האָבן קיין קינד?...

פּאָול האָט זיך אַזש אַ צאַפּל געטאָן פון אירע רייד:
„וואָס איז דאָס פאַרא רייד? ביסט דאָך יונג, וועסט נאָך"... האָט ער געזאָגט.

בעטי האָט דאַן אָנגעהויבן מיט אַן אַנדער טאָן:

— דו ווייסט, פּאָול, אַז איך שאַץ שטאַרק אָפּ מיין פרייהייט. אָט מיר אַרבעטן ביידע. מיר זעען אַלע בעסערע פּיעסן אויף בראָדוויי. מיר באַזוכן די בעסטע קאָנצערטן; מיט אַ קינד ווערן די אַלע פאַרגעניגענס בלויז חלומות, און אויף דיינע פאַרדינסטן אַליין וועט זיין שווער אויסצוקומען. און אַ קינד קען נאָך אַמאָל אויסקומען צו ליידן נויט, — איז וואָס פאַרא רעכט האָבן מיר אויף דעם?...

בעטי האָט געזען אַז אירע רייד האָבן אויף אים קיין שום ווירקונג ניט. איבערהויפּט זיינען די רייד וועגן אַ קינד געקומען אַלץ אָפטער אין די לאַנגע ווינטער אָוונטן. ביידע זיינען געוועזן צו מיד ערגעץ צו גיין, פלעגט מען איבערלייענען די צייטונג, זיך צוהערן צו דער ראַדיאָ, בעטי פלעגט טאָן אַביסל שטוב אַרבעט, דערנאָך אַ מידע גיין שלאָפן...

מערסטע אָוונטן האָבן איבערגעלאָזט אַ פּוסטקייט און דאָס שלאָפן גיין איז געוואָרן עפּעס אַ ניט אַנגענעמע רוטין, ווייל די אינטימע געשפּרעכן זיינען מערסטנס געקומען שוין ליגנדיק אין בעט.

צוריק מיט עטלעכע יאָר האָט אַלץ אויסגעזען אַזוי אַנדערש. דאָס גרייטן זיך צו דער נאַכטיקער רו איז געווען פול מיט פרייד, מיט גליק, מיט יום טוב. פּאָול פלעגט איר דערציילן אַזעלכע שיינע מעשה'לעך און איר לערנען פּוילישע און דייטשישע פאָלקס לידער. און אַז בעטי פלעגט מיט איר אַמעריקאַנישן דיאַלעקט אַרויסריידן די פּוילישע ווערטער, פלעגט פּאָול אָנקוועלן ווי פון די חכמות פון אַ קינד...

פלעגט בעטי ליגן מיט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און נאָכזינגען דאָס לידל „פון פּאַן מיט זיין דינסט, וואָס פלעגט איר יעדן יאָר געבן מתנות פון חיות און עופות, און אויפן ניינטן יאָר האָט ער איר געגעבן אַ קינד"...

פלעגט בעטי לאַכן פונעם לידל און פלעגט שטיפעריש זאָגן:
„איך וועל באַ דיר ניט וואַרטן קיין ניין יאָר... ווייניקער אויך ניט.

איך וועל דיר האָבן אַ אינגעלע מיט אַזעלכע גרינע אויגן ווי דיינע, מיט שוואַרצע האָר, מיט אַזאַ ברוינעם פּנים׳ל, ווי אַ קליין אינדיאַנערל וועט דאָס אויסזען... צי אפשר גאָר ווי אַ עסקימאָסל ?...

זי פּלעגט דאָן מעשה עסקימאָסן־פּרוי אַ רייב טאָן איר נאָז אין זיינער און ער פּלעגט זי אָנהויבן קושן, קושן די אויגן, די ברוין געלאָקטע האָר און זיך פאַרזאַמען אביסל לענגער אויף די ליפּן... ביז אַזאַ זיסע פרייד פּלעגט זיי אַרומנעמען, אַזאַ פיינלעכער באַגער... זייערע אויגן האַלב פאַרמאַכט. די ליפּן פּלעגן פלאַפּלען פריידיק, קינדעריש... און זייערע קערפּערס פלעגן זיך אַריינוועבן אין דער נאַכט און אויסבריען דעם חלום פון דורות, דעם חלום פון זיין...

ס׳איז שוין אָבער דאָן געווען אַ שטערונג אין זייערע יונגע האָניק נעכט. ס׳האָט זיך אַריינגעמישט די זאָרג פון צעשיידן. די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט אין אייראָפּע און אַזיע און אַריבער־געשיקט אירע פייער צונגען איבער די ימים...

פּאָול איז געווען אין דער ערשטער קאַטעגאָריע צו גיין. דאָס וואָס ער איז געווען בלויז עטלעכע יאָר אין לאַנד איז געווען אַ שטיקל אָפּהאַלט. אָבער לאַנג האָט פּאָול ניט געקאָנט הנאה האָבן פון זיין ניי דערוואָרבן לאַנד, זיין ציווילע פרייהייט, זיין יונג ווייבל, און די נייע אויסגעמעבלירטע היים. נאָך אַ צוויי חדשים׳דיקער מיליטערישער טרענירונג, האָט מען פּאָול׳ן אַוועקגעשיקט אויף יענער זייט...

בעטי׳ן איז אָנגעקומען אַ געדרוקט קאַרטל אַז: „ווען פּאָול וועט דערגרייכן זיין געצילטן וועג, וועט ער איר לאָזן וויסן”...

בעטי האָט ניט געוואוסט גענוי ווען פּאָול איז אַוועקגעפאָרן. זי האָט זיך דערמאָנט אַז דאָס לעצטע מאָל וואָס זיי האָבן זיך געזען, איז פּאָול געווען שטאַרק נערוועז. ריידן האָט ער ניט געטאָרט. „ס׳איז מיליטערישע סודות”, פלעגט ער איר זאָגן באַ דער מינדסטער פראַגע אירער וועגן זיין שטימונג.

בעטי׳ס לעבן איז געוואָרן אָפּהענגיק אין בריווקעסטל און אין קאַלענדאַר...

נאָר צו דעם ציילן פונעם קאַלענדאַר איז איר דאָן צוגעקומען אַ נייע ציילונג, אַ נייער חשבון... זי האָט נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל געציילט די טעג. „אַכט און צוואַנציק... דרייסיק... שוין צוויי טעג אַריבער... שוין פינף טעג... שוין אַ וואָך און צוויי... זאָל עס זיין

אַז דווקא איצט האָט עס פּאַסירט?... איצט ווען זי איז אַליין?...

עס איז שוין צוויי וואָכן ווי פּאָול איז ערגעץ אויף די ימים. צי איז ער געפאָרן אויפן אַטלאַנטישן ים צי אויפן פּאַסיפישן ווייסט זי ניט. זי ווייסט נאָר איין זאַך, אַז ווען די ראַדיאָ ברענגט נייס פון נאָך אַ געזונקענער שיף, זינקט אויך איר געמיט אין אַ ים׳קער טיפעניש פון פאַרצווייפלונג...

ביי דער שרייב־מאַשין מאַכט זי טעותן. כאַפּט אַריין געצווג צרות פון באַלעבאָס דערפאַר. אין שטוב קען זי ניט פאַרטראָגן די פּוסטקייט, די איינזאַמקייט און פולקייט פון דער שאַפע, וואו עס הענגען פּאָול׳ס קליידער, פאַרהאָנגען מיט אַ ווייסן ליילעך ווי טויטע...

קיין שום ידיעה איז ניטאָ. עס איז שוין פיר וואָכן, פינף. אין די פרימאָרגנס קען זי זיך שוין אינגאַנצן ניט אויפהויבן. עפּעס אַזאַ מין חלשות נעמט איר אַרום. און ווען די נאַכט קומט אָן דערשרעקט זי זיך. ביינאַכט פילט זי איר עלנט נאָך שטאַרקער. אַ מורא באַפאַלט איר, פאַר די שטומע ווענט טוליעט זי זיך אין דער קישן און וויל אַרויפצווינגען אויף זיך אַביסל רו. ווערט זי אַנטשלאָפן, זעט זי אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן אין חלום: „דער ים מיט בלוט אויסגעמישט, מענטשן שרייען, רעווען, בעטן זיך, ראַטעוועט — ברענענדיקע שיפן"... און זי הויבט אָן שרייען „פּאָול! — פּאָול"!....

צי עס קומט אָן ערגעץ איר געשריי, ווייסט זי ניט, נאָר זי כאַפּט זיך אויף אַן אָפּגעגאָסענע פון שווייס, אַ דערשראָקענע, אין האַרצן קלאַפּט אַזוי מורא׳דיק, קלאַמערט זי זיך איין אין דער ליידיקייט פון איר בעט און יאָמערט אַריין אין איר דעם צער און פאַרלאָרנקייט.

דער לעצטער חלום האָט איר אינגאַנצן צערודערט. זי האָט ווידער געזען דעם ים. פּאָול איז אַרויסגעשוואומען פון ערגעץ ווייט, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז פאַרשוואונדן. און דער ים איז געבליבן אַזוי רויט ווי די זון וואָלט זיך דערטרונקען...

און די שרעק אין איר איז געוואָקסן און געשטאַרקט אַ געפיל אַז: „אַ קינד אַ יתום טראָגט זי אין איר ליב, פּלייש פאַר די ימים אין די קומענדיקע מלחמות. ניין! — האָט זי אויסגעשריען צו דער פּוסטקייט, און אָטאָמאַטיש גענומען אָנטאָן איר מאַנטל אויף צו פאָרן צו איר שוועסטער.

— העלאָ בעטי — איז איר די שוועסטער געגאַנגען אַנטקעגן.

די שוועסטער האָבן זיך צעקושט.

מאַלי, די עלטערע, אַ מאַמע פון צוויי קינדער, האָט מיט דער דערפאַרנקייט פון אַ פאַרהייראַטער פרוי, אַריינגעקוקט בעטי'ן אין די אויגן און געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך, אַ נעכטיקער טאָג, האַ? די הייסע בעדער האָסטו זיך געמאַכט? — און די אַנדערע זאַכן, און די פּילן?

— יאָ, — האָט בעטי געענטפערט אין שטילער געפאַלנקייט. דערנאָך צוגעגעבן: „איך ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, איך בין אַזוי פאַרלאָרן"...

מאַלי, וואָס האָט געהאַלטן אין מיטן אַן אַרבעט אַרום די כלים אין קיך, האָט זיך אויסגעדרייט צו בעטי'ן און גענומען ריידן:

„אַזאַ דייטשוק"!

— הער אויף, ער איז ניט קיין דייטש, ער איז גאָר געבוירן אין פּוילן און געלעבט אין דייטשלאַנד און איך וויל ניט אַז דו זאָלסט אַזוי ריידן וועגן פּאָול'ן...

— נו גוט, איז ניט קיין דייטש, איז שוין גוט? אַ מאַן ווייסט אַז אָט, אָט שיקט מען אים אַוועק, אַ פרוי איז אַליין, אַזאַ חוצפּה, אַזאַ אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס וועסטו איצט טאָן דאָרט אַליין?

— איך בין אין צווייטן עק וועלט, וועסט דאָך דאָרטן אויסגיין...

— וויפיל געלט האָסטו? — האָט איר מאַלי פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

— איך ווייס ניט גענוי, איך דיינק עטלעכע הונדערט דאָלער. קעגן וואָס פרעגסטו דאָס?...

— איך טראַכט, — האָט מאַלי געזאָגט, אַ וואָרף טוענדיק אירע בלאָנדע קורץ געשווירענע האָר, — אַז דו וואָלסט זיך געדאַרפט באַפרייען פון דעם. אמת, ס'איז איצט אַ שווערע זאַך, צייט די מלחמה איז מען זייער שטרענג. אַז מען געפינט שוין יאָ אַ דאָקטער, הייסט ער זיך אָפּגילטן...

בעטי האָט אינסטיקטיוו אַרומגענומען איר בויך מיט ביידע הענט און זיך פאַרנאַנדערגעוויינט...

מיט אַ וואָך שפּעטער האָבן ביידע שוועסטער זיך געאײַלט צו אַ דאָקטער אין אַ דאַון־טאַונער הינטער געסל. בעטי איז געגאַנגען ווי מיט אָפּגענומענע פיס און געציטערט פון נערוועזיטעט. מאַלי

האָט איר געהאַלטן פאַר אַ האַנט, וואָס איז געווען ווי אייז קאַלט און גערעדט צו איר אָפּגעהאַקטע רייד:

— נו, זיי ניט אַזוי נערוועז, ס׳איז ניט געפערלעך, אַ קינד האָבן איז ערגער, און וועגן פּאָול׳ן דאַרפסטו זיך איצט ניט זאָרגן, זאָל ער נאָר קומען געזונט, וועסט נאָך האָבן גענוג קינדער, וויפיל דו וועסט וועלן. פּאָול דאַרף פון דער געשיכטע אינגאַנצן ניט וויסן. ס׳איז נאָר אַ שאָד די פּאָר הונדערט דאָלער...

בעטי האָט אירע רייד כמעט ווי ניט געהערט. זי איז געווען צופיל פאַרנומען מיט זיך, מיט איר געמיט, מיט איר חלשות׳דיקער שוואַכקייט, פון וועלכע זי לײַדט אַזוי אין די פרימאָרגנס. דאָס זײַן אַליין, דאָס איבערקלערן וועגן פּאָול׳ן, ניטאָ קיין איינגעטונקטע פּען שוין פינף וואָכן. ניין, באַלד זיבן וואָכן... אַלץ, אַלץ האָט אַזוי געפּרעסט, אַזוי געדריקט אויפן האַרצן״...

אַ קליין שילדל צווישן די פאַרגראַטעטע פענצטער האָט געמאָלדן דעם דאָקטער׳ס נאָמען. זיי האָבן אָנגעקלונגען. אַ נוירס האָט גע־עפנט די טיר און צוריק פאַרמאַכט אויפן ריגל. זי האָט אויף שנעל פאַרשריבן דעם נאָמען פון פּאַציענט און געהייסן וואַרטן. די נוירס איז גלייך צוריקגעקומען מיט אַ שמייכל און געזאָגט:

„אָלרייט, קומט ביידע מיט מיר״.

בעטי איז נאָכגעגאַנגען ווי אַ פאַר׳משפּט׳ע. מאַלי איז געגאַנגען מיט אַ פעסטן טראָט ווי עס פּאַסט פאַר אַן עלטערער שוועסטער.

זיי זיינען אַריין אין אַ קליין צימערל. קיין פענצטער איז דאָרט ניט געווען. אַ שרייב־טיש, אַ לאָמפּ אויפן טיש, אַ פּאָר שטולן ביי דער זייט. די נוירס האָט מאַלי׳ן געבעטן זיצן און בעטי׳ן געהייסן קומען נענטער צום טיש.

— אייער נאָמען? ווי אַלט?

— פיר און צוואַנציק יאָר.

זי האָט געפרעגט נאָך אַ פּאָר פראַגן. בעטי האָט שטיל גע־ענטפערט.

די נוירס האָט גערעכנט און אויסגערעכנט:

„זיבן וואָכן, יאָ? ניט מער״? — האָט זי איבערגעפרעגט.

— ניט מער, — האָט בעטי געענטפערט.

— איצט זייט אַזוי גוט און באַצאָלט מיר.

— וואו איז דער דאָקטער? — האָט בעטי געפרעגט מיט אַן אומרואיקן טאָן.

— דער דאָקטער וועט אייך זען שפּעטער.

בעטי האָט אויסגעציילט גאַנצע צוויי הונדערט דאָלער. די נוירס האָט צוגענומען דאָס געלט, געהייסן אַלע אויבערשטע קליידער אויסטאָן און לאָזן מיט דער שוועסטער און בעטי'ן גענומען אין אַן אַנדער צימער.

נאָך אַ שנעלער צוגרייטונג איז שוין בעטי געלעגן אויף דער אָפּעראַציע טיש...

דעם דאָקטער האָט בעטי נאָך אַלץ ניט געזען. זי האָט נאָר געהערט אַ מענער-שטימע און דאָס גיסן פון וואַסער. ווייזט אויס, ער האָט זיך געוואַשן.

די נוירס האָט איר אָנגעטאָן אַ ווייסן קורצן כאַלאַטל, איינגע-בונדן די הענט און זי ווי צוגענעגלט צום אָפּעראַציע טיש. ערשט דאַן האָט בעטי געפילט ווי צו אַנטלויפן...

דער דאָקטער, אין אַ ווייסן כאַלאַט, מיט אַ ווייסן מיצל אויפן קאָפּ און אַ ווייסער מאַסקע אויפן מויל, האָט זיך באַוויזן. בעטי האָט בלויז געזען זיינע אויגן. זיינע אויגן זיינען געווען גרויסע, בלויע און דערשראָקענע. ער האָט פון אונטער דער ווייסער מאַסקע אַרויסגעברומט:

—העלאָ, דיער...

בעטי האָט געוואָלט עפּעס פרעגן, ריידן אַ וואָרט, אָבער דער ריח פון פאַרשיידענע מעדיקאַמענטן און דאָס קלאַפּן און צוגרייטן פון אינסטרומענטן האָט זי צעטומלט. ס'איז אַריינגעקומען אַן אַנדער נוירס, פּונקט אַזוי פאַרשלייערט ווי דער דאָקטער און אַ פרעג געטאָן:

— איר זייט גרייט, דאָקטער?...

— יאָ, — האָט ער געענטפערט.

זי איז צוגעקומען צו בעטי'ן, גענומען איר לינקע האַנט, אַרויפ-געלייגט אַ שטיקל ווייסע לייוונט אויף די אויגן. אויפן מויל האָט זי דערפילט עפּעס אַזאַ מאָדנע גומענע טעלערל...

— זייט רואיק, רעלעקסירט און האָט אַנגענעמע חלומות — האָט די נוירס געזאָגט און אָנגעהויבן ציילן.

דער ריח פון גאַז, ווי דער ריח פון צעפּאַרעטע גומע, האָט איר

גענומען שטיקן. בעטי האָט זיך אַ דריי געטאָן, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט ראַטעווען. די נוירס האָט איר שטאַרקער אַ דריק געטאָן די האַנט. בעטי האָט דעם קאָמף אויפגעגעבן, גענומען ציען דעם גאַז און זינקען, זינקען, דערנאָך זיך דרייען... עפּעס איז זי אַריין אין אַ גרויסער ראָד און זיך געדרייט און געדרייט. די ראָד האָט אַזוי מאָדנע געקרעכצט, ווי בייזע ווינטן, אויסגעמישט מיט דעם בילן פון הינט, וואָלטן געוואָיעט אין אַ כאָר. או — או — או — און עס דרייט זיך און דרייט זיך... אין דעם מאָדנעם געוואָי מישן זיך אַריין אָפּגעהאַקטע רייד פון אַ ווייטער וועלט, פון וועלכער זי איז איצט אינגאַנצן אָפּגעהאַקט. „פּולס נאָרמאַל, צוואַנציק, איין און צוואַנציק" איז וואָס זשע ציילט מען דאָרט, אפשר אירע יאָרן?... וואָס טוט זי דאָ, ווי קומט זי גאָר אין אַ ראָד. און אפשר איז עס גאָר אַ רודער פון אַ שיף? — אַ שיף אין מיטן ים? און פּאָול?...

זי האָט געפילט דאָס אַריינדרינגען פון אַן אינסטרומענט אין איר לייב און זי האָט געוואָלט אויסשרייען:

„ניין! איך וויל ניט"... אָבער דער געשריי איז שוין ניט אָנגעקומען. זי האָט זיך בלויז אַ צאַפּל געטאָן און געגעבן אַ פאַל אַרונטער ערגעץ טיף אין אַ ווייטן אָפּגרונט...

ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זי געלעגן אין אַ קליינעם האַלב באַלויכטענעם צימערל, אויף אַ שמאָל בעטל. זי האָט דערפילט אַזאַ מידקייט און נאָכאַמאָל צוגעמאַכט די אויגן אויף איינצושלאָפן, אָבער די קראַמפּן אין בויך האָבן ניט אָפּגעלאָזט און זי האָט אָנגעהויבן קרעכצן. די נוירס איז צוגעגאַנגען און איר אָנגעזאָגט צו זיין שטיל. זי האָט פּופּצן מינוט זיך אָפּצורוען... דאַן וועט זי גיין אַהיים און דאָרט וועט זי קענען קרעכצן אומגעשטערט...

שפּעטער האָט איר מאַלי גענומען צו זיך אַהיים. שוין ליגנדיק אין בעט, ווען דער שוועסטערס קליינע מיידעלע איז צוגעקומען צו איר און איר אָנגעקוקט מיט אַזעלכע נייגעריקע בליקן, האָט בעטי דערפילט אַזאַ ליידיגקייט, אַזאַ פאַרשעמטקייט. זי האָט פאַרביסן איר אונטערשטע ליפּ ביז בלוט און זיך אַריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע ביז איבערן קאָפּ...

עטלעכע טעג שפּעטער איז זי אַהיימגעקומען און געפונען אַ קאַרטל אין בריווקעסטל.

„אָנגעקומען בשלום. אַ בריוו פֿאָלגט נאָך. — פּאָול".

אַ דערשלאָגענע, אַ פֿאַרשולדיקטע, האָט זי געדריקט דאָס קאַרטל צו איר האַרצן און זיך געלאָזט מיט די שמאָלע טרעפּ אַרויף צו איר וואוינונג...

די שולדיגקייט קעגן פּאָול'ן האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. אויך אַ מאָדנער פֿאַרדאַכט האָט זיך אַריינגעגנב'עט אין איר מוח און האָט איר ווי אַ וואָרים כסדר געטאָטשעט און געגעסן. טאָמער וועט זי מער ניט קאָנען שוואַנגערן? ס'פּאַסירט דאָך אַזעלכעס אויך... איר שולדיגקייט האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אין אַ געפֿאַלנקייט, אַ מינדערווערטיגקייט און עס האָט איר פֿאַרפֿאָלגט איר איינזאַם לעבן...

פּאָול איז געווען גאַנצע צוויי יאָר אין דער מלחמה. ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער געווען שטאַרק געביטן. ער איז געווען קריגעריש, צעטרייסלט. יעדע מינדסטע זאַך האָט אים דענערווירט.

בעטי האָט נאָכגעגעבן אַלע קאַפּריזן און אים געהאַלטן אין איין ניאַנטשען ווי אַן עופעלע, אָבער וואָס מער זי האָט אים געצערטלט אַלץ מער נערוועז און קאַפּריזנע איז ער געוואָרן. און ער פֿלעגט עס אויסלאָזן צו דעם, אַז „זי זאָל האָבן אַ קינד, וועט זי אים אויפֿהערן ניאָנטשען". איבערהויפּט איז ער געוואָרן צודרינגלעך, ווען בעטי האָט גערעדט קעגן דעם. עס האָט זיך געשאַפֿן אין אים אַ מין אײַפֿערזוכט אויף איר וועלן זיין פֿריי.

— נו, און אַז דו וועסט האָבן אַ קינד, וועסטו דען זיין אין טורמע?...

— און פֿאַרוואָס דאַרף זי אים מאַכן פֿאַר אַזאַ לא יצלח? ער וועט שוין מאַכן אַ לעבן אָן איר אויך. דאָס מעבל איז שוין אויסגע־צאָלט. אמת, די שטולן צעפֿאַלן זיך שוין, אָבער מען קען עס פֿאַריכטן.

און דאַן האָט עס פּאַסירט. ער איז אַרויסגעקומען אָפֿן. דער־מאָנט זיין אומגעקומענע משפּחה אין דייטשלאַנד. איר געזאָגט, זי זאָל אפֿילו דורכגיין אַן אָפּעראַציע"...

דאָס לעצטע וואָרט האָט געקלונגען אין בעטי'ס מוח, ווי אַ וואָרנונג, אַן אולטימאַטום. זי האָט זיך פּלוצלונג דערפֿילט ווי אַ פֿרעמדע, אַן איבעריקע און ווי אַ גאַסט, אַלץ גענומען באַטראַכטן"...

יעדער שטיקל מעבל איז געווען געפּלאַנט, אויסגע'חלום'ט. אַלץ איז איר געווען אַזוי ליב. צוזאַמען האָבן זיי אַלץ איינגעקויפֿט. פֿאַר

וואָכן פּלעגן זיי ביידע זיך טרעפן נאָך דער אַרבעט, גיין איבער די קראָמען און איינקויפן פאַרשיידענע חפצים. קומענדיק אַהיים, שטיין און קוועלן איבער דעם, ווי קינדער אין אַ טאַטע מאַמע שפּיל.

אין דער לעצטער נאַכט, ווען בעטי איז געלעגן מיט אויגן אָפּענע און ניט געקאָנט געפינען קיין ביסל שלאָף, קיין ביסל רו, האָט זי זיך ווי געזעגנט מיט אַלץ..

ערגעץ אין זיך האָט זי באַשלאָסן, אַז ווייטער אַזוי קען עס ניט אָנגיין. זי וועט דערציילן פּאָול׳ן דעם אמת וועגן דעם אַבאָרט און וועגן דעם פאַרדאַכט אַז...

זי וועט אים באַווייזן, אַז עס איז ניט איר שולד. זי וועט זיך באַמיען אים איבערגעבן די צעטרייסלונג פון יענער צייט, איר פאַר־צווייפלונג, ווי מען האָט געזונקען שיפן, איר עלנט און בענקשאַפט, די פינצטערע חלומות וואָס זי האָט געהאַט...

בעטי׳ס מוח איז געוואָרן שווער, אינגאַנצן אויסגעשעפּט. אין די שלייפן האָט געצוקט די אויסגעמאַטערטקייט פון אַ שלאָפלאָזער נאַכט. זי האָט צוגעמאַכט אירע שווער באַלאָדענע אויגן־דעקלאַך און זיך ווי אויפגעלייזט אין דעם אָנקום פון אַ נייעם טאָג.



# זון אויף באַרג

מאָרים איז אַריין אין הויז און ווי זיין טבע איז, אויף שנעל מיט זיין בליק דורכגעזיפּט די לופט, געפּאָרשט מיט די אויגן, צו איז עפּעס ניט געשען דורכן טאָג...

געוויינלעך, ווען מאָלי דערהערט דעם קלאַנג פונעם שליסל ביים טיר, גייט זי אים אַנטקעגן, באַגעגנט זיינע פאָרשנדיקע בליקן מיט איר באַרואיגנדיקן שמייכל. מיט דעם לייזט זיך אויף די זאָרג און ס'עפנט זיך די טיר פאַר אַ רואיקן אָוונט.

דאָס מאָל איז אַנדערש געווען. מאָלי האָט זיך מיט עפּעס פאַר־האַלטן אין קיך און לאַרי איז אין הויז ניט געווען.

מאָרים איז אַריין אין קיך, אָנגעקוקט מאָלים פאַרכמורעטן פּנים און אויסגערופן:

— נו, וואָס איז דאָ פאַר אַ מרא שחורה אין הויז?

— וואָס איז שוין ווידער דער אומגליק? מ'האָט נאָך אַן אַפּליקאַציע צוריקגעשיקט? — נו, מילא, אידן מוזן עס זיין דאָק־טוירים? איז ניט קיין דאָקטער — וועט ער זיין אַן אַרבעטער...

מאָלי'ס צער האָט זיך גענומען אויפלייזן אין ווערטער און זי האָט אָנגעהויבן:

— פאַרוואָס טאַקע זאָל לאַרי ניט זיין קיין דאָקטער? אַז דאָס קינד לערנט זיך דורכשניטלעך אויף „איַיס" און עטלעכע ניינציק און טרויממט פון אַ מעדיצינישער פּראָפעסיע, זאָל איך אים זאָגן — „ניין, מיין קינד, ביסט אַ איד, קענסט ניט". סטיוו דזשאַנסאָן, וואָס האָט אַ קלענערן דורכשניט — ער איז מער באַרעכטיקט?...

איז וואָס האָט שוין מאָרים געקענט זאָגן, אַז די לעצטע אַפּלי־קאַציע איז צוריקגעשיקט געוואָרן? פינף־און־דרייסיק אַפּליקאַציעס אין מעדיצינישע אוניווערזיטעטן האָט זיין לאַרי אַוועקגעשיקט, איי איצט שוין די לעצטע צוריק געקומען, מיט דעם וואויל באַקאַנטן נוסח.

„עס איז איבערגעפּאַקט, זיין נאָרמע איז פאַרפולט".

מאָרים האָט אויסגעטאָן זיין רעקל, ברייט צעעפנט דאָס פענצטער, פאַרקאַטשעט די אַרבל און לויז געמאַכט דעם קאָלנער. עס איז אים טפּעס ווי ענג געוואָרן דאָס הויז. האָט ער עס געוואָלט צענעמען.

נאָר די ענגקייט, וואָס האָט געדריקט אונטערן האַרצן און געשטיקט אין האַלדז האָט ער מיט גאָר ניט געקענט לויזער מאַכן.

עפּעס דאָס האַרץ האָט ער ניט געקענט, האָט ער מאַלי׳ן אַ זאָג געטאָן — „נו, איז ניט קיין דאָקטער״. אָבער געמיינט האָט ער עס ניט, וואָס דען וועט זיין לאַרי זיין — אַ פּראָפעסאָר? געדאַרפט טאָקע גיין אין קאָלעדזש, שטודירן, זיך גריבלען ביז שפּעט אין דער נאַכט. ניט נענגו וואָס דער טאַטע איז אַן אַרבעטער, — וואָס שפּאָרט מען אָפּ פון זיין אַן אַרבעטער? אַ שוואַך האַרץ, אַ שווער געמיט און אַ מינדערוויכטיקייט געפיל וואָס פאַרפאָלגט דיר דאָס גאַנצע געפּלאָגטע לעבן?...

האָט ער זיין זון געוואָלט געבן אַ פולקאָם לעבן, אָן זאָרג, אַ פריי געמיט. דאָס אינגל האָט עס אַזוי אויפגענומען. ער האָט עס אַזוי געוואָלט.

מאָרים האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. מיט אַ מידער לאַנגזאַמ־קייט האָט ער געצויגן דעם רויך און געטראַכט: וואָס איצט? ווידער אים לאָזן גיין אויף אַ יאָר אויפנעמען נאָך אַ געגנשטאַנד? — אפשר וועט מען איבעראַיאָר יאָ אַריינעמען? האָט ער דאָך לעצטן יאָר אויך געטראַכט אַזוי...

דער סיגאַרעטן־רויך האָט זיך געקייקלט אַרויף צו. די געדאַנקען האָבן נאָכגעפאָלגט דעם רויך און ווי דער רויך אויך פאַרשוואונדן, אָן אויספיר, אָן קיין שום ממשות׳דיקס:

— איז ווי אַזוי ווירקט עס אויף לאַרי׳ן? האָט ער ענדלעך געפרעגט זיין ווייב.

מאַלי האָט אָפּגעזיפצט. זי האָט געוואָלט ריידן, אַ סך ריידן, אַראָפּריידן די שטיינער וואָס ליגן אויפן האַרצן. נאָר עפּעס אַ בלינדע שרעק האָט איר אַרומגעכאַפּט, עס איז די שרעק פאַר עפּעס וואָס זי וויל נאָך אַליין פאַר די ליפּן ניט ברענגען.

— איז וואָס שווייגסטו? — האָט שוין מאָרים געפאָדערט, און וואו איז ער טאַקע, דער דאָקטער מיינער?

— נו, רוף אים שוין ניט „דאָקטער״ און שיט ניט קיין זאַלץ אויף די וואונדן.

— אָבער וואָס האָט דאָס פּאָרט צו טאָן מיט דיין שווייגן?

מאַלי האָט אירע אויגן געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט. אירע ליפּן

עקשנות׳דיק פאַרשלאָסן. די ווייסע בליוזע האָט אונטערשטראָכן אַ צאַרטע מידקייט אויף מאַלי׳ס פּנים. די שוואַרצע שאָטנס פון אונטער אירע ברעמען האָבן זיך געשפּרייט ווי וואָלקנס פאַר אַ שטורם. מאַלי׳ס ליפּן האָבן זיך פּלוצלונג גענומען באַוועגן מיט אַ מאָדנע נערוויאישקייט, און זי האָט אָנגעהויבן:

— עס איז מיר שווער צו ריידן, ווייל איך ווייס ניט... עפּעס האָט ער מיך איננאַנצן צעמישט. איך האָב געמיינט, אַז די לעצטע אַפּליקאַציע וועט צוריק קומען, וועט ער זיך ערגערן, ער וועט עפּעס זאָגן, ער וועט מאַכן אַנדערע פּלענער. צי ער וועט אפשר טראַכטן פון אַן אַנדער פּראָפעסיע, וואו עס איז גרינגער פאַר אַ אידן צוצו-קומען?... אָבער ער האָט גאָר אַ שמייכל געטאָן, אַזוי מאָדנע אַ שמייכל געטאָן, מיך אַרומגענומען און געזאָגט: „ניט געזאָרגט, מאַמע, אַלץ וועט נאָך זיין אָלרייט", און מיר אָנגעזאָגט ניט צו וואַרטן אויף אים מיט וועטשערע, אַז ער וועט זיך אַוואַדע פאַרזאַמען.

— און ער האָט גאָר ניט געזאָגט וואו ער גייט?...

— ניין, ער האָט גאָרניט געוואָלט זאָגן...

— כ׳ווייס ניט, מאָרים, עפּעס שרעקט מיך דאָס האַרץ, זאָל עס נאָר זיין צום גוטן... ווער ווייסט, וואָס דאָס קינד וועט אָפּטאָן? ער איז פאַרצווייפלט און וויל דאָס פון אונז באַהאַלטן...

מאָרים איז מאַכטלאָז געבליבן זיצן אויפן שטול און מאַלי האָט מיט אומרואיקייט אַלעמאָל אים אַ מונטער געטאָן: „איז וואָס זאָגסטו, האַ"?...

אַז מאָרים האָט אויף דעם גאָר ניט געענטפערט, האָט זי זייער לאַנגזאַם, פאַרטראַכטערהייט אַרויסגערעדט: „דו הערסט, מאָרים, אין מיטן דערינען פרעגט ער מיך, וואָס איז זיין אידישער נאָמען?...

— וואָס זשע, ער וויל דען בייטן דעם נאָמען?...

— ניין, זאָל גאָט אָפּהיטן, מאָרים, וואָס דיר פאַלט איין... אַז איך האָב אים געזאָגט „לייבעלע", האָט ער מיר גלייך געזאָגט: „יאָ, מאַמע, אָבער אויף העברייאיש? — אריה, — האָב איך געענטפערט.

און לאַרי האָט דעם נאָמען אריה אָנגעמאָסטן אויף זיך, עפּעס ווי אַ נייעם בגד, איבערגע׳חזר׳ט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל דעם נאָמען „אריה"...

— איז ווי דענקסטו, מאַלי, ער זעט זיך נאָך מיט פּאָול׳ן?...

— ניין, מאַריס. ער זעט ניט פּאָול'ן. פּאָול איז שוין אַוועקגע־פאָרן מיט אַ גרופּע קיין ישׂראל.

די לעצטע ווערטער מאַלי'ס זיינען געפאַלן ווי אַ שווערע משׂא אויף זיין געמיט. איצט האָט ער שוין דערפילט מאַלי'ס פאַרדאַכט און אומרואיקייט. קיין באַמערקונגען זיינען שוין דאָ ניט נויטיג געווען...

מאַלי איז מיט אויגן פול מיט טרערן אריין צו זיך אין שלאָף־צימער.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און געשטיקט איר געוויין אין קישן. אירע ליפּן האָבן זיך הילפלאָז געגומען באַוועגן ווי אין אַ תפילה טאָן:

„גאָט, שטעל מיך ניט פאַר קיין נסיון, איך האָב מער ניט קיין כוחות, מיין איינציקער זון, מיין קינד, מיין אויג אין קאָפּ. האָב איך דאָך דעם עלטערן געגעבן אַ קרבן פאַר דעם קאַמף קעגן פאַשיזם, האָבן דאָך די פעטליוראַווצעס דער'הרג'עט מיין טאַטן, דאַן ווען ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן רב.

מאַלי'ס טרערן רינען, גיסן זיך ווי קוואַלן גאַנצע. און עס דוכט זיך איר, אַז זי ליגט גאָר איצט אין קעלער באַהאַלטן. איר שוועסטער און ברודערל לעבן איר. די באָבע זיצט לעבן זיי און זאָגט: „שאַט, קינדערלאַך, שאַ, וויינט ניט, דער טאַטע וועט באַלד קומען, וועט ער מאַכן קידוש"...

און אין קעלער איז קאַלט און פייכט. דאָס קליינע פענצטערל פאַרשטעלט מיט אַ ברעט און פאַרהאַנגען מיט דער מאַמעס פאַטשיילע. אַן איבערגעקערטע קעסטל פאַרשפּרייט מיט אַ טישטוכל איז דאָ דער שבת־טיש. די מאַמע בענטשט ליכט און וויינט... און די ליכט טונקען און לעשן זיך, צי פון דער פייכטקייט אין קעלער, צי פון דער מאַמעס טרערן?... און די מאַמע האַלט נאָך די הענט איבער די אויגן, נאָר איין פינגער האַלט זי צעשפּרייט און זי קוקט דורך דעם צו דער טיר, צי דער טאַטע קומט...

די נאַכט איז דאַן געווען אַזאַ לאַנגע. די ליכט האָבן שוין געהאַלטן ביים אויסגיין. די באָבע האָט די קינדער געגעבן צו שטיקלעך ברויט מיט פּאָווידלע און אין קעלער איז אינגאַנצן פינצטער געוואָרן.

ערשט פאַרטאָג האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין קעלער טיר און געזאָגט אין אַן איינגעהאַלטענעם טאָן:

„קומט אַרויס, דער פּאָגראָם איז שוין איינגעשטילט".

„און מיין מאַן, מיין לייבל, וואו איז ער"? — האָט די מאַמע אַ צעטומלטע געפרעגט.

„לייבל איז געפאַלן אַ קדוש, ער האָט פאַרטיידיקט דעם בית המדרש מיטן רב"...

פון דאַן אָן האָט מען אין שטעטל זייער אָפט געהערט דאָס וואָרט „קדוש" אין פאַרבינדונג מיטן טאַטן.

און איצט, אין דער צווייטער מלחמה, איז מיין ברודער און שוועסטער מיט זייערע קינדער געוועזן די קדושים אין דעם לאַגער פון מאַידאַנעק... און מיין זון, אויך אַ קדוש אויף דעם פראָנט, אין קאַמף מיט די נאַציס... גאָט, איך קען ניט, איך קען ניט מער"...

די ווערטער האָט מאַלע אַרויסגעשריען ממש היסטעריש. מאָרים איז אַריינגעקומען אין צימער אויף אירע לעצטע ווערטער: — וואָס קענסטו ניט? — וואָס פאַר אַ יום כפּור האָסטו דאָ היינט געמאַכט? נו, קום אַראָפּ פון בעט, וואַש זיך אָפּ דעם פּנים, לאָמיר גיין עפּעס עסן. נאָך אַלעמען איז דאָך עס אַלץ בלויז אַ פאַרדאַכט?...

ביים עסן האָבן מאַן און ווייב ממש אויסגעמיטן זיך אָנצוקוקן. מאָרים האָט פּרובירט ריידן וועגן שטובּיקע זאַכן, געמאַכט אַ פּאַרזוך צו לויבן איר געקעכטס און געפילט דערביי, אַז מאַלי'ס בליקן ליגן ביי אים אין טעלער, ווי איינער זאָגט, „אויב ס'איז גוט, וואָס עסטו ניט?...

מאָרים האָט איר פראַגע ווי אַרויסגענומען פון זיין טעלער און איר געפרעגט: — און פאַרוואָס עסטו ניט? — זע נאָר ווי דו זעסט אויס. קיין טראָפּן בלוט אין פּנים ניטאָ.

— וויים איך, וואָס דו רעדסט, מאָרים, וואָלט איך געהאַט אַזאַ געזונט האַרץ מיט שטאַרקע נערוועז, ווי איך האָב נאָך בלוט. איך טראַכט טאַקע, מאָרים, גיין געבן בלוט... האַ, וואָס זאָגסטו?... און אפשר וועלן מיר ביידע גיין געבן בלוט פאַר די אידישע קעמפער, אַבי...

זי האָט ניט פאַרענדיקט. עס האָבן זיך אין איר מוח גענומען דרייען פאַרשיידענע געדאַנקען. אַ מאָדנע מורא, עפּעס ווי דער רבונו של עולם אַליין וויל זי דאָ אויספּרובירן, און אַ קול רייסט זיך פון

ערגעץ צו איר און זאָגט: „האָט דאָך אברהם אבינו אַליין געפירט זיין זון יצחק'ן צו דער עקדה, ווייל ער האָט געמיינט אַז דאָס איז גאָטס ווילן... האָט דאָך חנה אוועקגעגעבן אירע זיבן זין פאַר דעם כבוד פון ישראל... האָבן דאָך אַנדערע מאַמעס איבערגעשפּאַנט דעם מוטער געפיל און נאָך דערמוטיקט זייערע זין פאַר דעם גערעכטן קאַמף.

מאַלי'ס קאָפּ איז געווען אָנגעפילט מיט פאַרשיידענע רעיונות: רעליגיעזע מורא, נאַציאָנאַלער שטאָלץ און מוטער-ליבע האָבן אָנגע־פירט אַ מורא'דיקן קאַמף אין איר מוח. זי האָט זיך דערפילט אין אַ מאָדנעם קלעם און געוואָלט יעדן געפיל פאַרגיטיגן מיט עפּעס, ברענגען אַ קרבן פון איר אייגן בלוט, פון איר אייגן לייב, האָט זי געוואָלט, נאָר זאָל די וואונד וואָס איר ערשט־געבוירענער, איר דזשערי, האָט געמאַכט, זאָל מען דאָס לאָזן כאָטש פאַרטריקענען. זאָל איר היים בלייבן כאָטש ווי עס איז...

די קומענדיקע טעג זיינען געגאַנגען זייער גאַנג. יעדערער פאַר־נומען מיט זיין טעגלעכער רוטין. מאָרים אין שאָפּ. מאַלי ביי דער שטוביקער אַרבעט. און לאַרי האָט זיך עפּעס געדרייט ווי אַ ווינט, אָט איז ער דאָ און אָט שוין ניטאָ. ווען מאַלי האָט אים געפרעגט וואו ער גייט, איז דער ענטפער געקומען שנעל:

„איך וועל זיין צו וועטשערע"...

אין אָוונט, ביים עסן, האָט געהערשט אַ מאָדנע געדריקטקייט. די לופט איז עפּעס ווי געווען אָנגעפילט מיט מיסטעריע, מיט פאַר־באָרגענקייט. יעדן פון זיי האָט עפּעס געקוועטשט, און גערעדט האָט מען וועגן עפּעס אַנדערש. ספּעציעל האָט מען אויסגעמיטן צו ריידן וועגן די נייס פון ישראל. מען האָט די פראַגע פּשוט מורא געהאַט אָנצורירן.

מאָרים האָט די אָנגעצויגנקייט פּרובירט איבעררייסן מיט, — נו, לאַרי, וועסט זיך אפשר באַרעכענען און לערנען פאַר אַ כעמיסט? אַ כעמיסט איז דאָך אַ פאַרמעציסט און אַ פאַרמעציסט ביי אונז אין דער היים רופט מען אויך דאָקטער, איז זאָל שוין זיין אַ פאַרמע־ציסט, הא, לאַרי?...

לאַרי האָט אוועקגעלייגט זיין גאָפּל, אָנגעקוקט זיין טאַטן מיט אַ מאָדנעם שמייכל און אַרויסגערעדט מיט אַ פעסטן באַשלוס:

„ניט געזאָרגט, פּאַפּאַ, איך וועל נאָך זיין אַ דאָקטער, איך וועל זיך ספּעציעל אָפּגעבן מיט מעדיצין, ניט מיט מאַכן „סענדוויטשעס", ווי די פאַרמאַציסטן אין אַמעריקע טוען עס"...

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען און לאַרי איז אַוועק ענטפערן.

דער געשפּרעך אויפן טעלעפאָן איז באַשטאַנען פון עטלעכע אָפּגעהאַקטע ווערטער: „יאָ, ניין. נאָך ניט געזאָגט — ווען גייט אָפּ די שיף? — אָ, ניין, איך קען עס שוין ניט באַווייזן — מיר וועלן זיך שוין זען דאָרטן — יאָ, שלום"...

מאָרים און מאַלי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט שטוינענדיקע בליקן.

לאַרי איז צוגעקומען צום טיש. זיין פּנים איז געווען ווי מיט אַ צונטערקייט באַגאָסן. ביי דער לינקער זייט פון אויג האָט אַן אָדערל אַזוי ריטמיש געצוקט. ער האָט די אויגן געהאַלטן אַראָפּגע־לאָזט, אַ רגע שפּעטער האָט ער באַגעגנט דעם בליק פון זיינע עלטערן און מיט אַן איינגעהאַלטענע נערוועזיטעט אַרויסגעזאָגט:

— איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל, אין גיכן וועט דער אוניווערזיטעט אין ירושלים האָבן אַ מעדיצינישן פאַקולטעט. דאָרט וועט קיינער ניט צוריקשיקן מיין אַפּליקאַציע ווייל מיין נאָמען איז פיינמאַן"...

די ווערטער האָט לאַרי אַרויסגערעדט מיט אַזאַ פעסטקייט אין טאָן, אַז טאַטע־מאַמע זיינען געבליבן שטיין ווי אָן לשון, און ניט געפונען קיין פּאַסיק וואָרט אויף אָפּצושלאָגן אָט די געפאַר פון זייער שוועל. ענדלעך האָט מאָרים צוזאַמענגעקליבן די כוחות און געזאָגט:

— אָבער זון, אפשר שפּעטער, איצט איז דאָך די סכנה גרויס. זאָל זיך עס דאָרט איינשטעלן, באַרואיגן, וועלן מיר אפשר אַלע פאָרן קיין ארץ ישראל...

פון דעם טאַטנס רייד איז לאַרי אַזש אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל:

— אַזוי? אויפן גרייטן זאָל איך פאָרן, זיי דאָרטן וועלן געבן זייער בלוט, אַז פאַר אונז זאָל זיין באַקוועם... ניין, פּאַפּאַ, איך וויל אויך האָבן אַ חלק אין דער בויאונג פון ישראל, וועסט זען, עס וועט ניט נעמען לאַנג, מיר דאַרפן נאָר צולייגן אַ האַנט...

— קינד מיינס, וואָס רעדסטו, — איז מאַלי אַריינגעפאַלן די רייד, — מיר ווילן דען ניט העלפן? — אָט זע, מיין קינד, אָט האָב איך נעכטן געגעבן בלוט פאַרן „רויטן מגן דוד".

לאַרי'ס אויגן זיינען געפאַלן אויף זיין מאַמעס האַנט מיטן פאַרקאַטשעטן אַרבל, ער האָט אַריינגעקוקט אין די גוט באַקאַנטע ברוינע, וואַרימע אויגן, די ווייסלען זיינען געווען ווי מיט רויטע צווייגעלעך פאַרצויגן, אויף די שוואַרץ־אַפּלען האָט געגלאַנצט אַן איינגעהאַלטענע טרער...

לאַרי האָט געוואָלט אַרומנעמען זיין מאַמען און אַ קוש טאָן דעם ווייסן פּלאַסטערל וואָס האָט געקרייציגט איר אָרעם. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. מיט אַ געמאַכטע שטאַרקייט האָט ער זיך אָפּגעקערט און אוועק צו זיך אין צימער...

מאַלי איז אים נאָכגעגאַנגען און געהאַלטן אין איין ריידן: — זון מיינער, ניט אויף אַלעם גרייטן, איך וויל געבן מיין חלק. איך בין גרייט אפילו אוועקצוגעבן דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלט, דאָס וואָס מיר האָבן געזאָלט איינצאָלן פאַרן „מעדיקאַל קאַלעדזש", מיר וועלן דאָס אוועקגעבן דער הגנה. איך וועל דאָ טאָן אַלץ וואָס מען קאָן זיי דאָרטן צו העלפן. אָבער דו, מיין קינד, פאָר ניט איצט. צעברעך ניט דיין מאַמען... האָט נאָך אונזער היים ווייניק געליטן?... איז דאָך דזשערי געפאַלן אַ קרבן אין קאַמף קעגן פאַשיזם...

— זעסטו דאָך, מאַמע, אַז דער פאַשיזם איז נאָך ניט באַקעמפט, אַז רעאַקציע אין אַמעריקע צעבליט זיך איצט. עס וועט ניט נעמען לאַנג און קיין איין איד וועט ניט צוגעלאָזט ווערן אויף קיין וויכטיגע פּאָזיציע, איז וואָס פאַר אַ צוקונפט האָבן מיר דאָ?...

מאַלי האָט די לעצטע ווערטער פון איר זון נעפּלדיק געהערט. זי האָט שוין דערפילט נאָכן טאָן, אַז אַ נייער וואָלקן פאַרציט זיך אויף איר היים. און זי איז גאָר גרייט געווען נעמען אַן איינטייל אין זיין שטודירן. זי האָט נאָך אַלץ געהאָפט אַז ערגעץ וועט מען זיין אַפּליקאַציע יאָ אָננעמען, און זי וועט האָבן אַ נייעם אינטערעס, נייע פליכטן, באַקן קיכלעך און אים שיקן... פאָרן אים באַזוכן פון צייט צו צייט, זען צו זיינע העמדער און וועש זיינען אין אָרדענונג — איז גאָר אַלץ אויס... איר זונס דערציאונג האָט זיך געענדיקט. ער וועט אוועקפאָרן אַזוי ווייט. דאָס הויז וועט בלייבן ליידיק און די

געפאר לויערט ווידער...

זי האָט גענומען שפּאַנען הין און צוריק, איר קליינע פיגור איז עפּעס ווי איינגעשרומפּן געוואָרן מיט יעדן טראָט. איר געבן בלוט און געלט זיינען געוועזן אַזוי נישטיק אין פאַרגלייך מיט דעם פעסטן וואָרט פון איר זון.

אַן אויסגעשעפּטע האָט זי זיך אַוועקגעזעצט לעבן פענצטער און געקוקט אויף דער נאַכטיקייט וואָס האָט זיך געצויגן אויף די הימלען און פאַרדעקט אַלץ אַ גרעסערן שטח. אַלע וואָלקנס האָבן זיך ווי געצויגן צו איין פונקט, דערנאָך האָט עס אויסגעזען ווי אַ ריזיקער שניי באַרג. אַ באַרג מיט אַ ראַזעווען פּאַסיקל אויפן סאַמע שפּיץ.

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון דער הימלישער פּאַנאָראַמע און אַ געדאַנק האָט זיך אויסגעשיילט אין איר מוח: „און אַז דאָ זאָל אויס-ברעכן אַ נייער פייער וועט לאַרי שוין זיין זיכער מיט זיין לייב און לעבן?... ווי עס זעט אויס, איז עס אין הימל און איין זון און דער באַרג איז אויך שטענדיק דאָ... און כדי צו דערגרייכן די זון דאַרף מען בייקומען דעם באַרג...

זי האָט גענומען צונויפזאַמלען אירע כוחות אויף זיי איינצו-שפּאַנען אין דעם נייעם וועג — דער וועג אַרויף באַרג וואָס פירט צו דער זון...



צווייטער טייל

# מלחמה עבֿאס

אין ליכטיקן אָנדענק:

מיין היים שטעטל ביטען, גראָדנער גובערניע, מיט איר עדה אידן, וועלכע האָבן געטיילט דעם טראַגישן גורל פון זעקס מיליאָן קדושים.

# דעם זיידנ׳ס תהלים

פאר די לעצטע צען יאָר, וואָס ר׳ הערש איז אין אמעריקע, האָט ער קיינמאָל פריער ניט געפילט, אַז ער איז, חלילה, אַן אָנגע־וואָרפענער ביי די קינדער. זיין איידעם האָט אים שטענדיק באַהאַנדלט מיט דרך־ארץ; די טאָכטער, — כאָטש אַביסל אומגעדולדיק איבער זיין פאַנאַטישן אויפפירן זיך, — האָט זיך דאָך באַצויגן מיט ליבשאַפט צו אים.

צו די צוויי אייניקלעך קאָן ער אויך גאָרניט האָבן. די עלטערע, דזשאָון, וואָס איז אַ נאָמען נאָך זיין שיינע־לאה׳ן, איז זייער אַ וואוילע, מען קען זאָגן: מיט אַלע מעלות. זי איז שיין, שלאַנק און קלוג, כאָטש ווען איר קלוגשאַפט ווייסט ניט גענוי דער זיידע, ווייל ער קאָן זיך ניט צונויפריידן מיט איר. אָבער אַז אַ מיידל פון צוויי און צוואַנציק יאָר קאָן אַרבעטן אין אַ צייטונג, און אַז אַזאַ מענטש ווי דער מיסטער אַרנאָלד סאַוועל שטאַרבט נאָך אירע טריט, מוז דאָך זיין עפּעס...

און טאַקע אַרנאָלד אַליין. ער איז נאָך אפילו ניט דזשאָונ׳ס חתן, און ער באַהאַנדלט אים שוין ווי אַן אייגענער. איידער ער, אַרנאָלד, איז אוועקגעפאָרן, פלעגט ער אַליין אַריינקומען צו אים אין צימער, אים רופן זיידע, זיך אָנשטרענגען צו ריידן צו אים אידיש, און פלעגט אפילו אַמאָל ריידן צו אים וועגן וועלט־פּאָליטיק...

נאָר לעצטנס פאַר זיין אוועקפאָרן איז ער עפּעס געווען צעטראָגן. און אַז רב הערש האָט אים געפרעגט וואו זיין צייטונג שיקט אים, האָט ער געענטפערט, אַז עס איז אַ מיליטערישער סוד...

דאָס אינגערע אייניקל, פרענצים, גייט נאָך אין סקול. ווען זי קומט פון סקול, לויפט זי גלייך אַריין צו אים אין צימער און שרייט אויס:

— העלאָ, זייד, וואָס מאַכסטו?

אין דעם „העלאָ, זייד, וואָס מאַכסטו״, דריקט זי אויס איר גאַנצע אידישקייט און אויך איר ליבשאַפט צום זיידן.

רב הערש איז שוין צוגעוואוינט צו אָט דעם אַלעמען. פון אָנפאַנג, ווען ער איז נאָר־וואָס אָנגעקומען קיין אַמעריקע, איז אים

געוועזן פריקרע דאָס גאַנצע אַמעריקאַנישקייט. עס איז אים ניט געפעלן דער טאָכטער׳ס פירונג:

— וואָס הייסט, זי פאַרלאָזט זיך מיט דער גאַנצער כשרות אויף דער דינסט? אַז יענע איז דאָך גאָר ניט קיין אידישע...

— און פאַרוואָס ריידן ניט די קינדער קיין אידיש?

— פאַרוואָס דאַרף דזשאָון שפּילן פּיאַנאָ דוקא אום שבת? עס פעלן דען אויס אַנדערע טעג אין דער וואָך?

— פאַרוואָס דאַרף דער מאַן אירער, עס הייסט, דער איידעם זיינער, האַלטן דעם שאַפּ אָפן שבת? און ווען מען נייט ניט קיין קליידער אום שבת, וואָלט דען אַמעריקע, חלילה, געגאַנגען נאַקעט?...

— דאָ איז דאָך אַ פריי לאַנד. פאַרוואָס זשע קאָנען אידן ניט האָבן קיין אידיש לעבן? בויען בתי-מדרשים, וואו מען זאָל דאַוונען, אויב ניט אַלע טאָג, איז כאָטש שבת?...

באַשקע, זיין טאָכטער, וואָס הייסט שוין דאָ בעסי, פלעגט אים אויף אַלץ געדולדיג ענטפערן:

— טאַטע, מיר אידן זיינען בלויז איין קליין שרייפעלע אין דעם גרויסן ראָד, וואָס הייסט ציוויליזאַציע. מיר מוזן נאָכגיין דעם שטראָם און קאָנען זיך ניט שטעלן קעגן. מיר היטן אָפּ אידישקייט ווען די צייט דערלויבט אונז...

און ווען דער טאַטע פלעגט איר שוין מער דאָקוטשען מיט זיינע טענות, פלעגט זי אים זאָגן:

— טאַטע, דו ביזט אין ערגעץ ניט צופרידן. ביזטו געוועזן אין רוסלאַנד האָסטו מיר פון דאָרטן פאַרקלאָגט די יאָרן מיט דיינע בריוו אַז עס איז ניטאָ קיין אידיש לעבן דאָרט; אַז דו קאָנסט ניט קריגן קיין מנין אויף צו דאַוונען אַלע פרימאָרגן, און אַז פון דער ווייבערשער שול, וואו די מאַמע פלעגט דאַוונען, האָט די שטאָטישע רעגירונג געמאַכט אַ ביבליאָטעק; אַז די איינציגע צייט, ווען מען זעט אידן קומען דאַוונען, איז אין די ימים נוראים... און אַז איציק האָט ניט געמאַכט זיין זון קיין בר־מצוה, איז דיר אויך געווען אַ זאָרג. און אַז די שנור איז אַ לערערין פון אידיש, אָדער זשאַרגאָן, ווי דו רופסט עס, איז אויך געווען שלעכט... אויך דאָס וואָס די באַלעבאַטישקייט פירט ביי איר אַ דאָרפס־שיקסע איז דיר ווידער ניט געפעלן... נו ,האָב איך דיך געבראַכט קיין אַמעריקע, און דו ביזט

ווידער ניט צופרידן. עס פעלט דיר ווידער דער מנין...

און ביים סוף שוין נאָך שאַרפער אָפּגעשניטן: — דו, טאַטע, וועסט זיך דאַרפן צוגעוואוינען, אַז דיינע קינדער דאַרפן מיטגיין מיט דער צייט און מיטן שוואונג פון לאַנד! איציק קאָן זיך ניט שאָקלען אין טלית און תפילין יעדן פרימאָרגן, פונקט ווי מיין מאַן קאָן עס ניט טאָן דאָ! ביידע זיינען פאַרנומען מיט זייער אַרבעט!...

רב הערש קוקט זיך צו צו זיין טאָכטער, און אים קומט אויס, אַז עס איז גאָר ניט זיין באַשקע, נאָר אַ פרעמדע פרוי, מיט גרויע האָר אויסגעלייגט אין לאָקן, ווי אַ קרוין אַרום איר קאָפּ. בלויז די אויגן זיינען אָן אָנדייטונג אויף זיין טאָכטער. יאָ, בלויז די אויגן, אָבער איצט שפּריצן זיי מיט פייער און האָבן צו אים אַזעלכע טענות...

רב הערש מורמלט צו זיך ווי אונטער'ן נאָז:

— יאָ, נו, אַ אומגליק, אומעטום איין וועלט. דער ברודער אירער דאָרטן זאָגט: „אין דער סאָכע ליגט די מזל-ברכה", און אַז וועלוול וועט זיין אַ גוטער איד, כאָטש ער האָט ניט געפּראַוועט קיין בר־מצוה אין שול... און זי, דאָ — עך, נו!...

די ערשטע פּאָר יאָר פלעגט זיך דאָס איבעררעדן מיט זיין טאָכטער צו אָפט איבער'חזר'ן, כאָטש צו קיין ערנסטע קריגערייען איז קיינמאָל נישט געקומען. צוליב שלום-בית וועגן איז ר' הערש אַביסל איינגעגאַנגען אויף דער טאָכטערס זייט, און קיין פאַרדראָס איז אויך ניט געבליבן. פאַרוואָס זשע טאַקע איז אָט די אָנגע־שטרענגטע שטימונג אין הויז?... פאַרוואָס האָט אַזאַ סודות'דיגקייט זיך פאַרשפּרייט איבער זיין טאָכטער'ס רייכער וואוינונג?...

איצט, ווען ער איז געבליבן אַליין אין הויז, גייט רב הערש פון צימער צו צימער און פאָרשט מיט זיינע בליקן די סיבה פון אָט-דער סודות'דיקייט.

ער איז אַריין אין אויפנאַם־צימער, און באַטראַכט די גרויסע שטיקער באַקוועמע מעבל — איבערגעצויגן מיט קאָלירט פּליוש, ווי ער וואָלט זיי דערזען צום ערשטן מאָל. די גרויסע פּיאַנאָ וואָס פאַר־שאַפט אים ניט קיין גרוים נחת, ספּעציעל ווען דאָס אינגערע אייניקל זעצט זיך אַוועק שפּילן אַזאַ מאָדנע מוזיק, וואָס קלינגט אַזוי פרעך, אַזוי זינדיג אין זיינע אויערן...

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ באַקוועמער שטול און באַ־

טראַכט דאָס גאַנצע צימער, דעם רויטן טעפּיך, וואָס ווען מען טרעט אויף דעם — זינקט מען ווי אין פרישן ווייכן שניי אַריין...

אַנטקעגן אים שטייט אַ גרויסער דיוואַן פון גרינעם פּליוש און איבער׳ן דיוואַן הענגט אַ ריזיגער שפּיגל, וואָס פאַרנעמט באַלד די גאַנצע וואַנט.

איז פון דער וואַנט מיט דער גאָלדענער געשניצטער ראַם אַרויס־געקומען אַ מאָדנע געשטאַלט. אַזאַ הילפלאָזער איד מיט אַ יאַר־מולקע, מיט אַ שיטערער באָרד, וואָס זעט אויס ווי עמעצער וואָלט זי אויסגעצופּט. ער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר׳ן געשטאַלט, וואָס איז געווען בלויז אַ זכר פון דעם אַלטן רב הערש, וועלכן ער האָט געקענט.

ער האָט זיך האַסטיג געגעבן אַ הויב אויף, איז צוגעגאַנגען נעענטער צום שפּיגל, און געקוקט. אַרונטערגענומען די ברילן, אַרויס־גענומען, פון געוואוינהייט, אַ טיכעלע, אויף אויסצואווישן די ברילן, אָבער די האַנט מיט׳ן טיכעלע האָט זיך געצויגן צום שפּיגל. שטייט ער און ווישט דעם שפּיגל, ווי דער שפּיגל וואָלט געווען פאַרנעפּלט; ווי ער וואָלט זיינע אויגן ניט געגלויבט, אַז דאָס איז זיין געשטאַלט. ער האָט געזוכט עפּעס אַן אָנווייזונג אויף דעם שיינעם שטאָלצן אידן, וועמען קינד און קייט האָבן אין שטעטל גערופן רב הערש. דאָס פּנים — אין טיפע קנייטשן, צעשניטן ווי אַ לאַנד־קאַרטע, — האָבן אים דערמאָנט, אַז ער איז אַ בן־שבעים...

די גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן נאָך אַ פינקל געטאָן און זיך גלייך פאַרצויגן מיט אַ טוי פון טרויער, האָבן ווי פאַרבלאָנדזשעטע אַרויסגעקוקט פון דער גאָלדענער ראַם. זיינע ברעמען זיינען געבליבן געדיכט, אָבער גרוי. זיין אײדים׳ס רעקל האָט ווי אָראָפּגע׳חוזק׳ט פון זיין שטאָלצן גוף, און די יאַרמולקע האָט זיך ווי פאַרלאָרן און איז ווי אַ פאַרשעמטע געזעסן אויף דעם קאָפּ, וואָס הייסט רב הערש גאַרפינקל.

אַז מענטשן זיינען דאָ, קוקט ער ניט אין שפּיגל. וואָס וועט ער קוקן?... וואָס איז ער, אַ מיידעלע?... צי אַ חתן־בחור?...

ביי זיך אין צימער האָט ער אויך אַ שפּיגל, אָבער צו יענעם שפּיגל איז ער שוין צוגעוואוינט. קוקט ער גאָר זעלטן, סיידן דאַן ווען ער שערט זיך צו אַ ביסל די באָרד. יעדעס מאָל ווען ער שטייט

קעגן שפּיגל מיטן שערל אין האַנט, רעדט ער צו זיך אַליין: „נאָר די שפּיצן וועט ער אויסגלייכן. ער מיינט ניט, חלילה, מאַכן קירצער, וואָס דאָס איז פון מענטשנ'ס וועגן... נאָר גלאַט אַזוי לכבוד שבת..."

רב הערש האָט זיך אָפּגעקערט פון שפּיגל, זיך געלאָזט צום פענצטער און עס אַ ביסל געעפנט. אין ווינקל ביים פענצטער, אויף דעם קליינעם ביכער-שראַנק, האָט אים עפּעס אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, זיי נאָכאַמאָל געעפנט. זיין בליק איז געפאַלן אויף אַ ספר, וואָס האָט אים אויסגעזען זייער באַקאַנט. זיין האַנט האָט זיך אויטאָמאַטיש אויסגעצויגן.

זיצט ער, רב הערש, קוקט אַריין אין דעם ספר. מיט גרויס פאַרצווייפלונג קוקט ער אויף די טאָוולען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי דורכגעלעכערט מיט אַ שווערד. מישט ער די בלעטלעך, און גלייך אויפ'ן צווייטן בלאַט נאָכ'ן שער-בלאַט זעט ער, ווי עס שטייט אָנ־געשריבן שוואַרץ אויף ווייס: „זה התהלים שייך לרב צבי הירש גאַרפינקל". אונטן שטייט אָנגעשריבן זיין אייניקל'ס נאָמען, וועלוול גאַרפינקל. און ער טוט זיך אַ כאַפּ:

„עס איז דאָך זיין תהלים — דער תהלים, וואָס זיין שווער האָט אים געגעבן צו דער חתונה!... און אָט דעם תהלים האָט ער דאָך דערנאָך געגעבן זיין אייניקל, איידער ער אַליין איז אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. איז וואָס טוט עס דאָ?

ער גייט בכיוון איבער אין זיין געדאַנק דעם גאַנצן באַגאַזש, וואָס ער האָט דאַן געהאַט מיט זיך מיטגענומען:

„אַ סידור, אַ גאַנג מחזורים, דעם שלחן-ערוך, זיין שיינע-לאה'ס תחינה פאַר באַשקע'ן, די זילבערנע לייכטער און בעט-געוואַנט. דעם תהלים האָט ער געלאָזט וועלוועלען — אין דעם איז ער זיכער. איז ווי'זשע קומט פאָרט אַהער דער תהלים?..."

מישנדיק די בלעטלעך פונעם תהלים שטעלט זיך פאַר אים פאָר די גאַנצע חתונה זיינע פאַר די אויגן. ווי מען האָט עס געהוליעט! גאַנצע זיבן טעג און זיבן נעכט! דאָס דרשה-געשאַנק, דאָס זילבער-וואַרג מיט די קופּערנע פאַנען... און ווען ער מיט שיינע-לאה'ן זיינען געבליבן אַליין אין דעם קליינעם שטיבל, וואָס דער שווער האָט אים געגעבן נדן, האָט זי געעפנט דעם קופערט מיט איר אויסשטייער געהאָפטענע און געשטריקטע ווייבערשע קליידער, וואָס זייער ווייסקייט

האָט אַזש געבלענדט די אויגן... און פון אויבן, אויף די אַלע זאַכן, איז געלעגן אַ ספר. די שוואַרצע לאַקירענע טאָוולען מיט די גאָלדענע ברעגן האָבן אַזש אַראָפּגעשיינט פון די ווייסע זאַכן... האָט ער אַ פרעג געטאָן זיין כלה אין דער חתונה-נאַכט:

וואָס איז דאָס, אַ קרבן מנחה?...

האָט זיין שיינע-לאה, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, און דאָס פּנים רויט פון בושה, אים דערלאַנגט די מתנה:

— נאַ, דאָס איז פאַר דיר, הערשעל. דער טאַטע האָט עס געבראַכט פון פּריסן...

שוין באַלד פופציג יאָר איז אין דעם ווי מען האָט אים גע־וואונטשן געזונט, גליק, פּרנסה, לאַנגע יאָרן מיט אַ גוטן דור... אים איז אָבער קיין זאַך ניט מקוים געוואָרן. גלייך נאָך דער חתונה האָט זיין שיינע־לאה גענומען קרענקען. נאָכ'ן צווייטן קינפּעט איז זי געשטאָרבן און אים איבערגעלאָזט מיט צוויי קליינע קינדער.

מיט פּרנסה האָט ער זיך אויך געמוטשעט זיין גאַנץ לעבן. אַ מילנער ביי יענעם, קוים פאַרדינט אויף ברויט פאַר די קינדער. מיט די קינדער איז אים ניט געגאַנגען, ווי ער האָט געוואָלט...

פאַרוואָס טאַקע האָט זיין איציקל ניט געקאָנט זיין קיין רב? מיט אַזאַ קאָפּ?!... ער האָט דאָך שוין געקענט אַזוי פיל בלעטער גמרא אויף אויסווייניג, איז ער גאָר געוואָרן אַ פעלד אַרבעטער. אַ קאָלעקטיוו רופן זיי עס דאָרט, אָבער ביי אים איז עס אַ פּשוט'ער ישובניק... און די טאָכטער, באַשקע, האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטן מיט אים. דער אומעט פון שטוב און דער יאָך, וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף איר, איז געווען צו שווער פאַר אירע יונגע פּלייצעס.

האָט זי געזוכט אַ טרייסט ביי די מיידלעך פון די שכנים. אַזוי לאַנג ביז יענע האָבן זי גענומען צו אַ פאַרזאַמלונג ערגעץ ווייט הינטער דער שטאָט.

באַשקע האָט געהערט אַ סך זאַכן ביי דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג, כאָטש ניט אַלץ איז איר געווען קלאָר. עס האָט זיך אויפגעשטעלט לייבקע דעם שוסטערס און גערעדט אַזעלכע קלוגע רייד. געזאָגט, אַז מען דאַרף העלפן אַלע אָרימע און אונטערדריקטע און אַז די „צאַרסקי וולאַסט" וועט סוף־כל־סוף פאַלן פון דעם אַרבעטער'ס פויסט.

באַשקע האָט ניט געוווּסט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט. שפּעטער, ווען חוה'לע דעם רב'ס האָט זי גענומען אונטערן אָרעם, איז איר געווען דער גרעסטער חידוש, און באַשקע האָט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס זי איז פֿאַררעכנט, ווען איר טאַטע איז אַ מילנער און אַרבעט פֿאַר יענעם? צי איז זי אַן אַרבעטער, אָדער איז זי אַ באַלעבאַטיש מיידל?

און די קלוגע, שוואַרץ־חנ'עוודיקע חוה'לע, וועלכע האָט געהאַט דעם מוט זיך אַריינצוגרייסן אין דער מאַנסבילשער שול, צוגיין צום ארון־קודש, אַ קלאַפּ טאָן מיט דער פויסט אין דעם באַלעמער און האַלטן אַ דרשה פֿאַר די אַרבעטער, האָט באַשקע'ן אַרומגענומען, און גייענדיק אַהיים איר אַלץ געגעבן צו דערקלערן.

באַשקע האָט זיך דערנאָך לאַנג אַרומגעטראָגן מיט איר סוד און מורא געהאַט צו דערציילן דעם טאַטן.

אָבער איינמאָל האָט אַ מאָדנע פֿאַרדעכטיקער פֿאַרשווין זיך גענומען גאָר אָפּט דרייען אַרום זייער שטוב, האָט זיך גע'חנ'דלט צו איר און זי פֿאַרוואָרפֿן מיט קאָמפּלימענטן, אַז אירע האָר זיינען ווי גינגאָלד כוואַליעס אַנטקעגן דער זון, אירע אויגן — ווי מאַנדלען מיט האָניק, און אַז פֿאַר אַזאַ מיידל ווי זי פּאַסט ניט צו חבר'ן זיך מיט חוה'לען, כאָטש יענע איז דעם רב'ס טאָכטער... דער רב אַליין האָט געגוג בושות פֿון איר...

דער ענין האָט באַשקע'ן אויסגעזען פֿאַרדעכטיק. און איינמאָל, ווען זי האָט געבראַכט דעם טאַטן עסן אין דער מיל, האָט זי אַרויסגעשטאַמלט די גאַנצע מעשה.

רב הערש איז געבליבן זיצן ווי אַ פֿאַרגליווערטער און אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן אויף באַשקע'ן. ער האָט אַ רוק געטאָן דעם דאַשיק פֿונעם מעל־פֿאַרשטויבטן היטל, זיין שוואַרצע באָרד, וואָס האָט אויסגעזען גרוי פֿון דעם מעל, האָט זיך געשאָקלט פֿון כעס, און מיט אַ פֿאַרשטיקטן קול, אַז קיינער זאָל ניט דערהערן, האָט ער אויסגעשריען:

— גזלן, האָסט דאָך מיר געקוילעט!...

און נאָך די זעלבע נאַכט, ווען ער איז אַהיימגעקומען פֿון דער אַרבעט, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז באַשקע פֿאָרט קיין אַמעריקע.

באַשקע'ס אָוועקפֿאָרן האָט שטאַרק צעבראָכן ר' הערש'ן. אין זיין טאָכטער האָט ער געהאַט די היימישקייט פֿון אַ פֿרוי אין הויז.

כאָטש אַזוי יונג, איינגאַנצן אַכצן יאָר, האָט זי איינגאַנצן אויסגעזען ווי איר מאַמע. זיין ביינקשאַפט נאָך דער טאָכטער האָט אים קיינמאָל ניט אָפּגעלאָזט און, אפשר דערפאַר טאַקע האָט ער קיינמאָל ניט געוואָלט חתונה האָבן...

זיצנדיק אַזוי מיטן תהלים אין האַנט, האָט ער דערהערט טריט.

— טאַטע, וואו ביסטו ? — האָט ער דערהערט דער טאָכטער׳ס שטימע.

ווען באַשקע איז אַריין אין אויפנאַם-צימער און דערזען דעם טאַטן מיטן תהלים אין האַנט, האָט זיך פון שרעק ביי איר אַרויסגעריסן אַן „אוי !״

דעם טאַטנ׳ס פאַרנעפּלטע אויגן, זיין פאַרטרויערט געשטאַלט האָבן געקוקט אויף איר, ווי ער וואָלט זי געבעטן צו דערציילן דעם אמת.

ער האָט מיטן פינגער איר אָנגעוויזן אויפן שניט פון דעם ספר און מיט ווייטאָג זי געפרעגט :

— וואָס פאַר אַ רוצח האָט דאָס געקענט טאָן ? און ווי אַזוי קומט עס ?...

באַשקע האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן. זי האָט דערציילט דעם טאַטן, אַז דער תהלים איז אַן עדות אָפן גרויסן אומגליק וואָס עס איז געשען.

— אַרנאָלד האָט זיך שוין צוריקגעקערט פון דער מיסיע, אויף וועלכער זיין ציטונג האָט אים געשיקט. ער האָט באַזוכט דעם טויטן-לאַגער אין לובלין...

און נאָך אַ ווײַלע שווייגן, שטיל צוגעגעבן :

— מיר, טאַטע, זיינען דאָרט אויך געווען פאַרטראָטן, אונזער וועלוול, טאַטע...

דער אַלטער ר׳הערש האָט, אַ צעטומלטער, אַרויסגעפּליסטערט :

— אָבער... ווי קומט וועלוול ?... ער איז דאָך גאָר געווען אַ רויטאַרמייער, — אַ באָלשעוויק... ער — מיטן זיידנס תהלים ?

באַשקע האָט מער ניט געקאָנט רעדן. זי האָט נאָר צוגעגעבן :

— היינט, טאַטע, וועסטו זיך אַלץ דערוויסן. היינט אָוונט וועט דאָ זיין אַרנאָלד.

דאָס עס־צימער איז געווען העל-באַלויכטן. דאָס ווייסע טישטוך,

דאָס זילבערוואַרג, די הויכע גלעזער — האָבן געפינקלט מיט קריש-טאָלנער לויטערקייט. אַלע זיינען געזעסן אַרום טיש.

די דינסט האָט צוגעטראָגן איין געריכט נאָכן צווייטן, נאָר קיינער האָט זיך כמעט ניט צוגערירט צום עסן, אַחוץ פּרענצים. זי האָט געגעסן מיט אַפּעטיט, אָפּשאַרענדיק אַלע מאָל אירע טונקל־בלאָנדע האָר פון די אויגן.

באַשקע איז געזעסן רייך געקליידט, ווי צו אַ שמחה. אירע גרויע האָר, פאַרקאַמט אַרויף, האָבן איר געגעבן אַ ווירדיקן אויסזען. זי האָט קוים באַוועגט מיטן מויל. איר מאַן, אַ באַבייכלטער מיט אַ היבשן פּליך, איז גראָד געווען שטאַרק הונגעריק, אָבער ער האָט זיך געשעמט פאַר זיין ווייב און אויך פאַרן שווער, וועלכער איז געזעסן ווי אַ פּאַר׳משפט׳ער. אַרנאָלד סאַוועל, דער רייך־געקליידטער עלטערער בחור, וואָס האָט אַזאַ נאָמען אויף דער וועלט דורך זיין שרייבן און דורך דער ראַדיאָ, האָט געוואָרפן פאַרליבטע בליקן צו דזשאָוּנען. איצט, זיצנדיק אַרום טיש מיט איר פאַמיליע, פילט ער, אַז זי איז שוין זיין כלה.

דזשאָון ענטפערט אים מער ניט מיט שטרייגגע בליקן, ווי זי פלעגט עס טאָן די ערשטע צייט, בעת זי איז געוואָרן זיין סעקרע-טאַרשע, נאָר מיט דאַנקבאַרקייט און רעספּעקט, און אַמאָל אויך מיט ליבשאַפט.

דעם קאָמפּאָט האָט שוין קיינער ניט געוואָלט, אפילו ניט פּרענצים. די אָנגעשטרענגטע שטימונג האָט שוין מער ניט געקאָנט אָנהאַלטן.

אַרנאָלד האָט אָנגעהויבן דערציילן. מיט אַ וואַרימען בליק האָט ער זיך געווענדט צו ר׳ הערשן און געזאָגט:

— זיידע, איך וועל פּרובירן רעדן אַביסל אידיש, און דאָס איבעריקע וועט אייך אייער טאָכטער געבן צו דערקלערן.

— איך בין געווען איינער פון די קאָרעספּאָנדענטן וואָס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען זען דעם טויטן לאַגער אין לובלין... אָבער וואָס איך האָב דאָרטן געזען איז צו שוידערלעך איבערצו-דערציילן. איך האָב געזען — — —

אַרנאָלד׳ס רואיקער פּנים האָט זיך איינגאַנצן ווי אָפּגעטאָן פון

דער שטוביגער וואַרימקייט. זיין בליק איז געווען ערגעץ ווייט, ווייט איבער ימים.

ער האָט גערעדט מיט וויטיק, דערמאָנענדיק אַלע שרעקלעכע פאַקטן פון מאַידאַנעק. ער האָט דערציילט פון דעם צופאַל, ווי אַזוי ער האָט געפונען דעם פּאַספּאָרט פון וועלוול גאַרפינקל, און דעם תהלים, — צוזאַמענגעבונדן מיט נאָך צוויי ביכער. איין בוך פון שלום־עליכם, און אַ בוך פון לעניןַ. אַפילו אַ בלעטל אין לענינ׳ס בוך איז געווען פאַרשריבן דער אַדרעס צום זיידן קיין אַמעריקע.

אַרנאָלד האָט נאָך לאַנג גערעדט, איבערגעבנדיק אַלע איינצעל־הייטן.

אָבער ר׳ הערש האָט שוין ניט געהערט. זיין צעצונדענער מח האָט שוין מער גאָר ניט באַנומען. פאַר זיינע אויגן האָבן זיך אים געמישט גריבער מיט סקעלעטן, בערג מיט שיך, פּאַספּאָרטן, קינדערשע שפּילעכלאַך. און מתים, אָן אַ שיעור מתים... פעלדער — באַמיס־טיגטע מיט דעם אַש פון מענטשלעכע ביינער. און אָט, פון איינעם אַזאַ פעלד גייט אויף זיין אייניקל וועלוול, — וועלוול מיטן תהלים אין האַנט.

עפּעס רעדט ער, שטרעקט אויס זיין ביינערדיקע האַנט, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָרנט, נאָר דער זיידע פאַרשטייט אים ניט. איין זאַך ווערט אים אָבער אַלץ קלאָרער: אַז זיין אייניקל — דער רויט־אַרמייער — איז אַ גרויסער ייִד; אַז ער האָט אָפּגעגעבן זיין לעבן פאַר זיין לאַנד, פאַר זיין פאָלק און זיין שטאַם...

ר׳ הערש האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן און זיינע אויגן, ווי פאַרלוירענע, האָבן עפּעס געזוכט. אַ האַנט זיינע האָט זיך אַ צי געטאָן צום טיש, גענומען אַ מעסער און... ער האָט געשניטן קריעה...

ער האָט געוואָלט וויינען, שרייען, קלאָגן, אָבער זיין האַרץ איז געווען ווי צונויפגעדריקט פון אַ קלעם, און עס איז אים שווער געווען צו עפענען דאָס מויל. דערנאָך האָט ער צונויפגעקליבן אַלע כחות און אויסגעשריען:

— אידן, קינדער, וואָס שווייגט איר?... לאָמיר זיך אָנטאָן אַ זאַק מיט אַש אויפן קאָפּ און גיין אין די גאַסן אויסשרייען אונזער וויטיק!... זאָל שוין נעמען אַ סוף צו די שחיטות... איך וועל גיין אין אַלע בתי מדרשים, איך וועל זיי דערציילן וועגן מיין אייניקל

וועלוול, וועגן דעם נייעם אידן. איך וועל ברייגנען דעם תהלים פאַר אַן עדות!...

דאָס רייכע עס־צימער איז געבליבן ליידיק. יעדער באַזונדער האָט זיך ווי פאַרטאַיעט אין זיינע געדאַנקען.

ר׳ הערש איז אַריין צו זיך אין צימער. ער האָט נאָכאַמאָל גענומען דעם תהלים אין האַנט און געקוקט אַפן שניט. זיינע ליפּן האָבן עפּעס געשעפּטשעט אַ תפילה:

„רבונו של עולם, זיי מיר מוחל, וואָס צוליב מיין פרומקייט האָב איך ניט געזען די גבורה און מסירת־נפש פון דעם נייעם אידן! אפשר איז ער עס גאָר דער אמת׳ער איד... זיי מיר מוחל, גאָט...

ר׳ הערש איז געבליבן שטיל און עפּעס געטראַכט. דערנאָך האָט ער געקראָגן עפּעס אַ קליין שיסעלע, געמישט אין דעם אביסל מעל מיט וואַסער, איינגעטונקען אין דעם אַ פּאַס לייוונט און דערמיט פאַרקלעפּט די וואונד פון דעם תהלים.



# דאָס וואַסער־מיידל

פאַר מישאַן איז שווער געווען צו טראַכטן, אַז ערשט מיט אַ זעקס שעה צוריק איז עס נאָך געווען זיין אויסוואַל, צי ער זאָל יאָ גיין, צי ניט.

באמת, עס האָט דאָך ניט געקאָנט זיין אַנדערש. דער קאָמאַנדיר האָט זיך געווענדעט נאָך וואָלונטירן. עס האָבן געדאַרפט זיין ווייס־רוסישע יאַטן אַזעלכע וואָס האָבן אַ נאָענטע שייכות מיט דער ערד, מיט די מענטשן, מיט דער שפּראַך.

מישאַ ווישניאַצקי און וואַניאַ גריגאָראָוויטש האָבן וואָלונטירט. מישאַ איז נאָך אַלס אַ קליין אינגל געווען אין יענעם שטעטל. ער האָט דאָרט געהאַט אַ זיידן, אַ באָבען און אַנדערע קרובים און ער האָט געזאָגט, אַז עס וועט זיין פאַר אים אַ גרויסער כבוד, אויב דער חבר קאָמאַנדיר וועט אים באַשטימען פאַר דער וויכטיקער מיסיע. וואַניאַ איז געגאַנגען מיט מישאַן.

אַ מאָדנע קראַפט האָט ער געהאַט אין זיך, מישאַ, וואָס האָט מענטשן געצויגן צו אים. איז דאָס געווען צוליב זיין גוטמוטיגקייט? צי אפשר צוליב די מעשיות, וואָס ער פלעגט אַזוי וואונדערלעך דער־ציילן? אפשר צוליב די וויצן, וואָס ער האָט געקענט שאַפן אונטער די ערגסטע אומשטענדן, אַזוי אַז לעבן אים איז גרינגער געווען אַריבערצוטראָגן די צרות?...

ניט אַלעמאָל איז וואַניאַ געווען איינשטימיג מיט זיין חבר, אָבער אַז מישקאַ האָט וואָלונטירט, און דאָרט האָט נאָך געוואוינט זיין זיידע אויך, איז דאָך ניט שייך, וועט מען שוין מוזן גיין צוזאַמען.

דאָס שטעטל איז געלעגן ביים ברעג פונם טייך שטשאַראַ. עס איז געווען אַ וויכטיקער מיליטערישער פּונקט, טאַקע צוליב דעם טייך, צוליב די בערג און צוליב די פאַרשיידענע וועגן.

די שטשאַראַ איז געלאָפן ביז צו דער דייטשער גרעניץ. די באַן־ליניע האָט זיך געצויגן דורך גאַנץ פּוילן. דער דריטער וועג האָט געפירט קיין רוסלאַנד.

דער פּלאַן איז געווען אַזאַ: אַזוי ווי די דייטשן האָבן זיך דאָרטן גוט איינגעפונדעוועט צוליב דער זיכערקייט פון די נאַטירלעכע

גרעניצן, זאָל מען זיי אַרומרינגלען און אַריינכאַפּן אין אַ פּאַסטקע.

די באַן־ליניע איז געווען צעבראָכן. פון דער ריכטונג פון מינסק האָט שוין אָנגעגריפן די רויטע אַרמיי. איז נאָך פאַרבליבן אָפן איין וועג פאַר די דייטשן — איבער דער שטשאַרא. איבערן טייך איז געלעגן אַ ריזיקע בריק. איז אָט אין דעם האָט זיך עס געהאַנדלט: אויפרייסן די בריק...

מישאַ און וואַניאַ האָבן אין גדאַנק איבערגעחזר׳ט די אינ־סטרוקציעס, זיך געזעגנט מיטן קאָמאַנדיר און זיינען פאַרשוואונדן.

איצט, שעה׳ן שפּעטער, ליגן זיי ביידע אויף דער ערד אין וואַלד און האָבן מורא אַרויסצוקוקן אויף זייער שטיקל אַרבעט. מיט פאַר־האַלטענע אָטעמס הערן זיי דאָס קראַכן פון דער בריק, הערן ווי עס פאַלן שטיקער אין וואַסער אַריין...

ענדלעך האָט מישאַ אויפגעהויבן זיין קאָפּ, און דערזען פאַר זיך אַ ריזיקע פלאַמיקע וואַנט.

דאָס געהילץ אויף דער בריק איז געווען שטאַרק אויסגעטריקנט פון דעם הייסן זומער, האָט עס גוט געברענט. דאָס אייזן האָט זיך געשמאָלצן און געבויגן. די ברענענדיקע בריק האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין טייך און פאַרלויכטן דעם גאַנצן אַרום.

צוליב אָט דער ליכטיקייט איז פאַר די צוויי חברים געווען אוממעגלעך צו אַנטלויפן...

פון שטעטל האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. די שיסעריי, וואָס האָט געענטפערט, איז געקומען פון וויים. ס׳איז געווען קלאָר, אַז עס וועט נאָך נעמען אַ טאָג אָדער צוויי ביז די רויטע אַרמיי וועט צוקומען.

וואַניאַ איז געווען זייער אויפגערעגט. די קאַמאַרן האָבן אים שטאַרק דעקוטשעט, זיינען אים געקראָכן איז נאָז און אין האַלז, אַזש ער האָט גענומען ניסן און שפּייען...

מישאַ האָט זיך שטיל געבעטן ביי אים:

— האַלט זיך איין. מען וועט דאָך אונז דערהערן!... יענער, אָבער — נאָר ווי אויף צו־להכעיס — נאָך אַ נאָס און נאָך אַ הוסט...

דערצו נאָך האָבן די וואונדן אויף זייערע הענט געברענט ווי פייער. לויפנדיק פון דער בריק, האָבן זיי ביידע זיך צעריסן די

הענט אין די שטעכעדיקע דראָטן, מיט וועלכע דער וועג איז געווען איבערגע׳צלמ׳ט.

דער רויך פון בריק האָט זיך דערטראָגן צום וואַלד, אַז עס איז זיי אַזש געוואָרן שווער צו אָטעמען. זיינען זיי געלאָפן אַלץ טיפער און טיפער אין וואַלד און געבליבן ליגן דאָ...

וואַניא האָט זיך געקילט דאָס האַרץ און געשאָלטן די דייטשן מיט טויטע קללות, אָבער מישאַ האָט געשפּאַסט:

— זע נאָר, וואַנקאַ, — האָט ער זיך צו אים געווענדט, — עס איז דאָך דאָ אַן אמת׳ע דאַטשע... קוק נאָר אָן די בעריאָזקעס, ווייסינקע, יונגינקע, ווי שטאָטישע כלות. זע נאָר די הויכע סאָסנעס און די קליינע יאַגדע קוסטעס. זע נאָר אַ הימל, — אַן אויסגעשטערנ־טער, ווי פּערל אויף בלויען סאַמעט. וועלן מיר ליגן דעם סאַמעטענעם הימל צוקאָפּנס, זיך צודעקן מיט בלעטער, און חלומ׳ען וועגן דער היים.. נו, גוט, דו מעגסט דיר חלומ׳ען פון קאַטיושאַ׳ן. איך דערלויב עס דיר...

וואַניא, אַ ברייט־פּלייציגער מיט אַ רונדן, גוטמוטיקן סלאַווישן פּנים, האָט פּאַררוקט דאָס היטל אָן אַ זייט, אָנגעקוקט מישאַ׳ן מיט באַוואונדערונג און, ווי שטענדיק, אים געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן אין פּלייצע און אויסשרייען: מאָלאָדיעץ!״

זיין האַנט האָט זיך אָבער פאַרהאַלטן, געבליבן הענגען אין דער לופטן: זי איז געווען נאַס און קלעפּעדיק און האָט שטאַרק ווי געטאָן. אין האַלדז האָט געשטיקט, און וואַניאַ האָט ניט אויפגע־הערט צו הוסטן איבערן רויך...

מישאַ האָט געזען, אַז זיי מוזן האָבן אַביסל וואַסער אויף אָפּצוואַשן די וואונדן און אויך זיך אָנטרינקען. ער האָט געוואָלט צופּוזען אויף אַלע פיר צום טייך און אָננעמען וואַסער, אָבער די שיסעריי האָט זיך פאַרשטאַרקט און דער וועג איז געווען באַלויכטן פון דער ברענענדיקער בריק.

— ניין, האָט געזאָגט וואַניא, — מיר׳ן זיך באַגיין אָן וואַסער. מיר וועלן איבערנעכטיקן אין וואַלד, דערנאָך וועלן מיר זען וואָס מיר האָבן צו טאָן.

מיט זיינע פאַרוואונדעטע הענט האָט ער געריסן די שטאַרקע וואָרצלען פון דער פאַרוואַקסענער ערד אין וואַלד ביז ער האָט דער־

פילט די רויע קאַלטקייט פון דער ערד. האָט ער צו איר צוגעדריקט זיינע ברענענדיקע וואונדן און דערפילט אַ דערלייכטערונג, פּונקט ווי אַמאָל, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען און ער איז אַ באָרוועסער געלאָפן מיט דער מאַמען אין פעלד און ער האָט זיך צעבלוטיקט אַ פוס... עס איז דאַן געווען אין מיטן וועג און קיין וואַסער איז אויך ניט געווען. האָט די מאַמע אים צוגעלייגט אַ קיל בלעטל, צעריסן איר פאַרטוך און אים פאַרבונדן דעם פוס. זי האָט אים געהאַלטן אין איר שויס און גערעדט צו אים אַזוי צאַרט: : „קינד מיינס, — האָט זי געזאָגט, — טייבעלע מיינס"... איז וואו איז זי איצט, די מאַמע? דער טאַטע — אַ פּאַרטיזאַן... דאָס שוועסטערל האָט געהאָלפן דער מאַמען פאַרברענען די תבואה איידער זיי זיינען אַנטלאָפן פון דאָרף — אַזוי האָט די מאַמע אים געהאַט געשריבן...

איצט איז אים די ערד אַ מאַמע, טוליעט ער זיך אין איר שויס, און קילט אין איר זיינע וואונדן .

זכרונות פון זיין היים און זיינע ליבסטע זיינען אים געקומען אויפן זינען. די אויגן־דעקלעך זיינען אָבער געוואָרן שווער, ווי מיט בליי אָנגעגאָסן. האָט ער אַראָפּגערוקט זיין היטל איבערן פּנים און איז אַזוי איינגעשלאָפן...

מישאַ איז געבליבן ליגן אַ וואַכעדיקער לעבן זיין חבר. ערשט איצט האָט ער דערפילט דעם ווייטיק פון זיינע אייגענע וואונדן. אין האַרצן האָט געצוקט אַ מאָדנער אומעט. די קאַמאַרן האָבן שטאַרק געבושעוועט, און ער האָט ניט געהאַט אויף ווען אויסצונוצן דעם שפּאַס, וואָס זאָל פאַררעדן די צרות...

די בריק האָט נאָך אַלץ געברענט. ביים ברעג פון טייך האָבן זיך די וואַסערן אָנגעשלאָגן אין אַ פּליטע און געמאַכט אַזאַ גערויש, אַקוראַט ווי פיש וואָלטן געהאַלטן אין שפּרינגען...

די נאַכטיקע סודות'דיקייט האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן אָרום. די ווייסע בעריאָזקעס האָבן זיך באַהאַלטן אין דער נאַכטיקער שוואַרצ־קייט. בלויז וואַניאַ'ס כראָפּן האָט שטיל געזעגנט די נאַכט.

פון דער פינצטער האָט זיך באַוויזן אַ גרויע העלקייט, דערנאָך אַ ראָזעווער פאַס. עס האָט גענומען טאָגן. מישאַ האָט זיין בליק געלאָזט הענגען אויף דעם ראָזעווען פאַס און ווי געזוכט דורך אים אַ זכר פון זיין קינדהייט. פרעמד איז אים געווען דער גאַנצער אָרום.

ניט צו דערקענען די שטשאַרא. גאָרניט די שטשאַרא, וואו די פישער־יונגען פלעגן מיט לויכטנדיקע פּנים׳ער ארויסציען זייערע נעצן מיט זילבערנע פלאַטקעס און פעטע שלייענס.

ביי די ברעגן פון טייך פלעגן פרויען קומען שווענקען זייער וועש. א פויעריש געזאַנג פלעגט זיך הייבן פון א ווייטערן ברעג, און די פרויען פלעגן דאָס געזאַנג באַגלייטן מיטן קלאַפּן פון דעם „פּראַניק״.

איז דאָס די שטשאַרא, וואו ער האָט זיך געבאָדן, ווען ער איז געקומען צום זיידן צו־גאַסט? ניין, עס איז, דאַכט זיך, גאָר עפּעס א קאַלטער, שטאָלענער טייך, מיט שוואַרצע, רוישיגע וואַסערן, וואָס ציט זיך ערגעץ אין פינצטערע ווייטקייטן, — א טייך, וואָס האָט צוויי יאָר באַוואַכט דעם שונא...

איז דען מעגלעך, אז ווען ער, מישאַ, לאָזט זיך ארויס מיט דעם וועג, וואָלט ער אָנגעקומען צום זיידן אין שטיבל, — דעם זיידנ׳ס שטיבל מיט די פענצטער צום טייך ארויס?...

ערב פּסח, ווען דער שניי איז צעגאַנגען און דער טייך איז אָנגעקוואָלן און ארויס פון זיינע ברעגן, פלעגט דאָס וואַסער דערגרייכן ביז דעם זיידענ׳ס שוועל. דאַן פלעגט מען לייגן א קלאַדקע צו קאָנען אריינקומען אין שטוב אריין...

עס איז געווען אַן אָרעם שטיבל, אַן אָרעם לעבן. מיט א לאַדישקע זויערמילך און ברויט האָט דער זיידע געפּראַוועט שלוש סעודות און געזונגען זמירות מיט דער התלהבות פון א חסיד... די באָבע פלעגט אים, משה׳לען, אונטעררוקן א בעסערן ביסן, א קאַלט פּופּיקל, א הינעריש לעבערל:

— גיי, משה׳לע, זע אונטער די קאַרטאָפל. אויב דו וועסט געפינען מיטעלע קאַרטאָפל, — נעם ארויס. לאָז די קליינע אויסוואַקסן.

אזוי פלעגט די באָבע זאָגן צו אים, און ער פלעגט זיינע קליינע הענטלעך איינגראָבן אין דעם וואָרצל פון קאַרטאָפל־פלאַנץ, צו זוכן די מיטעלע קאַרטאָפל, וואָס די באָבע האָט אים אָנגעזאָגט.

אז די באָבע פלעגט איבערקוקן דאָס קאָשיקל קאַרטאָפל און געפונען קליינינקע, פלעגט זי אים מוסר׳ן, פאַרוואָס ער האָט דאָס אויסגעריסן: „עס האָבן דאָך געקענט אויסוואַקסן פונטיקע קאַרטאָפל פון זיי...״

אָבער צו וועטשערע, ווען די יונגע קאַרטאָפֿלעך זײַנען רחבות־דיק געשוואומען אין דער האָבער־גריץ ביים זיידן אין טעלער, און דער זיידע האָט אַרײַנגעשמייכלט אין זיין שיינער באָרד און געזאָגט, אַז עס איז אַ טעם גן־עדן, — פלעגט משה׳לע אָנקוועלן און פאַרגעסן וועגן דער באָבע׳ס מוסר...

שוין אַ סך יאָרן ווי ער איז ניט געווען אין שטעטל. די גרעניץ האָט אים צעטיילט מיט׳ן זיידן.

דער טאַטע האָט ניט געוואָלט לעבן אונטער דער פּאַנסקער הער־שאַפט, האָט ער פאַרנומען די פאַמיליע און איז אַוועק אויף סאָוועטישער ערד.

דער זיידע איז שוין לאַנג ניטאָ. די באָבע — אויך ניט. אָבער דער פעטער ישראל מיט זיין פאַמיליע זײַנען געבליבן. דעם פעטער׳ס עלטסטע טאָכטער איז געבליבן וואוינען אין זיידנס שטיבל. דער קאַרשן־סאָד מוז דאָך נאָך זיין, דער גרויסער עפּל־בוים, דער גאָרטן מיט די גרינסן און די פעלדער, די קאָרן־פעלדער, וועלכע האָבן אַרומגעזוימט דאָס שטעטל.

איינמאָל, אין אַ שבת בייטאָג איז עס געווען, האָט ער, מישא, געקראָגן פון זיידן אַ פּאַטש טאַקע צוליב די קאָרן־פעלדער...

די בלויע קאָרן־בלימעלעך האָבן אים געהאַט אַזוי געמאַניעט, האָט ער אָנגעריסן אַ בוקעט און געבראַכט דער באָבען. דער זיידע האָט אים נאָר אָנגעקוקט, און משה׳לע האָט זיך געכאַפּט וואָס דאָ טוט זיך. האָט ער מיט שרעק אַ וואָרף געטאָן די בלימעלעך אויף אויף דער ערד, און מיט אַ ציטערדיק קול זיך געשוואָרן:

— כ׳זאָל אַזוי לעבן, זיידע, כ׳האָב פאַרגעסן, אַז עס איז שבת!...

— און אַז די פעלדער זײַנען פרעמדע, האָסטו אויך פאַרגעסן?

— האָט דער זיידע אים געשטראָפט.

דער זיידע האָט אָבער גלייך חרטה געהאַט, וואָס ער האָט דעם אינגל אַ פּאַטש געטאָן. ער האָט, משמעות, געזען, אַז דאָס קינד איז פשוט פאַרפירט געוואָרן פון דער שיינקייט פון די בלומען און האָט ניט ווערנדיק מחלל שבת געווען...

נאָך דעם האָט משה׳לע צוזאַמענגעקליבן די צעשאָטענע בלימע־לעך און זיי אַוועקגעלייגט לעבן דעם זיידנ׳ס ספרים. דאָס האָט ער געמיינט אַזוי צו כשר׳ן די זינדיקע בלימעלעך...

פּלוצים אין טראַכטן האָט מישאַ דערהערט אַ שטילן גערויש פון בלעטער, עפּעס ווי אַ מענטש וואָלט זיך אין זיי גע׳גנב׳עט. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט צו דער ביקס און דערביי אויפגעוועקט וואַניאַ׳ן. יענער, אַ צעטומלטער, — האָט זיך אויך געכאַפּט צו דער ביקס...

די טריט האָבן זיך דערנענטערט. אין דעם גרויען פאַרטאָגיקן ליכט האָבן זייביידע דערזען עפּעס אַ מאָדנע פיגור:

אַ פרוי — אַ באָרוועסע, אַ נאַס בלוי קלייד, ערטערווייז צעריסן, האָט קוים באַדעקט איר שלאַנקן קערפּער און געוויזן יונג פרוישע רונדקייטן. אירע האָר — צעפּלאָסן, אויסגעמישט מיט וואַסער־גראָזן. אויגן — גרויסע, צעטומלטע — האָבן געקוקט ערגעץ אין אַ גרענעצ־לאָזער ווייטקייט.

זי האָט זיך דערנענטערט צו זיי מיט אַ צווייג אין האַנט, זיי אָנגעקוקט ווילד, און זיך געוואָרפן שלאָגן.

מישאַ האָט אַרויסגעריסן די צווייג פון אירע הענט, זי גענומען באַרואיקן און זיך איבערגעקוקט מיט וואַניאַ׳ן:

— וואָס טוט מען מיט אַזאַ פרוי? פאַרהאַלטן זי דאָ? — וועט זי מסתמא נעמען שרייען. ווידער אָפּלאָזן זי — וועט זי אפשר דאָרט דערציילן, אַז זי האָט געזען סאָלדאַטן זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד... וואָס טוט מען מיט איר?...

דאָס שיסן האָט דערווייל אויפגעהערט. די בריק האָט זיך נאָך אַלץ געריוכערט, אָבער אין פרימאָרגן־ליכט האָט זיך עס שוין אַזוי שטאַרק ניט אָנגעזען. האָבן זיי באַשלאָסן צוצוגיין נעענטער צום טייך, זיך אָנטרינקען און אָפּוואַשן די וואונדן. די פרוי איז זיי נאָכגעגאַנגען אָן לשון, נאָר פון צייט צו צייט האָט זי אַ ריטשע געטאָן ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה...

וואַניאַ האָט זיך איינגעבויגן דער ערשטער צום טייך. די פרוי האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי און — מיט אַ מאָדנע אומגעע־לומפּערטן כח — אויסגעברומט:

— איר וועט ניט שיסן מיין קינד! איר וועט ניט...

מישאַ האָט מיט אַ האַנט איר פאַרמאַכט דאָס מויל און ווען וואַניאַ איז פאַרטיג געוואָרן, האָט ער דאָס זעלביגע געטאָן פאַר מישאַ׳ן...

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין וואַלד אַריין.

דאָרט האָבן זיי אַרויסגענומען זייער לעצטע ביסל שפּייז, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שטיקל ברויט און אַ שאַכטל קאָנסערווירטע פלייש, און זיך גענומען צום דערכאַפּן דאָס האַרץ.

די פרוי האָט פּאַרווירט געקוקט אויף זיי און דערביי אַלץ אומ־פאַרשטענדלעך געמורמלט:

— די דייטשן... די דייטשן...

מישאַ האָט איר געגעבן אַ שטיקל ברויט. זי האָט דאָס מיט אימפּעט אַ ריס געטאָן פון זיין האַנט און זיך געלאָזט לויפן צוריק צום ברעג טייך. דאָרט האָט זי גענומען רייסן מיט די ציין שטיקלעך ברויט, געוואָרפן עס אין וואַסער און דערביי גערעדט אַזוי צערטלעך, פּונקט ווי זי וואָלט זיך געבעטן ביי אַ ציטערדיק קינד, עס זאָל עסן...

איבערן וואַלד האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אַ סאָוועטישער עראָ־פּלאַן. אַ שאָס פון אַ קאַנאָן האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז די רויטע האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל.

מישאַ און וואַניאַ האָבן זיך פריידיג אָנגעקוקט און זיך מיט פעסטע טריט געלאָזט אין דער ריכטונג פונעם שטעטל.

די סטעזשקע, וועלכע מישאַ האָט געדענקט ווי דורך אַ חלום, איז געווען פאַרוואַקסן מיט ווילדע גראָז. עס האָט אויסגעזען ווי קיין מענטשלעכע טריט האָבן שוין לאַנג ניט באַטראָטן דעם וועג אַרום טייך.

די סטעזשקע האָט זיך אויסגעלאָזט. און אָט פאַנגט זיך שוין אָן דער שאָסיי. דער לאַנגער ברוקירטער שאָסיי איז דער זעלביקער ווי מישאַ האָט אים געדענקט.

ביים זייט פון שאָסיי איז געלעגן דער שטאָטישער בית־עולם. זיי האָבן דאָרט באַמערקט עפּעס אַ באַוועגונג און ביידע האָבן זיך אויסגעקירעוועט צום בית־עולם צו.

אַ איד, אין אָפּגעריסענע קליידער און מיט אַ רידל אין האַנט, איז געשטאַנען צווישן די קברים. ער האָט לאַנג געקוקט אויף זייערע קליידער. יאָ, די רויטע האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל, אָבער ער האָט קיין כח ניט געהאַט צו גיין זיי אַנטקעגן. ער ליגט שוין דאָ עטלעכע טעג אויפ׳ן בית־עולם... ער האָט געוואָלט נאָך ריידן, דערציילן, נאָר

עס איז אים, קענטיק, געווען שווער. ער האָט נאָר אָנגעצייגט אויף דער הורבע מתים און געזאָגט:

— כ׳קאָן מער ניט גראָבן קיין קברים. כ׳קאָן ניט מער...

זיינען זיי שוין ווייטער געגאַנגען זאַלבע דריט: מישאַ, וואַניאַ און דער איד.

אַרום זיי האָבן זיך געוואַלגערט אומגעוואָרפענע טעלעגראַף־סלופּעס, פאַרוויסטע פעלדער און — איבער אַלעם — אַ רויך פון די ברענענדיגע הייזער...

מישאַ וויל אים זאָגן ווער ער איז און וויל אים אויך פרעגן, צי עס איז עמיצער געבליבן אין שטעטל. אָבער עפּעס לייגט זיך ניט די צונג. ער זעט שוין, אַז קיין גוטס וועט דער איד אים ניט דערציילן. און אויף שלעכטס האָט ער נאָך צייט.

אָבער אָט דערנענטערט ער זיך צו אַ באַקאַנטן אָרט און מישאַ טוט אַזש אַ זיפץ אַרויס:

אָט דאָ־אָ לינקס איז מיין זיידנ׳ס שטיבל.

דער איד האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון אַ הינער־פלעט, אויס־געשטעלט אויף אים זיינע בלוט־פאַרלאָפענע אויגן און געזאָגט:

— ביזט בערל איטשע׳ס איניקל?... יעקב־לייב׳ס זון?... ביזטו דאָך משה!... אָ גיי זשע ניט אהינצו, משה׳לע! — האָט ער אַ כאַפּ געטאָן מישאַ׳ן ביים אָרבל.

מישאַ איז דאָך צוגעגאַנגען. אויפ׳ן אָרט פון דעם זיידנ׳ס שטיבל האָט ער אָבער געפונען בלויז אַן איינגעפאַלענע חורבה, פון וועלכען עס האָבן זיך געצויגן שוואַרצע געדיכטע רויך־קנוילן...

לעבן הויז איז געלעגן אַ טויטער הונט. אויפ׳ן פּלאַץ, וואו עס איז געווען די שטאַל, האָבן זיך געוואַלגערט די ריפּן פון אַ פאַר־ברענטער בהמה. דער עפּל־בוים איז געלעגן אויסגעריסן מיט די וואָרצלען אַרויף. די קאַרשן־בוימער — פאַרברענט...

מישאַ האָט זיך אַ קער געטאָן צום אידן:

— מיין פּעטער, זיין משפּחה, עמיצער געבליבן?

דער איד האָט מיט זיין בלויגעשוואָלענער האַנט זיך אַ קראַץ געטאָן אין פּאַטילניצע און געענטפערט:

— אַ וואוילער איד געווען דיין פּעטער, אַן ערלעכער. איך אַליין האָב אים געבראַכט צו קבר ישראל, ווי הונדערטער אַנדערע

אידן, וואָס די דייטשן האָבן דער׳הרג׳עט... די קינדער? ווער ווייסט?... אַוואַדאי ערגעץ אין די וועלדער... אַ זון איז אַוועק קיין רוסלאַנד. נאָר די טאָכטער רחל איז דאָ. זי גייט אַרוםביים ברעג טייך. האָט זיך איינגערעדט, אַז איר קינד לעבט אין טייך, היט זי עס אָפּ... נעבעך פון זינען אַראָפּ.

מישאַ האָט געוואָלט נאָך וויסן. אָבער דערווייל איז צוגעקומען די פרוי, וועלכע זיי האָבן פריער געהאַט געפונען ביים טייך: „ברויט, נאָך ברויט״, — האָט זי אַלץ געמורמלט.

מישאַ האָט צאַרט אַ גלעט געטאָן די יונגע צעווייטיקטע פרוי — דעם איינציקן איבערבלייב פון זיין גרויסער פאַמיליע אין שטעטל. ער האָט איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, און זי געפּרואווט דערמאָנען די קרובה׳שאַפט צווישן זיי.

— איך בין דאָך דיין קוזין מישאַ, משה׳קע... אָט, פּרואוו אײַנ-מיסטן זיך דערמאָנען!...

איר צעהיצטער מוח האָט אַפּנים יאָ עפּעס באַנומען. אין דער וואַרעמקייט פון זיין שטימע, האָט זי משמעות דערפילט, אַז ער איז אַ גוטער, אַז ער איז אַן אייגענער און אַז ער וועט איר קיין שלעכטס ניט טאָן. האָט זי צוטרוילעך געקוקט אויף אים און גענומען אים שושקען אין אויער, צו פאַרטרויען אים איר גרויסן סוד:

— ווייסט, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב דאָך געראַטעוועט מיין מיידעלע... ניין, איך וועל זיך ניט לאָזן דערשיסן מיט׳ן קינד ווי אַ הונט... איך בין געשפּרונגען אין טייך מיט׳ן קינד, געשוואו-מען, געשוואומען וועיט... דאָס קינד האָט געוויינט... ביי מיר האָבן זיך די כחות אויסגעלאָזט, האָב איך גאָט געבעטן, ער זאָל מיר העלפן, ער זאָל באַווייזן אַ נס, און ער זאָל לאָזן מיין קינד לעבן... און דער נס איז געשען. ווייסט, מיין טאָכטער איז איצט דאָס שענסטע וואַסער-מיידל אין דער וועלט. זי פאַרנאַרט איצט די דייטשן אין טייך אַריין און דערטרינקט זיי... אַי, זיינען זיי געלאָפן, די דייטשן!... די בריק האָט געברענט און זיי — גלייך אין וואַסער אַריין... איך אַליין האָב געזען... איך בין געשטאַנען ביים ברעג און געהיט... גאָט האָט אָנגעצונדן די בריק...

מיטאַמאָל האָט זי זיך צעלאַכט מיט אַ ווילדן געלעכטער און ווידער גערעדט:

— מיין טאַכטער האָט אירע גאָלדענע האָר באַצירט מיט גרינע גראָזן. זי האָט אַ בליץ געטאָן מיט אַלע זיבן הימלען. זי האָט אַן עק פון גאָלדענע שופּן מיט דימענטן באַזעצט. יעדן אָוונט קומט זי אַרויס פון טייך, גיט אַ מאַך מיט איר גאָלדענעם עק און פאַרפלייצט די וועלט מיט זון. האָסט אפשר אַ שטיקל ברויט פאַר מיין טאָכטער ?

מישאַ האָט שוין קיין ברויט ניט געהאַט. וואַניאַ — אויך ניט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אויפצוזוכן זייער שטוב. די פרוי איז זיי נאָכגעלאָפן...

ציען זיך מאַשאַ און וואַניאַ צו אַנדערע שטעטלעך.

וואַניאַ פילט דעם צער פון זיין חבר און ער זוכט אים מיט עפּעס צו טרייסטן. ער דערמאָנט אים וואָס די קוזינע זיינע האָט דערציילט, ווי די דייטשן זיינען געלאָפן איבער דער בריק און ווי זיי זענען דערטרונקען געוואָרן...

אין מישאַ׳ס קאָפּ דרייען זיך בילדער פון שטעטל ; דער איד מיט די פאַרלאָפענע אויגן, — די פאַרוויסטע פעלדער, די ברענענדיקע חורבות, דער איבערגעקערטער עפּל-בוים ביים זיידן אין גאָרטן...

זיין קוזינע רחל, אַ באָרוועסע, אַ קראַנקע, לויפט אים נאָך. מען דאַרף איר העלפן. און ער גייט אַוועק. ער גייט באַפרייען אַן אַנדער שטעטל.

זיי דערווייטערן זיך אַלץ מער און מער פון שטעטל. הינטער זיי ווערט אַלץ בלאַסער, ווייטער...

פון איין בילד, אָבער, וועט ער זיך שוין, זעט אויס, קיינמאָל ניט קענען באַפרייען — דאָס בילד, ווי רחל — די איינציק־פאַר־בליבענע פון זיין משפּחה — אַ באָרוועסע, ביים ברעג פון דער שטשאַראַ — בעט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט ברויט פאַר איר טאָכטער, דאָס וואַסער־מיידל...

# דערוואַרטונג

— זאָלסט זיין פאַרזיכטיק ווי דו גייסט אַראָפּ פון באַן! שעם זיך ניט צו פרעגן אימיצן אויב דו ווייסט ניט! און וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, — זיי בראַוו!...

אזוי האָט מעקס אָנגעזאָגט זיין ווייב, ווען יענע איז שוין געזעסן אין באַן און, אַן אומרואיקע, אים געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן:

— גוט, גוט מעקס. איך ווייס. איך ווייס. איך בין דאָך ניט קיין קינד. גיי שוין אַראָפּ. די באַן וועט נאָך אַוועקפאָרן מיט דיר.

— וואָס מיינסטו? אפשר טאַקע געדאַרפט מיטפאָרן. נו, ס׳איז שוין פאַרפאַלן. — מעקס האָט אַ קוש געטאָן זיין ווייב און איז אַרונטער פון באַן.

די סטאַנציע איז געווען באַלאַגערט פון מענטשן. מען האָט זיך געאיילט — דער אַהער, דער אַהין; זיך געשטופּט, אָפּגעטראָטן אַ פוס, געזאָגט אויטאָמאַטיש: „פּאַרדאָן”, און ווייטער געלאָפן.

מעקס האָט זיך דורכגעשטופּט דורך דעם מענטשן־געדראַנג און איז אַרויס אין גאַס.

אַ מאָדנע פּוסטקייט האָט אים אַרומגעכאַפּט: וואוהין זאָל ער גיין? אַרויפגיין אין שאַפּ, טאָמער איז נאָך דאָ אַ פּאָר שעה צו אַרבעטן?... ניין, מען וועט דאָך אים פרעגן פאַרוואָס ער איז ניט אַריינגעקומען אין דער פרי. וועט ער זיי דאַרפן אָנהויבן דערציילן אַ מעשה, אַז די ווייב האָט געדאַרפט ערגעץ פאָרן, און ער האָט זי געוואָלט באַגלייטן. דאַן וועט זיך אָנהויבן אַ סדרה מיט פראַגן: וואוהין? צו וועמען? איז גיי, דערצייל מענטשן מעשיות... וועט ער שוין בעסער גיין אַהיים...

„אָבער וואָס איז איצט די היים, אַז זי איז ניטאָ?”

אַ מאָדנע בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען צו מרים׳ען. עפּעס איז זי איצט געווען אַזוי ווייט פון אים, אַז ער האָט כמעט ווי אינגאַנצן פאַרגעסן איר אויסזען, אַקוראַט ווי ער וואָלט זי שוין לאַנג ניט געזען...

און טאַקע, ווען ער פלעגט זי זען זיך אַרומדרייען אַרום דער

באַלעבאַטישקייט, איז זי געווען אַ טייל פון אַלעם אין הויז. ער פלעגט זי טאַקע ניט זען באַזונדער, נאָר ווי אַ טייל פון דעם הויז.

ער פלעגט אפילו ניט באַמערקן, אַז זי פלעגט זיך פאַרפּוצן אין אַ ניי קליידל. מרים האָט דערפאַר געהאַט שטענדיק טענות צו אים.

און איצט, ווען ער האָט דערפילט אַזאַ מאָדנע לײדיקייט אין זיין האַרצן, האָט ער געוואָלט מרים׳ס געשטאַלט איינקריצן אין זיך, דערפילן איר וואַרעמקייט, אירע לעצטע בליקן. ער האָט געדענקט בלויז: איר פּנים, — ווייס און צאַרט, ווי געלייטערט פון פיינלעכע יסורים, אירע וואַרעמע גרינע אויגן — מיט אַ פאַרשטיינערטער טרער, די פּאַסמע גרויע האָר — פאַרקאַמט אַרויף — האָט איר צוגעגעבן אַזאַ ווירדע...

פון דעם לעצטן בילד פון מרים׳ען האָבן זיך ביי אים אין מח אַנטוויקלט אַנדערע בילדער פון איר: מרים, — זיין כלה, מיט גאָלדענע ברוינע האָר. זי פלעגט אַזוי האַרציק לאַכן און אַזוי שיין זינגען... מרים — ווי זי ליגט אין קימפּעט, אַ שטראַלנדיקע, אָנגע־זאַפּט מיט מוטערלעכער פרייד, האָט זי דאַן געעפנט די אויגן און שטיל געזאָגט:

— איך האָב דיר אָבער געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַ אינגל, אַ זונעלע... נו, זעסט שוין...

אירע בלייכע הענט זיינען געלעגן אויפן ווייסן צודעק און גערוט. די האַנט, מיטן חתונה-רינגל אויף איר פינגער, האָט געפונען זיינע:

— מעקס, — האָט זי שטיל געזאָגט, — ער איז ענלעך צו דיר.

מעקס האָט געלאַכט און זי געבעטן זיך ניט אָנצושטרענגען, ניט צו ריידן מער.

און שפּעטער — מרים די מאַמע, וואָס דערציילט אים חכמות פון קינד.

און אָט איז מרים פאַרזאָרגט, דאָס קינד איז ניט געזונט. עס האָט מאָזלען און אַנדערע קינדערשע חולאתן... ס׳גייט אַרום סקאַרלאַטינע... זאָל כאָטש דאָס קינד... זי וויל דאָס גאָר פאַרן מויל ניט ברענגען...

די יאָרן לויפן. דאָס זונעלע וואַקסט, און גייט שוין אין סקול. און זי, די מאַמע, שטייט און קוועלט פון דעם ליכטיקן פּנים, וואָס איז באַשפּריצט מיט עטלעכע זומער־שפּרינקעלעך.

מעקס גייט און מישט די זכרונות פון זיינע ליבסטע ווי בלעטער פון אַ בוך:

אַט גייט שוין זיין זון מילטאָן אין הויך-שול, אין אוניווערזי־טעט... אַן אינזשעניר וועט זיין זון ווערן! מעקס דעם פּרעסער׳ס זון — אַן אינזשעניר...

האָט די מלחמה צוגענומען דעם אינזשעניר זיינעם, און די מאַמע האָט אַ פאַראומערטע אַריינגעשטעלט אַ שטערן אין פענצטער. דעם גרעסטן שטערן וואָס זי האָט געקאָנט קריגן.

האָט זיך דער שטערן אויסגעמישט מיט די אַנדערע שטערן אין די שכנים׳דיגע פענצטער, האָבן די מאַמעס די אויגן אויסגעקוקט נאָך אַ בריוו, און מרים — צווישן זיי.

פּלוצים איז געקומען די ידיעה, אַז מילטאָן איז געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד און די זון האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעטאָן פון מרים׳ען. איר האַרץ האָט זיך ווי אָפּגעריסן. די האָר זיינען איר שטייף און פרעמד געוואָרן, און האָבן אומבאַמערקט זיך גענומען בייטן אויף גרוי...

שוואַרצע וואָלקנס פון טרויער האָבן אַרומגענומען די ליכטיקע וואוינונג. מרים האָט איר צער און פאַרצווייפלונג געשטיקט אין מילטאָנ׳ס ליידיק-געבליבענער בעט. די דיפּלאָמע אויף דער וואַנט — איינגעפאַסט אין שוואַרצן רעמל — האָט געקראָגן אַן אַנדער באַ־דייטונג: טרויער, טרויער. אַלץ איז געווען געראַמט מיט שוואַרצן טרויער...

אָבער ערגעץ טיף ביי מרים׳ען אין האַרצן איז געבליבן אַ שטיקל ליכט, אַ ברעקל האָפענונג: „עס קאָן דאָך אַמאָל זיין אַ טעות...״

שפּעטער איז אָבער אָנגעקומען אַ פּעקעלע און אויך דאָס שטיקל פאַרבאָרגענע האָפענונג דערהרגעט. מרים איז צוזאַמענגעדריקט געוואָרן ווי פון אַן אייזערנעם קלעם. אירע ציטערדיקע הענט האָבן זיך געפּלאָנטערט ביי די שטריקלעך פון דעם קליינעם פּעקל, בעת זי האָט עס געוואָלט פאַנאַנדערנעמען. זי האָט געוואָלט אָנרירן די זאַכן, וואָס איר קינד האָט געטראָגן, קושן זיי, און אַריינ־אָמערן אין זיי איר גרויסן בראָך...

זיינען אירע הענט געוואָרן אַזוי שוואַך, און זיך אינגאַנצן פאַרלוירן. זי איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס, אַליין ניט וויסנדיק וואוהין.

נאָר ווען זי האָט אָנגעטראָפן לילי׳ן, האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז טאַקע צו איר איז זי דאָס געלאָפן.

לילי האָט זי בלויז אָנגעקוקט. און פאַרשטאַנען, אַז קיין פראַגעס איז דאָ גאָר ניטאָ. האָט זי אַ נעם געטאָן מרים׳ן אונטערן אָרעם און זיך געלאָזט מיט איר אין הויז אַריין.

לילי איז געווען פאַררעכנט פאַר מילטאָנ׳ס כלה. זיי האָבן זיך געקענט פון קינדערווייז אָן, געגאַנגען אין סקול צוזאַמען. און שפּעטער, ווען ער איז אַוועק אין דער אַרמיי, האָט מילטאָן אָפיציעל דערקלערט, אַז לילי איז זיין מיידל.

פון דעמאָלט אָן האָט מרים זיך גענומען טיילן מיט לילי׳ן. זייערע אינטערעסן זיינען געוואָרן די זעלבע. ביידע האָבן אויסגעקוקט נאָך בריוו.

אַז לילי האָט געקראָגן אַ בריוו, פלעגט זי קומען צו מרים׳ען איר דערציילן, און אַמאָל אויך לייענען אויסצוגן פון אים.

מרים פלעגט דאַן שטיין אַ ביסל אָן אייפערזיכטיקע, און מיט קנאה קוקן אויפן שיינעם בלאָנדן מיידל, וואָס האַלט אין האַנט אַ בריוו פון איר זון. באַלד, אָבער, פלעגט זי זיך אַליין פאַרשעמען פאַר איר אייפערזוכט, איז אַרויפגעפאַלן יענער אויפן האַלדז און זי גענומען האַרציק קושן...

אָבער נאָכדעם ווי די שרעקלעכע בשורה איז אָנגעקומען, אַז אַלץ איז אויס, האָט זי שוין לילי׳ן געזען אַלץ זעלטענער, זעלטענער...

בלויז פונעם פענצטער פלעגט מרים כסדר נאָכקוקן לילי׳ס שלאַנקע פיגור און, אַז זי האָט יענע געזען רעדן מיט עמעצן, אָדער אַ לאַך טאָן, האָט דאָס איר אַ ברי געטאָן אין אַלע אברים:

„שוין פאַרגעסן?!״ — האָט זי פאַרדראָסיק אַ טראַכט געטאָן.

ווען דאָס פעקל איז אָבער אָנגעקומען, און זי איז געווען אַליין אין הויז, האָט עס איר ווידער אַ צי געטאָן צו לילי׳ן.

אַ וויינענדיקע האָט לילי צענומען דאָס פעקל און אַרויסגענומען פון דאָרטן די זאַכן: דאָס ערשטע — די אידענטיפיקאַציע — דאָס בלעכל מיטן נאָמען אויסגעקריצט, וואָס סאָלדאַטן טראָגן געוויינלעך אויפן האַלדז, און אויך זיין האַנט-זייגערל מיט אַ צעשמעטערטן גלעזל. דערנאָך — עטלעכע בריוו, אויף וועלכע זי האָט גלייך דערקענט איר אייגענע האַנטשריפט...

איין בריוו, אָבער, מיט אַ פרעמדער האַנטשריפט, האָט באַ־זונדערס צוגעצויגן איר בליק. זי האָט דעם בריוו גענומען אין האַנט אַריין און אַ קוק געטאָן אויפן אַדרעס. דעם נאָמען — ריטאַ ווינער און... זי האָט דעם בריוו צוריק אַוועקגעלייגט.

מרים האָט באַמערקט איר פאַרדעכטיקטן בליק און געפרעגט:

— לילי, טייערע, וואָס איז? לייען, לייען, אפשר איז ערגעץ פאַראַן אַ לעצט וואָרט? אַ וואונטש?

לילי האָט גענומען דעם בריוו אין האַנט אַריין און גענומען לייענען:

„טייערער מיינער:

„עס איז שוין אַזוי לאַנג ווי איך האָב ניט געהערט פון דיר און איך בין זייער אומרואיק.

„איך האָב פאַרלוירן דעם גאַנצן קאָנטאַקט מיט דיין קאָמפּאַני. מיר האָבן זיך געדאַרפט אומקערן אין דער אַנדער ריכטונג, ווייטער צו מערב.

„דאָ בין איך מער פאַרנומען. דער שפּיטאָל איז דאָ בעסער איינגעאָרדנט, ברענגט מען אהער פאַרוואונדעטע פון צוויי פראָנטן.

„ניין, טייערער, איך בין נאָך אַלץ ניט פּאַסיוו צו קרעכצן פון מענטשלעכע לײדן. מיין עלטסטער האָט מיר היינט געגעבן אַ קאָמפּלימענט, אַז דערפאַר טאַקע בין איך אַ גוטע קראַנקען־שוועסטער.

„נעכטן האָט מען אהער געבראַכט אַ פאַרוואונדעטן סאַרדזשענט. זיינע אויגן זיינען געווען שטאַרק צעשעדיקט און פאַרבאַנדאַזשירט. איך האָב בלויז געקאָנט זען זיין גאַמבע פאַרוואָקסן פון טעג זיך ניט גאָלן. זיינע הענט זיינען אַזוי ענלעך צו דיינע... יאָ, איך לאָז אים האַלטן מיין האַנט... ביסט אייפערזיכטיק?... אויב יאָ, קום צו מיר און נעם מיך אין גאַנצן, ווייל היינט האָב איך צום ערשטן מאָל דערשפּירט, אַז איך בין אין גאַנצן דיינע...

„די לעצטע נאַכט אונזערע צוזאַמען האָט מיר געגעבן דאָס רעכט דיר צו שרייבן אַזוי. איך האָב אין מיין מח גוט איינגעזאַפּט די פריידיקייט און שרעקלעכקייט פון יענער נאַכט...

„די נאַכט אין שפּעטן סעפּטעמבער, אָראַנזשגעפּאַלענע בלעטער האָבן זיך באַוועגט פון דעם רוישיקן ווינטל און דראָבנעם רעגן.

דו האָסט געקושט מיינע אויגן און געוואָלט וויסן צי רעגן איז געזאַלצן...

„ניין, עס איז ניט געווען דער רעגן, עס איז געווען די שרעק פון מער ניט זען דיך...

„דער שונא האָט אַזוי שטאַרק אָנגעגריפן. דו האָסט איינגע-שטעלט דיין לעבן און מיך באַגעגנט אין וואַלד, אפשר אַ מייל פון דיין קעמפּ. דאָרט, אין דער פינצטערקייט, האָסטו געשפּונען פאַר מיר דעם חלום פון פרידן אויף דער וועלט; אַ וויים-געקאַלכט שטיבעלע ערגעץ אין דער פאָרשטאָט פון ניו יאָרק, צי ביי מיר אין דער סאַוט, און בלומען וועלן וואַקסן. און קינדערלעך אויך...

„איז דאָס שטיבעלע נאָך ניטאָ. קיין בלומען וואַקסן אויך ניט. אָבער מיין ליב איז פולער געוואָרן... עס איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט דער רייפקייט פון אונזער ליבע... פון די שיינע חלומות פון יענער נאַכט וועט אַ קינד זיין, מיינס און דיינס...

„איך האָב נאָך מיין עלטסטן ניט געזאָגט. איך אַליין וויים ניט קיין חשבונות. די צייט גייט דאָ ניט לויט'ן קאַלענדאַר, נאָר לויט „שיפּטס". איך וויים נאָר, אַז יענע נאַכט איז געווען שפּעט אין סעפּטעמבער... איך בין אַזוי באַאומרואיקט וועגן דיר. איך האָב שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט פון דיר. איך נעם דיך אַרום און קוש דיך שטאַרק.

„דיין ריטאַ.

נ.ב. שרייב מיר אויף מיין היימישן אַדרעס".

בעת'ן לייענען דעם בריוו האָט לילי געקוקט מיט אַ מאָדנעם פּאַרדראָס אויף מרים'ען. צום סוף האָט זי אַ וואָרף געטאָן דאָס שטיקל פּאַפּיר און איז האַסטיק אַרויסגעלאָפן...

מרים'ס מח האָט געפיבערט:

„אַ מיידל ערגעץ אין דער סאַוטה?... איר נאָמען איז ווינער — אַ אידישע?... סעפּטעמבער, אָקטאָבער, נאָוועמבער..." — האָט זי גענומען ציילן און אויפגעהערט... זי איז אַריינגעפאַלן ווי אין אַ היץ-קראַנקהייט. זיך פאַרלוירן.

באַלד האָט זי נאָכאַמאָל אָנגעשטרענגט אַלע אירע אבֿרים, געוואָלט אָנכאַפּן אין זיך די גלייכע ליניע פון געדאַנק און ווידער גענומען ציילן:

„סעפּטעמבער, אָקטאָבער" — ביז זי איז צוגעקומען צו מערץ, — „שוין זיבן חדשים, הייסט עס?... נאָך צוויי חדשים און עס וועט זיין אַ קינד..."

זי האָט צונויפגעקליבן אירע לעצטע כחות און געוואָלט אויס־שרייען הויך אויפן קול, כדי אַלע מאַמעס אין גאַס זאָלן זי דערהערן, אַז איר הויז איז ניט געבליבן ליידיק, און, אַז איר זון, מילטאָן, וועט איר האָבן איבערגעלאָזט אַ קינד נאָך זיך... אַז גאָט האָט זי ניט אינגאַנצן פאַרשעמט...

ווען מאַקס איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט ער גע־טראָפן זיין ווייב אין בעט מיטן בריוו אין האַנט. זי האָט דורכן טאָג געהאַלטן אין איין לייענען דעם בריוו, שטודירן יעדעס וואָרט. זי האָט פון דער קיילעכדיקייט פון יעדן אות אויסגע׳חלום׳ט דאָס געשטאַלט פון אַ קינד, פון איר קינד, איר מילטאָן.

זי האָט גענומען מאַכן פּלענער: זי וועט פאָרן אַהין, זיך בעטן ביי דער ווילד-פרעמדער מיידל, וואָס הייסט ריטאַ, אַז זי זאָל איר געבן דאָס קינד צו דערציען. זי וועט עס לייגן אין מילטאָנ׳ס בעט, אין מילטאָנ׳ס צימער. זי וועט יענער דערקלערן, אַז זי, ריטאַ, איז נאָך יונג, וועט חתונה האָבן און האָבן אַנדערע קינדער, אָבער ביי איר איז דאָס דער איינציקער זכר...

מעקס איז געשטאַנען שוואַרץ ווי אַ קויל און אַ מידער געקוקט אויף זיין ווייב, וועלכע איז געלעגן אין בעט און אויסגעשפּונען פאַר אים אַ נייע פאָדים, אַ קינד וואָס וועט אפשר כאָטש טיילווייז צעשניידן די שוואַרצע מרה-שחורה פון הויז.

אויף מאָרגן האָט די פּאָסט געטראָגן אַ בריוו צו דער מיידל ריטאַ, וואָס וואוינט ערגעץ אין דער סאַוט. אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז אָנגעקומען אַן ענטפער, אַז ריטאַ ריכט זיך אין קינפּעט אין אַ צוויי וואָכן אַרום. זאָל מילטאָנ׳ס מאַמע קומען, זי וויל זיך טאַקע באַקענען מיט איר...

האָט מרים גענומען קויפן קינדערשע זאַכעלעך און זיי געפּאַקט אין וואַליזקעס. פאַר ריטאַ׳ן האָט זי אויך געקויפט מתנות... גענומען ריטאַ׳ס בריוו, וועלכן זי האָט געפּונען אין פּעקל, און זיך געלאָזט אין וועג.

ווען זי איז שוין געזעסן אין באַן, האָט זי אַרויסגעקוקט דורכן

פענצטער. אין געדאַנק ביי איר האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן אומ־באַקאַנטע געשטאַלטן. דאָס מיידל ריטאַ, ווי זעט זי אויס?... איז זי אַ גוטע?... איז זי ענלעך צו לילי'ן?... וועט זי איר געבן דאָס קינד?... וועט דאָס זיין אַ אינגל צי אַ מיידל?...

מרים'ס בליקן זיינען געפאַלן אויף פעלדער, ערטערווייז פאַר־שנייטע. טעלעפאָן-סלופּעס, באַן-רעלסן, — אַלץ האָט פאַרבייגע-שוועבט אירע אויגן. אַ קו אין מיטען פעלד האָט געדרייט מיטן עק און פאַר'צער'ט געמעקעט אין דעם ווינטערדיקן פאַרנאַכט...

פון צייט צו צייט האָט מרים אַריינגעקוקט אין איר האַנט-בייטל צו זיין זיכער, אַז זי האָט ריטאַ'ס בריוו מיטן אַדרעס. אין קאָפּ האָט איר אַלץ נאָכגעקלונגען איר מאַנ'ס וואָרנונג:

— זיי פאָרזיכטיק; פרעג זיך נאָך, און וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, — זיי בראַוו...

קנוילן רויך האָבן זיך געקייקלט פאָראויס. די רעדער אויף די שטאָלענע רעלסן האָבן געקלאַפּט און זיך מורא'דיק געיאָגט. מרים'ס האַרץ האָט ווי נאָכגעקלאַפּט לויטן ריטם פון דער באַן...

פון איר האַנט-טאַש האָט מרים אַרויסגענומען אַ קנויל מיט העל-בלויען וואָל און עס גענומען אַרויפציען אויף די לאַנגע שטאָלענע שפּיזלען. אירע הענט האָבן גענומען שנעל באַוועגן, און אירע ליפּן האָבן דערביי מאַמע'דיק געשמייכלט...



# זיי קומען צוריק

מאַן און ווייב האָבן זיך שטום אָנגעקוקט. דער פאַרגליווערטער צער אין אירע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיין האַרצן. מען האָט ניט געקאָנט אָנרירן דעם ווייטיקדיקן ענין מיט רייד. מען האָט זיך נאָר אָנגעקוקט ווי צוויי שטומע טויבן, און געגלעט דעם ווייטיק זייערן מיט דער פייכטקייט פון שוואַרצאַפּל.

— מיר וועלן פאָרן — האָט דאָרע אַרויסגעזאָגט מיט עקשנות.

— יאָ, מיר וועלן פאָרן — האָט לואי געענטפערט מיט אַ זיכערן טאָן.

דערנאָך, כדי ווי צו באַפעסטיקן דעם באַשלוס און ניט אָפּצולאָזן דעם געדאַנק, האָט ער צוגעגעבן:

— מיר האָבן אַזויפיל יאָרן געפּלאַנט אַ רייזע, ווען מען זי איצט מאַכן.

דאָרע האָט זיך אַביסל אַ קאָרטשע געטאָן, ווי עמעצער וואָלט איר מיט אַ בייטש אַ כוואָשטשע געטאָן איבערן נאַקעטן לייב. צו לואי'ן האָט זי קיין טענות ניט געהאַט. זי האָט גלייך געזען, אַז ער האָט דעם שמיץ דערפילט אויך אויף זיין אייגן לייב. האָט זי זיך אָנגענומען מיט כח און געזאָגט:

— יאָ, אונזער געפּלאַנטע רייזע, דער חלום, איז ענדלעך פאַר־ווירקלעכט געוואָרן. מיר וועלן פאָרן קיין סאַן פראַנציסקאָ.

בעת זי האָט דאָס געזאָגט איז איר פּנים געוואָרן אַשיג-גרוי, און דאָס דעקל פון איר לינקן אויג האָט נערוועז גענומען צוקן. פון האַרצן האָבן זיך געריסן נאָך ווערטער:

„מיר וועלן פאָרן באַגעגענען אונזער זון, אונזער הערש'לען"...

זי האָט דאָס געוואָלט אַרויסרעדן, אַרויסברענגען די ווערטער אין דער הויך, אַ קראַץ טאָן די וואונד ביז בלוט, אבי דערביי צו הערן דעם נאָמען פון איר קינד. זאָלן די זילבן פון דעם נאָמען הערשעלע זיך צעקלינגען איבער אירע לידיקע צימערן, איבער איר פּוסט-געוואָרענער היים; זאָל עס אָנרירן איר בליי־אָנגעלאָדן געמיט, אפשר וועט עס לייזער מאַכן איר בענקשאַפט און אָפּלאָזן די יסורים.

זיינען אָבער די ווערטער פון איר מויל ניט אַרויס, און דער נאָמען איז געבליבן ליגן אויף אירע ליפּן.

אַן אַנדער געדאַנק, ווי אַ שאָטן, האָט כסדר אונטערגעזאָגט:

„דיין רייזע איז דאָך גאָר אַ לויה, אַ לויה־שיף, וואָס קומט אָן אין האַפן פון סאַן פראַנציסקאָ, מיט 3 טויזנט און 28 טויטע קאַסטנס. אין איינעם פון די קאַסטנס זיינען דאָ די ביינער פון דיין קינד".

די געדאַנקען פלעגן זינקען איר געמיט אין ווילדער מרה־שחורה. אַמאָל ווידער פלעגט דאָס איר אָנפילן מיט אומרואיקן אימפּעט. דאַן פלעגט זי נעמען לויפן איבערן הויז ווי אַ פאַרוואונדעטע טיגערין אין אַ שטייג. אַמאָל פלעגט זי אַרויסלויפן פון הויז און גיין מיט אימפּעטיקע טריט וואו די אויגן פלעגן טראָגן. די ערשטע צייט פלעגט איר לואי נאָכגיין. דערנאָך איז ער שוין צוגעוואוינט געוואָרן צו אירע שטימונגען און זי געלאָזט לויפן.

ער אַליין פלעגט דאַן בלייבן זיצן אין דער ווייכער שטול, ברומען עפּעס צו זיך אַליין, ברעכן די הענט, און אַרויסלאָזן שטיקער ווייטיק מיטן רויך פון סיגאַרעט. ער פלעגט זיך גוט אָנרויכערן, אָנזיפצן, און אַנטשלאָפן ווערן, ביז דאָרע פלעגט אַריינקומען אים אויפוועקן און מיט אַ פאָרוואורף אים אַ זאָג טאָן!

— ווי מען שלאָפט עס ביי לייטן, הלואי וואָלט איך דאָס געקאָנט!

לואי פלעגט דאַן עפענען זיינע רויטלעך פאַרשלאָפענע אויגן, אָנקוקן זיין ווייב מיט אַ שולדיקער מינע, און שטומערהייט גיין אין בעט אַריין...

יאָרן לאַנג האָבן דאָרע און לואי געפּלאַנט אַ רייזע איבערן לאַנד, אָבער אַלעמאָל איז זיי עפּעס געשטאַנען אין וועג.

אַז דאָס קינד איז געווען קליין, איז גיי שלעפּ זיך מיט אַ קינד אין די „באָסעס". דאָס עסן און איבערנעכטיקן אַלע נאַכט אין אַן אַנדער אָרט וועט נאָך שאַטן דעם קינד'ס געזונט. אויף צום פאָרן מיט דער באַן איז קיינמאָל קיין געלט ניט געווען. שפּעטער, ווען דאָס זונעלע איז עלטער געוואָרן, זענען געווען קריזיס־יאָרן און מען איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט דער זאָרג פאַרן שטיקל ברויט. האָט לואי געאַרבעט, איז געווען אַ שאָד איבערצולאָזן דעם שאַפּ. נאָך שפּעטער, אַז דער זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן

האַי-סקול, האָט ער געהאַט זיינע אייגענע אינטערעסן און ניט געוואָלט פּאָרן מיט טאַטע־מאַמע. ווידער פּאָרן אַליין, איז דאָך געווען אַ רחמנות אויפן קינד: אים איבערצולאָזן אַליין, וועט ער זיך נאָך פּאַרדאַרבן דעם מאָגן אין די רעסטאָראַנען...

מיטאַמאָל, פּלוצלונג: — „פּוירל האַרבאָר".

אַזוי ביסלעכווייז, איז די זאָרג געקומען אויך צו דאָרע'ס טיר. אירע הענט זיינען לידיק געוואָרן, פריי געוואָרן, — אַזויפיל לידיקע צייט...

האָט דאָרע איר לידיקע צייט איינגעשפּאַנט אין דינסט פון לאַנד, — דאָס לאַנד וואו איר קינד איז געבוירן. האָט זי אירע אויפ־געבונדענע הענט פאַרנומען מיט דער אַרבעט צו געווינען די מלחמה און צו ברענגען די קינדער צוריק אַהיים.

און איצט, „קומען זיי צוריק אַהיים", — אַזוי איז געווען גע-שריבן אין דעם בריוו פון דער רעגירונג.

דאָרע האָט זיך גענומען גרייטן צו דער רייזע. זי האָט אַלע אירע רייזע-פּלענער געבויט אויף ידי ווערטער „זיי קומען צוריק אַהיים". אין די ווערטער האָט זי אַריינגעוועבט דאָס געשטאַלט פון איר זון, האָט אין זיי געזען די ברוינע עקשנות'דיקע האָר פון איר אינגל, זיין קלוגן שמייכל, פון די שמייכלענדיקע ליפּן זיינע האָט זי אַרונטערגענומען דאָס וואָרט „מאַמע", האָט דאָס וואָרט אַרויפגעצויגן אויף אירע ליפּן, עס באַהויכט מיט איר אָטעם און שטיל, קוים וואָס זי אַליין האָט עס געהערט, באַרירט דאָס וואָרט און עס איבערגע-כאַזערט: „מאַמע, מאַמע"...

דאָס וואָרט „מאַמע" האָט געפונען ביי איר אַ תיקון. זי האָט זיך גענומען פילן ווי די מאַמע פון אַ לעבעדיקן זון; ווי די באַלע-באָסטע, וואָס דאַרף מאַכן אַ היים פאַר צוויי מענער, — איר הערשעלע'ן און איר לואי'ן.

ווען די צייט האָט זיך דערנענטערט און זיי האָבן גענדאַרפט מאַכן די לעצטע צוגרייטונגען פאַר דער רייזע קיין סאַן פראַנציסקאָ, איז דאָרע אַוועק אַליין אין אַ גרויסן קליידער-געשעפט, און זיך געקויפט אַ בלוי קלייד און אַ גרויען מאַנטל. ווען די פאַרקויפערן האָט איר געוויזן אַ שוואַרץ קלייד און געבעטן דאָס אָנמעסטן, האָט זי מיט אַ מאָדנע פאַראַכטונג אַ קוק-געטאָן אויף דער פאַרקויפערן —

פּונקט ווי יענע וואָלט געוואָלט אַרויסשלעפּן דעם טרויער פון איר האַרצן און דערמיט באַפּוצן איר קערפּער. זי האָט אַזש אויסגעשריגן:

— איך וויל ניט קיין שוואַרץ. איך האָב פיינט שוואַרץ!...

אָט אַזוי האָט מען ביסלעכווייז זיך איינגעקויפט אַ פּאָר נויטיקע זאַכן, פאַר זיך, פאַר לואי׳ן. מען האָט אויך גערעדט ווי מען וועט זיך זען מיט די קוזינען אין קאַליפאָרניע, אָבער דעם עצם ענין האָט מען מורא געהאַט אָנצורירן. עס האָט זיך סיי ווי אויסגעוויזן, אַז עס איז אַזוי ווייט. עס איז דאָך אַזאַ מהלך פון ניו יאָרק, — אַ ווייטקייט וואָס איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן מיט דעם, וואָס זיי האָבן יאָרן לאַנג געטראַכט צו מאַכן אַ רייזע קיין קאַליפאָרניע...

אמת, דעמאָלט האָט מען בלויז געטראַכט פון לאָס אַנדזשעלעס. וועגן אַזאַ רייזע האָט זיך זיי קיינמאָל ניט גע׳חלום׳ט...

זיינען סוף כל סוף די לעצטע פּאָר טעג אויך דורכגעלאָפן. די לאַנג־געפּלאַנטע רייזע איז געוואָרן אַ פאַקט.

די באַן גייט שוין מיט איר פולן טעמפּאָ. פאַר די אויגן שטייען נאָך די פּאָר פריינט מיט אומעטיקע פּנים׳ער, איר שוועסטער׳ס פאַרוויינטער פּנים, די לעצטע געזעגענונג-ווערטער פון יעדערן: „זייט שטאַרק”, „זייט בראַוו”, ווערן אויסגעמישט מיט דעם רויש פון די באַן-רעדער, מיטן ריטם פון דעם אייגענעם האַרץ. די אויגן ברענען פון די אויסגעטריקנטע טרערן, און דאָס געמיט איז אַזוי ווי מיט בליי.

לואי זיצט ביי איר זייט, האַלט איר האַנט און קוקט אויף די לויפנדיקע וועגן. זיין בליק זייעט צער אויף די פעלדער.

און אָט שטייען זיי שוין ביידע ביים סאַן פראַנציסקער האַפן. עס שטייען נאָך אַ סך מענטשן. אַ סך טרויעריקע געמיטער. זיי זוכן די שיף, וואָס דאַרף באַלד אָנקומען. די שיף „האָנדוראַס נאַט”, — די ערשטע שיף מיט אַמעריקאַנער העלדן, וואָס קומען צוריק אַהיים...

דער טאָג איז אַ כמאַרנער. דער הימל איז אויך אַן אָנגע־לאָדענער — ווי די געמיטער. מען שווייגט. אַזאַ מאָדנע טויטע שטילקייט. עס דרייען זיך אַרום מיליטער־לייט. די איינגעהאַלטענע אומרואיקייט ביים עולם, זעט אויס, האַלט ביים פּלאַצן. אויף דער הימל האָט אַפּנים שוין אויך לענגער ניט געקאָנט אויסהאַלטן און זיך אויפגעלייזט אין אַ געדיכטן רעגן...

דאָרע און לואי האָבן זיך ווי אָפּגעמינטערט פון דעם רעגן. זי האָט די גאַנצע צייט געציטערט פון נערוועזיטעט. איר געדאַנק איז שוין געווען אין גאַנצן אויסגעשעפּט. די ליפּן — פאַרטריקנטע, פאַרשלאָסענע. אירע אויגן, — פאַרגליווערטע מיט רויטע אָדערלעך אויף די ווייסלען, — האָבן זיך זינלאָז געשפּרייט אויפן פאַרוואָלקנטן ים, געזוכט דאָרט דעם ענטפער צו איר צער, צו די יסורים אין איר האַרצן.

דער רעגן איז געגאַנגען לאַנגזאַם און געדיכט. מענטשן האָבן באַשיצט זייער הוילקייט, ווער מיט אַ שירעם, ווער מיט אַ צייטונג. פּלוצלונג האָט זיך די אומרואיקייט פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדנע רואיג־קייט, פּונקט ווי אַלעמענס הערצער וואָלטן זיך פאַראייניקט אין איין האַרץ, און דאָס איינע האַרץ וואָלט זיך אויך אָפּגעשטעלט.

די שיף „האַנדוראַס נאַט", באַצירט מיט אַמעריקאַנער פאָנען באַגלייט מיט 48 עראָפּלאַנען און קריגס־שיפן, איז צוגעשוואומען צום האַפן.

אַ מיליטערישע וואַך האָט זיך אויסגעשטעלט לויטן סדר. עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ קאַנאָן, דערנאָך — אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער, אַזוי גאַנצע 21 קאַנאָנען האָבן אויסגעשאָסן.

דאָרע ציילט די קנאַלן פון די קאַנאָנען, און עס דוכט זיך איר, ווי פון יעדן קנאַל שפּרינגט אַרויס אַ סאָלדאַט, אַ מענטש, אַ מאַמעס אַ קינד. אָט שטייט איינער און סאַלוטירט פאַר זיין לאַנד, פאַר זיין פאָן. די סאָלדאַטישע קליידער זיינען אַזוי געפּאַסט. די קנעפּ בלישטשען. און אָט צעפליען זיך די גלאַנציקע קנעפּ און קייקלען זיך איבער די כוואַליעס פונעם ים. און אָט פאַלן שוין אויך אַראָפּ זיינע קליידער, און עס בלייבט בלויז פלייש און בלוט. באַלד ציט זיך פון אים אַראָפּ דאָס פלייש און בלוט און עס בלייבן בלויז ביינער, עס זעען זיך בלויז די קין־באַקן. און קיין אויגן זיינען שוין אויך ניטאָ, נאָר לעכער צוויי. די אויגן־לעכער שמייכלען אַראָפּ אויף וועלט און אויף מענטש און דורכן קנאַל פון קאַנאָנען זאָגט ער:

— מיר זיינען די מלחמה־העלדן. מיר האָבן געקעמפט פאַר דעם, אַז אייך זאָל זיין בעסער!

אַן אַנדערער זאָגט:

— פאַר דעמאָקראַטיע, אַז אַלע פעלקער זאָלן זיך לעבן בשלום!
נאָך איינער זאָגט:
— אַז מיין קינד זאָל ניט וויסן פון קיין אַנדער מלחמה!
אָט אַזוי סאָלדאַט נאָך סאָלדאַט...

און דאָרען דוכט זיך, אַז עס וועט אַזוי דונערן דעם גאַנצן טאָג, ווייל מען וועט שיסן 3 טויזנט מיט 28 מאָל. פאַר יעדן סאָלדאַט — אַ שאָס. און זי וועט אין די שאָסן דאַרפן דערקענען וועלכער עס איז געמיינט פאַר איר קינד. און וואָס וועט ער איר זאָגן? דאָס וועט דאָך זיין זייער לעצטע באַגעגעניש!...

ווידער טוט אַ קנאַל, און נאָך אַ קנאַל, און פּלוצלונג האָט זי דורך דעם קנאַל דערהערט דעם קול פון איר זון. ער האָט ניט געהאַלטן קיין רעדעס. ער האָט בלויז געזאָגט: „מאַמע״!

זיין פּנים האָט זי ניט געזען. נאָר אַ פּאָר ביינערדיקע הענט, אָפענע אָרעמס האָבן זיך געצויגן צו איר. און זי האָט מיט אַ משונה'דיקן קול אויסגעשריען:

— מיין קינד!

פאַר אירע אויגן האָבן זיך גענומען דרייען טרונעס — איינגע־וויקלטע אין אַמעריקאַנער פאָנען. רויט, וויים און בלויע קאָלירן, — זיינען געוואָרן אַלץ טונקעלער און טונקעלער, און באַלד — שוואַרץ, טויט שוואַרץ. דאָרע האָט גענומען זינקען, ביז זי האָט שוין מער גאָר ניט געזען...

ווען דאָרע איז געקומען צו זיך, האָט זי זיך געפונען אויף אַ בעט אין איר האָטעל צימער. לואי איז געזעסן לעבן איר. געקוקט אין דער צייטונג, געלייענט די נייעס וועגן דער שיף „האָנדוראַס נאָט״, וואָס האָט געבראַכט די ערשטע אַמעריקאַנער העלדן צוריק אַהיים. ער האָט דערפילט דאָרעס אָפענע אויגן אויף זיך, האָט ער זיך אויפ־געשטעלט, אַוועקגעלייגט די צייטונג, און געקוקט פאַרלוירן אויף איר. זיין מויל האָט זיך גענומען באַוועגן אויף עפּעס צו רעדן צו איר, אָבער זיינע אברים האָבן דערפילט אַ מאָדנע שוואַכקייט. דער לעצטער רעזערוו האָט זיך אויסגעלאָזט. זיין שווערער קערפּער איז געפאַלן אויף איר בעט און פון זיין האַרצן האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פאַרשטיקט געוויין...

# פ אַ ר  װ ע ל כ ע  ז י נ ד ?

עטלעכע חדשים האָט זיך שטאַרק געטומלט בײַ די מירסקיס:

„מר. מירסקי פאָרט קײן װאַשינגטאָן". מר. מירסקי האָט אװעקגעשיקט אַן „אַפּידײװיט". מר. מירסקי ברענגט אַריבער זײַן װײַב'ס פּלימעניק קײן אַמעריקע"...

אמת, ניט אַזױ שנעל האָט דאָס פּאַסירט. זײַן װײַב גאָסי האָט פריער געדאַרפט „אױסשפּײַען די גאַל".

— סעם, — האָט זי גע'טענה'ט — נו, װאָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב אַזעלכע שלעכטע חלומות, אַז מײַן ברודער חיים קומט מיר צו חלום כמעט אַלע נאַכט און בעט זיך בײַ מיר: —„גיטיע, ראַטעװע פון דאָרט מײַן אײנציק קינד, זאָל בלײַבן כאָטש עמיצער פון דער משפּחה"...

— שטענדיק זע איך אים אין תכריכים, — האָט זי געקלאָגט, — זײַנע אױגן, װי שװאַרצע אױסגעלאָשענע האָלװעשקעס. די הענט — בײנערדיקע, פאַרגאָסענע מיט בלוט. אָט אַזעלכע הענט שטרעקט ער אױס צו מיר און שרײַט: „גיטיע, געדענק, אַז פאַר מײַן פאַר־האָרעװעט געלט ביסטו געפאָרן קײן אַמעריקע. גיטיע, דיר איז גוט, ביסט רײַך, און מיר ליגן דאָ און פױלן אין מאַסן קבר".

אָט אַזעלכע חלומות האָט גאָסי, זינט זי האָט זיך דערװאוסט, אַז די דײַטשן האָבן אומגעבראַכט די פאַמיליע.

יעדעס מאָל, װען זי ראַנגלט זיך אין חלום, װי װעלנדיק זיך אױפכאַפּן און זי קאָן ניט, — הײבט זי אָן װילד צו שרײַען פון שלאָף. װעקט זי סעם אױף און הײבט אָן שרײַען אױף איר:

— נאָך װאָס דאַרפסטו זיך צוהערן צו די מעשיות, װאָס די װײַבער דערצײלן דיר דאָרט? מ'לײענט אַביסל װײניקער דעם „פּײפּער" — װעט זײַן גרינגער אױפן האַרצן. מאַלע דאָרטן װאָס סע חלום'ט זיך. נו, נו, שפּײַ אױס דרײַ מאָל און זאָג: „גאָט איז אַ האַר, דער חלום איז אַ נאַר"...

און גאָסי, — אַ צעטראָגענע פון דעם חלום — פלעגט מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ שפּײַען און נאָכזאָגן דעם שפּרוך... אָבער אַז זי

האָט זיך פּאָרט ניט געקאָנט באַרואיקן, פּלעגט זי זיך ווידער נעמען בעטן ביי איר מאַן, אַז ער זאָל איר אַריבערנעמען איר ברודער חיים׳ס זון, וואָס געפינט זיך שוין איצט אין פראַנקרייך.

סעם פּלעגט זיך דאַן געבן אַ דריי אויס מיט דער פּלייצע צו איר, און זיך מאַכן שלאָפנדיק. אָבער אַז גאָסי האָט ניט אויפגעהערט צו כליפּן, האָט ער זיך שוין מער ניט געקאָנט איינהאַלטן, זיך צוריק געגעבן אַ דריי אויס צו איר, און געזאָגט:

— וואָס איז „די יוז״, גאָסי, איך וועל זיך ניט פאַרדרייען קיין קאָפּ מיט ברענגען גרינע קיין אַמעריקע. שיק אים אַ פּאָר דאָלער, זאָל ער פאָרן ערגעץ אַנדערש. שיק אים אַ פּעקל מיט קליידער, דער נייער סוט איז געוואָרן קליין אויף מיר, שיק עס אויך אַוועק צו אים...

טיילמאָל, אַז זי איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים וועגן דעם, האָט ער שוין גענומען איינטענהן:

— גאָסעלע, עס פעלט דיר דען עפּעס ביי מיר? איך צייל דיר חלילה צו? נעם וויפיל דו ווילסט, אָבער ברענגען אהער — פאַר דעם האָב איך מורא. פאַרשטייסט, עס ווילט זיך ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך, איינלייגן באָנדס... אז מען ווייסט כאָטש פאַר וועמען, פאַר וואָס?... אָט האָט מיין שותּף געבראַכט אַ גרינעם נאָך פון דער ערשטער וועלט מלחמה, — האָט ער נאָך היינט חרטה, מחמת זיי זיינען עפּעס מאָדנע מענטשן דאָרטן. דאָס הויז איז ביי אים פאַרהאַנגען מיט „פּיקטשעס״ פון אידן מיט בערד. דאָס, זאָגט ער, איז דער זיידע; דאָס — איז דער טאַטע... אַזוי באַטיטלט ער די אידישע שרייבער...

דאָ האָט ער געווייַנטלעך אַ שמייכל געטאָן, פּונקט ווי ער וואָלט דערפילט, אַז ער האָט געפּאַקט אַ וויכטיקן פּונקט, און שוין אַ שמייכלענדיקער צוגעגעבן:

— נו, און אַז אַ טאַטע איז וואָס? אָט האָבן מיר דאָך אויך געהאַט „פּיקטשעס״ פון טאַטע-מאַמע, איז אָבער געוואָרן אויס סטאַיל — האָט מען עס אַרונטערגעשטעלט אין „סעלער״. אָבער ביי אים דאָרטן איז אַלץ אַנדערש. און מיט זיין אָנקל, טאַקע דעם שותּף מיינעם, האַלט ער זיך אין איין קריגן. ער זאָגט אים כסדר, אַז די קאַפּיטאַליסטן האָבן אַ פאַרדאָרבענע קלאַסן־אידעאָלאָגיע. דו הערסט,

גאָסי, אַט אַזאַ שפּראַך נוצט ער. נו, פרעג איך דיך: וואָלסטו געקאָנט פאַרטראָגן אַזעלכע ווערטער, האַ?...

סעם האָט אַלץ אַריינגערעדט אין דער ווייב, אָבער ווען ער האָט געזען, אַז עס האָט אַ קנאַפּע ווירקונג אויף איר, האָט ער זיך איינגע-נורעט אין איר דיקן לייב און גענומען רעדן צו איר ווי צו אַ קינד.

— ווייסטו וואָס, גאָסעלע, ווילסט דאָך אַ „קאַקטעיל רינג" מיט אַ „קאַקטעיל וואַטש", אַ-יאָ? נו, וועסט קריגןביידע, אָבער דו דאַרפסט מיר „פּראָמיסן" צו זיין אַ „גוד גוירל"...

האָט גאָסי זיך געלאָזט איינרעדן און נאָכגעגעבן איר מאַן. מאַכט זיך אָבער אַזאַ מעשה:

אין דער זעלבער „לעידים עקזילערי", וואו גאָסי באַלאַנגט, באַלאַנגט אויך די מרס. שיינפעלד. האָבן די שיינפעלדס גראָד געהאַט געפּראַוועט זייער חתונה-יובילײ. האָט די מרס. שיינפעלד ביי אַ מיטינג דערקלערט, אַז דאָס געלט פאַר די מתנות, וואָס דער מאַן האָט איר געזאָלט געבן צו דער געלעגנהייט, האָט זי אויסגעגעבן אויף אַריבערצוברענגען אַ קינד פון אַ דערמאָרדעטער פאַמיליע... נו, האָט דאָס די מרס. שיינפעלד יענעם אָוונט אַריינגעכאַפּט אַ כבוד... היינט די אַפּלאָדיסמענטן... מען האָט זי פּשוט געטראָגן אויף די הענט. און זי, גאָסי, מיט איר בלאָנדער, שפּאָגל-נייער פריזורע, מיטן נייעם זייגערל און דעם גרויסן רינג, וואָס האָט געבלישטשעט מיט דימענטן, און מיט בלוט-רויטע רובינען, פּונקט דער קאָליר פון אירע געפּאַרבטע נעגל. זי איז געשטאַנען אין דער זייט. איר האַלדז האָט זיך געגוידערט און געבלאָזן אין פאַלדן. אירע קליינע שוואַרצע אויגן האָבן געשאָסן מיט פייער. כאָטש עס עמיצער צוגיין צו איר און זאָגן: „מרס. מירסקי, איר זעט אויס ביודיפול"... קיינער האָט אַפילו ניט באַמערקט איר נייע צירונג. אַלע זענען געווען מיט יענער, מיט דער מרס. שיינפעלד. אַלץ קומט איר...

ווען זי, גאָסי, איז אַהיימגעקומען, איז שוין סעם געשלאָפן. אין כעס האָט גאָסי גענומען אַרומאַרבעטן מיט די טירן, — דאָ מיט דער שאַפע-טיר, דאָ מיט אַ פענצטער... אַלץ האָט זיך ביי איר געענדיקט מיט אַ זעץ. דערנאָך האָט זי אויסגעטאָן די שיך און זיי אויך אַ וואָרף געטאָן. אַז זי האָט געזען, אַז סעם שלאָפט נאָך

אַליץ, איז זי צוגעגאַנגען צום בעט, אים אָנגענומען בייביידע אַקסלען און מיט כעס אים גענומען טרייסלען:

— וועסט ביי מיר ניט שלאָפן, דו הערסט! — וועסט מיר ניט צאַפּן דאָס בלוט! איך דאַרף ניט האָבן דיין קאַקטעיל רינג מיטן וואַטש!...

סעם האָט זיך געריבן די אויגן און געקוקט אויף זיין ווייב, וועלכע איז געשטאַנען אַ האַלב־ אויסגעטאָנענע און געוויינט אַזאַ מאָדנע נאַרישן געוויין...

אַביסל שפּעטער, ווען ער האָט אויסגעהערט זיין ווייב וואָס ביי דער „לעידים עקזילערי" איז פאָרגעקומען, האָט דאָס אים שוין אויך אַ ביסל פאַרדראָסן, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צו זיין ווייב בזה הלשון:

— דאַרפסט זיך גאָר ניט זאָרגן, גאָסי. די לויזערס וועלן מיר ניט איבערשטייגן. איך וועל שוין ברענגען דיין פּלימעניק קיין אַמעריקע, און ערשטע קלאַס דערצו!... דו הערסט?...

און ענדלעך, נאָך אַ יאָר טומלענישן און עטלעכע רייזעס קיין וואַשינגטאָן, איז געקומען מאָטל קיין אַמעריקע.

האָט גאָסי אָנגעקוקט דאָס בחורל מיטן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, מיט די שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, געקוקט און געקוקט און עפּעס ניט געקאָנט באַשליסן, צי איז ער טאַקע אירס אָן אייגענער, צי ניט...

אָט איז ער, דער פּלימעניק, אַ 19־יאָריקער בחורל, ווי זי האָט זיך אים געהאַט פאָרגעשטעלט, און אָט איז ער גאָר אַ מאַן מיט קאַרבן אויפן שטערן, מיט אַזוי פיל צער אין די אויגן.

אין דעם לעצטן האָט זי געזען איר ברודער חיים'ען, איר אייגן פלייש און בלוט. איז זי צוגעלאָפן צו אים, אים אַרומגענומען, געקושט און זיך געפרייט מיט איר גאַסט.

איר מאַן, סעם, האָט אים גלייך גענומען אין זיין אָטאָמאָביל, אים איינגעקויפט אַ נייעם אָנצוג, אים געלערנט ענגלישע ווערטער און אים געהאַלטן אין איין זאָגן, ער זאָל פאַרגעסן „יוראָפּ"...

ווייל טאַקע מאָטל פאַרגעסן אייראָפּע. אַפּווישן אַלע שפּורן, פאַר־טרייבן די שרעק, וואָס ער האָט געזען, וואָס האָט זיך איינגעביסן אין זיין לייב, אין זיין בלוט, אָבער עס איז אים שווער.

דאָס רייכע הויז, די געשליפענע שפּיגלען, די באַקוועמע ווייכע

שטולן, באַרואיקן אים וויניק. דער פעטער מיטן שמאַלציגן שמיי־כעלע אַרום זיינע פאַרזשמורעטע אויגן, האַלט אים אין איין קלאַפּן אין פּלייצע און זאָגט:

— ער וועט זיין אָלרייט אין אַמעריקע!...

די מומע איז אָדער אין קיך, אָדער ביים טעלעפאָן. ביים טעלעפאָן האָט ער זי פיינט, ווייל זי רעדט כסדר פון דעם גרינעם, פון אים, הייסט עס. אירע גראָבע הענטלעך מיט די קורצע פינגער — באַזעצטע מיט אַ סך דימענטענע רינגען — ראַזשען אים. זי רעדט האַלב-ענגליש, האַלב-אידיש און האַלט אין איין איבער'חזר'ן אויפן טעלעפאָן וויפיל עס האָט איר אָפּגעקאָסט דאָס אַריבערברענגען דעם גרינעם. צום סוף זאָגט זי: „גוד באַי, גוד באַי, דיינקס פאַר רופן".

דאָס טעכטערל אירס, די קוזינקע, וואָלט גראָד געווען נישקשה, ווען זי רעדט ניט, אָדער רעדט כאָטש אידיש. עס איז אים גוט צו קוקן אויף איר. אירע שוואַרצע האָר און בלויע אויגן, איר פרישע יוגנטלעכקייט, פילט אים אָן מיט נייעם באַגער צום לעבן. אָבער דאָס דרייען זיך אירס, דאָס קאָקעטעווען און דאָס אָפּלאַכן פון אים ווען ער רעדט אַרויס אַן ענגליש וואָרט, קאָן ער ניט פאַרטראָגן.

דערצו רופט זי אַרויס אין אים אַזעלכע מאָדנע געפילן און דערמאָנט אים אין שרעקלעכע איבערלעבונגען. איבערהויפּט דאַן, ווען זי קומט אַריין פון סקול, גיט אַ וואָרף אַראָפּ דעם מאַנטל און בלייבט שטיין אין דעם געפּאַסטן בלויען סוועטער. אירע יונגע ברוסטן סטאַרטשען אַזוי רייצענדיק אַרויס. זי גייט צו נאָענט צו אים, גיט אַ קאָקעטישן וואָרף מיט די האָר, טוט אים אַ קוק אַריין אין די אויגן, און זאָגט: „האַלאָ, מאָטל!"... אָבער איידער ער גיט זיך אַ דריי אויס צו איר, איז זי שוין ניטאָ.

איינמאָל האָט ער זי געגעבן אַ האַסטיקן צי צו זיך. ער האָט אַליין ניט געטראַכט פאַרוואָס. האָט זי זיך געגעבן אַ ריס אַרויס פון זיינע אָרעמס און אים געזאָגט, אַז זי וועט דערציילן דער מאַמען.

דאַן איז ער אַרויף צו זיך אין צימער, אפילו ניט געוואָלט אַרונטערגיין צו וועטשערע. ער האָט זיך געלייגט אויפן בעט, געוואָלט איינדרעמלען און פאַרגעסן אַלץ, פאַרגעסן אַלעמען. איז אים אָבער אַ מאָדנע אומרואיגקייט באַפאַלן. יעדע זאַך האָט אים דענערווירט און גערייצט. און ווידער איז אַרויפגעקומען אויף זיין געדאַנק די

קוזינקע, וואָס רייצט זיך מיט אים... דערנאָך האָט דאָס אים אַריבער־געפירט צו מאַשע׳ן.

מאַשינקע, די געליבטע פון זיין קינדהייט; מאַשע מיט די שווארצע אויגן, וואָס פלעגן זיך צינדן ווי עלעקטרישע לעמפּלעך בעת ער פלעגט רעדן צו איר. אירע צעפּ — פאַרנומען ארום איר קאָפּ. אויף די אַקסלען האָט זי געטראָגן אַ טיכל צו פאַרדעקן איר יוגנטלעכע צעבליטקייט, וואָס האָבן זיך געריסן פון איר בלוזקע גלייך אין די הימלען. זי האָט זיך געשעמט מיט איר צעבליט מיידלש ליב, מיט די שיינע טויבן אירע, זיך געשעמט פאַר אים, איר געליבטן מאָטלען...

און איר האָבן עס די דייטשישע בעסטיעס באַפוילן זיך אויסצו־טאָן נאַקעט און זיך געלאָזט וואוילגיין איבער איר ליב. דערנאָך האָבן זיי זי אַריינגעוואָרפן אין מאַסן-קבר... און די מאַמע אויך... און אויך דאָס שוועסטערל, — זיין שוועסטערל, לאה׳לע, און ער — צוזאַמען מיט זיי אַלע אין דעם קאַלטן גרוב...

מאָטל הויבט אָן צו רייבן די אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסווישן פון דאָרטן דאָס פינצטערע בילד, וואָס ער האָט נאָר וואָס געזען. זיין פעטער׳ס ווערטער „פאַרגעסט יוראָפּ!", שווימט אַלעמאָל אַרויף, אָבער ער קאָן ניט פאַרגעסן. ער גראָבט איין דעם קאָפּ אין קישן און וויל אַרויפצווינגען אויף זיך אַ שלאָף, — אַ שלאָף, וואָס זאָל אים כאָטש אויף אַ ווײַלע באַפרייען פון די וויסטע קאָשמאַרן. און ווידער, דאַכט זיך אים, אַז ער ליגט אין מאַסן-קבר, ער ליגט לעבן מאַשע׳ן...

וויפיל אינגלשע חלומות, ניט קיין דער׳חלומ׳טע, ער האָט דאָס געהאַט מיט מאַשע׳ן... אַז ער האַלט זי, קושט איר נאַקעט לייב... אפשר איז דאָס איצט אויך אַ חלום... אָט וועט ער זי אַרויסנעמען, דערפילן איר וואַרעמקייט... ניין, עס איז ניט קיין קבר, עס איז גאָר זייער חתונה-נאַכט... דאָס האָט ווי אויסגעטאָן אירע חופה־קליידער פאַר אים, איר ליבסטן. און אויב עס איז אפילו יאָ אַ מאַסן־קבר, און זיי זיינען צוזאַמען — איז אויך גוט, וועלן זיי ביידע אַזוי צוזאַמען שטאַרבן...

זיין פאַר׳חלש׳טע האַנט האָט געזוכט דאָס לייב פון זיין געליבטע, אָבער אַלץ, וואָס ער האָט אָנגערירט, איז געווען פאַרגליווערטע קאַלטקייט. בלוט, אויסגעמישט מיט זאַמד, האָט זיך געקלעפּט אין

זיינע פינגער. אין האַלדז האָט געשטיקט. עפּעס אַ מאָדנע געפיל, אַ פרעמדער כח האָט אים געגעבן אַ הייב אַרויס פון דעם גרוב. דאָס זאמד האָט זיך געגעבן אַ שיט אַראָפּ פון אים... עס איז געווען ביינאַכט... אַ פינצטערע נאַכט...

פאַרזונקען אין פינצטערקייט זיינען געשטאַנען די ליידיקע שטיבלעך פון דעם שטעטל. אין די וואַרעמע בעטן פון די געקוילעטע אידן זיינען געשלאָפן די דייטשישע כוליגאַנעס און זייערע אַרויס-העלפערס. אַ הונט האָט אָנגעהויבן צו בילן און צעשניטן די שטילקייט פון דער נאַכט...

מאָטל איז געלאָפן אין זיג-זאַגישע באַוועגונגען, ווייל פון ערגעץ האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. ער האָט דערגרייכט דעם וואַלד, און איז אַוועקגעפאַלן. ער האָט אַליין ניט געוואוסט צי ער לעבט, צי ער איז טויט... אַוודאי מוז ער זיין טויט, ווייל ווי קאָן עס זיין אַנדערש ?... ער איז דאָך געשטאַנען מיט אַלעמען ביים אויסגע-גראָבענעם קבר... די דייטשן האָבן געוואָלט שפּאָרן קוילן, האָט מען די מאַמע דערשאָסן, לאה'לען — אַ זעץ געטאָן מיט דער קאָלבע אין קאָפּ, מאַשינקען — דערשאָסן, און אים — אויך מיט דער קאָלבע אין קאָפּ. אָדער אפשר מאַכט ער אַ טעות ? אפשר האָט מען אים אויך דערשאָסן ?... איז אויב ער איז איצט טאַקע טויט,— וויל ער פרעגן דעם רבונו של עולם, פאַר וועלכע זינד ער האָט דאָס געדאַרפט שטאַרבן מיט אַזאַ טויט... צי דערפאַר ווייל ער האָט מאַשע'ן ליב געהאַט ? האָט דאָך יעקב אבינו אויך ליב געהאַט רחל'ען. און פאַר וועלכע זינד האָט מען דעם טאַטן דער'הרג'עט ? אים אַרויסגע-שלעפּט פון בית המדרש, — אָן איינגעהילטן אין טלית און תפילין... זיין טאַטע, וואָס האָט אַ פליג אויף דער וואַנט ניט אָנגערירט. נו, און די מאַמע ? און לאה'לע ? און מאַשינקע ? פאַר וועלכע זינד, רבונו של עולם ?... פאַר וועלכע זינד ?...

פאַרטאָגיקע קילקייט האָט געגלעט זיין צעהיצט ליב. זיינע פאַרשמאַכטע ליפּן האָבן געזויגן דעם טוי פונעם מאָך אין וואַלד. זיין האַנט האָט זיך געגומען באַוועגן איבער דעם פייכטען גרונט. דורך זיין קערפּער איז דורכגעלאָפן אַ מאָדנע ציטער און ער האָט זיך האַסטיג געגעבן אַ זעץ אויף :

„איך לעב", — האָבן זיינע ליפּן קוים אַרויסגעשטאַמלט, און גלייך האָט ער עס איבערגע'חזר'ט הויך אויפן קול, — „איך לעב !...

אָבער וואָס'זשע טו איך דאָ?... איז דאָס געווען אַ חלום?... פאַרוואָס זשע זײַנען מײַנע הענט פאַרבלוטיקט? פאַרוואָס בין איך נאַקעט?... ניין, עס איז ניט קיין חלום, איך בין דאָרט געווען... מײַנע אויגן האָבן עס געזען... איך בין דער עדות... איך וועל דערציילן דער וועלט... איך וועל נקמה נעמען!"...

ער האָט מיט דעם טוי פונעם גראָז אין וואַלד זיך אָפּגעוואַשן די וואונדן, דערנאָך אײַנגעריבן זײַן קערפּער מיטן זעלבן טוי, אַרײַנגעאָטעמט לופט, צוזאַמען מיט עקשנות, און זיך געלאָזט גיין ווײַטער אין וואַלד, ביז ער איז אָנגעקומען צו די פּאַרטיזאַנער.

אָט דאָס אַלץ גייט דורך זײַן מוח יעדע נאַכט, בעת ער ליגט אויף זײַן געלעגער. אָ, ווען מען לאָזט אים כאָטש אַרויסגיין איבער דער וועלט, זען מענטשן, רעדן, דערציילן, — זאָגט אָבער דער פעטער, אַז ער מוז פאַרגעסן, פאַרגעסן, פאַרגעסן...

און אין שלאָף וואַנדערט ער ווידער איבער די ליניעס פון דער לאַנד־קאַרטע. ער גייט איבער לענדער און רעדט, דערציילט. פּלוצלינג ווערן די אָדערדיגע ליניעס פון דער לאַנד-קאַרטע פאַרוואַנדלט אין מענטשלעכע געדערים, וואָס ציען זיך אַזש פון מאַסן־קבר. שוואַרצע קראָען שלעפּן זיי אַרויס און ציען זיי איבער דער וועלט... ווי אַ ראַק מיט פאַרשפּרייטע לאַפּעס ציט זיך עס און עס פאַרוויקלט זיך אויף זײַן האַלדז, עס ווערט אים שווינדלעך ענג און ער הויבט אָן שרײַען מיט באַנומענע קולות.

באַלד וואַקסן אויס ביי זײַן בעט דער פעטער מיט דער מומען. די מומע גלעט אים און וועקט אים און דער פעטער בעט זיך, ער זאָל פאַרגעסן וואָס עס איז געווען — דאָ איז אַמעריקע!...

מאָטל בלײַבט ליגן אַן אויסגעשעפּטער, אַ שולדיקער. זיי גייען אַרויס פון צימער, דער פעטער אין זײַנע נאַכט-קליידער, די מומע, נאָך אים, ברעכט די הענט און גייט נאָך מיט שווערע טריט.

סעם בורטשעט עפּעס אונטער דער נאָז, — ווערטער, וואָס ווערן פאַרשלונגען צווישן דער נאָז און דעם מויל:

„איבערגעריסן אַזאַ זיסן שלאָף. מײַן ווײַב האָט זיך געגלוסט צרות"...

און דורך דער האַלב-פאַרמאַכטער טיר פון מאָטל'ס צימער רײַסן זיך נאָך אַלץ די צעפּײַניקטע ווערטער:

— פאַר וועלכע זינד?...

# דער נייער בראשית

די לאַנדסלייט זיינען זיך שוין צעגאַנגען, נאָר דער אָפּקלאַנג פון די „גוטע נאַכטן" איז נאָך געהאַנגען אין דעם איבער־געבליבענעם סיגאַרעטן־רויך, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס צימער.

נחום, — אַ מידער פון דעם אָוונט, — האָט פאַרשטיקט דאָס לעצטע שטיקל פייער פון אייגענעם סיגאַרעט, און איז אַ פאַרכמורעטער אריין צו זיך אין צימער.

ערשט דאַן איז די מומע צוגעקומען צו חוה'ן, האָט זי אַרומגע־נומען, אריינגעקוקט איר אין די גרויסע בלויע אויגן, און אַ פראַגע האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אירע ליפּן.

כאָטש חוה איז אויך געווען שטאַרק מיד, ענטפערנדיק פאַר־שיידענע פראַגעס די לאַנדסלייט, האָט זי דאָך געוואָלט צוליב טאָן דער מומען אירער און געפרעגט:

— וואָס איז, מומעשי, איר האָט אויך געוואָלט עפּעס פרעגן ?...

די מומע האָט זיך גענומען דרייען אין פאַרלעגנהייט און גענומען אויסליידיקן די אַש־טעצלעך, וועלכע זיינען פול געבליבן פון דעם אָוונט. דערנאָך האָט זי אַלץ צעשטעלט אויף אַן אָרט, אָנגעקוקט חוה'ן, וואָס איז ווי צוויי טראָפּן וואַסער געווען ענלעך אויף איר שוועסטער שרה'טשען און ענדלעך אַרויסגערעדט:

— חוה'לע, וואו האָסטו באַגעגנט נחום'ען ? ווי איז דאָס ביי אייך געוואָרן ? כ'מיין... ווי איז דאָס געקומען צו דעם, איר זאָלט חתונה האָבן ?... כ'האָב, חלילה, צו אים גאָר ניט, — פאַרענטפערט זיך דערביי די מומע, — אָבער חוה'לע טייערע, ער איז דאָך אַזויפיל עלטער פון דיר...

חוה האָט אָראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. עס איז איר געווען שווער אָנצוהויבן רעדן. וואו נעמט מען די ווערטער, די שפּראַך, וואָס זאָל קאָנען דער מומען דערקלערן ? ווי דערציילט מען איר וועגן דער אימה פון טויט, וועגן די יסורים'דיקע איבערלעבונגען צוזאַמען מיט אים, וועגן קוילן, באָמבעס, הרוגים ?...

זי, חוה, האָט זיך אָבער דערפילט שולדיק געגן דער מומען,

װעלכע איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל און געװאַרט אויף עפּעס אַן ענטפער:

— מיר זיינען דאָך לאַנדסלייט, — האָט חוה ענדלעך אַרויס־גערעדט, — האָבן מיר זיך געטראָפן אין װאַלד און שפּעטער האָבן מיר חתונה געהאַט. איך האָב דעמאָלט ניט געטראַכט פון קיין יאָרן. עס איז געװען אַ פראַגע פון שעה׳ן לעבן, ניט פון קיין יאָרן...

— נו, גוט, גייט שלאָפן, טייערע — האָט די מומע געגלעט אירע בלאָנדע האָר, — נחום איז דאָרט אַליין. ער מוז אַװאַדע װאַרטן אויף דיר. אויב דו װעסט אַמאָל חשק האָבן, װעסטו מיר אַליין דערציילן...

זי איז אַװעק צו זיך אין שלאָף־צימער. און חוה איז אַריין צו זיך אין צימער.

נחום איז נאָך ניט געשלאָפן. ער האָט געהאַלטן די אויגן צוגע־מאַכט און גאָר ניט געזאָגט.

חוה האָט אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ. אָבער אויך זי האָט ניט געקאָנט איינשלאָפן.

דער גאַנצער אָװנט — אַזאַ טומלדיקער. יעדער האָט זי געגלעט און אויף איר רחמנות געהאַט; זיך נאָכגעפרעגט אויף די אייגענע, אויסגעהערט דעם ענטפער, און פאַרביסן די ליפּן מיט אַ טרער...

— און דיין מאַמע? — האָט זיך אַרויסגערעדט אַן עלטערע פרוי און גלייך חרטה געהאַט.

דאָס װאָרט „מאַמע” האָט איר װי אַ גלעט געטאָן. דערנאָך האָט אַ געדאַנק, װי אַ בלוטיקע האַק, אונטערגעזאָגט:

— ניטאָ מער קיין מאַמע. ניטאָ קיינער. פון מיין פאַמיליע זיינען אַלע אומגעקומען, — מיין מאַן און מיין קינד אַריינגערעכנט.

אויך נחום האָט דאָס זעלבע געזאָגט צו אַן אַנדערן לאַנדסמאַן װעגן זיין פאַמיליע...

דערנאָך האָבן זייערע בליקן זיך באַגעגנט און זיך פאַרהאַלטן אין טרויעריקע פראַגע־צייכנס, װאָס האָבן װי געזאָגט:

„איז װער זיינען מיר?... און װאָס קערן מיר זיך אָן?... װי לאַנג נאָך װעלן די טויטע זכרונות פון ביידנס פאַמיליעס אונדז צעשיידן?... און װי לאַנג נאָך װעט דער צער פון פאַרלירן האַלטן צוזאַמען?...

די נאַכטיקע פינצטערקייט, וואָס האָט געהאַלטן איינגעוויקלט דאָס צימער, האָט זי נענטער געבראַכט צו דער געשעעניש פון יענער נאַכט...

... א נאַכט אין שפּעטן האַרבסט... די דייטשן האָבן זי, מיטן קינד אויף די הענט, אַרויסגעטריבן פון שטוב... די שיך אפילו ניט געלאָזט פאַרשנורעווען. פאַרן קינד א וואַרעם יאַקעלע ניט געלאָזט נעמען, און געיאָגט זיי איבער די שטעטלדיקע גאַסן...

— לויף, דו פאַרפלוכטע אידין! שטום איין דיין שמוציק קינד, אָדער מיר וועלן עס אַליין שטום מאַכן! — האָבן זיי צו איר געשריגן. האָט זי געדריקט איר אופה'לע צו איר ציטערדיק לייב, פאַרשטיקט דאָס קייכנדיקע געוויין, ביז דאָס קינד איז טאַקע אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן...

זי איז ווייטער געלאָפן און כסדר זיך פאַרטשעפּנדיק אין די בענדלעך פון אירע אָפּגעשנורעוועטע שיך. און דעם דייטש'ס פּרעכע זידלערייען, — באַגלייט מיט דער לעדערנער בייטש — האָט געפּאַסעוועט דאָס לייב...

ביז זי איז אָנגעקומען הינטער דער שטאָט. דאָרט איז שוין געשטאַנען אַן עדה אידן.

זי האָט דאָרט דערזען פאַר זיך דעם סוף. איר לעצטער טראָט, נאָך באַוועגט פון דעם לעבן, האָט זיך א וואַקל געטאָן אין גסיסה-אַנגסט. די אויגן זיינען פאַרצויגן געוואָרן מיט א געדיכטן נעפּל. זי האָט קיין פּנים'ער ניט דערקענט. עפּעס האָבן זיך געוויגט אַרום איר היימישע שאָטנס, און באַלד האָבן זיך אַלע שאָטנס צוזאַמענגע-גאָסן אין איין געשטאַלט. דאָס געשטאַלט פונעם רב, איינגעוויקלט אין טלית, האָט זיך אויסגעשיילט אַזוי בולט. ער איז געשטאַנען מיט דעם קאָפּ פאַרריסן צו דער פולער לבנה, און די לבנה האָט געוואָרפן אַן אומשולדיקע שיין אויף דעם טריפנדיקן בלוט, וואָס איז פון זיין מויל-ווינקל אַרויסגערונען און זיך געלייגט ווי שוואַרצע לאַווע אויף זיין ווייסן טלית...

דערנאָך האָט זי דערפילט דאָס שטייפע קערפּערל פון איר קינד אין אירע אָרעמס. די דאַרע נאַקעטע פיסלעך זיינען געווען אייז קאַלט...

חוה האָט ניט געשריגן, ניט גערופן נאָך הילף. זי איז אַוועקגע-

פּאַלן, און דאָס טויטע קינד איז געווען ווי פאַראַנקערט אין אירע אָרעמס. דער דייטש האָט זי אַ פּאָר מאָל אַ שטורכע געטאָן מיטן פוס, און זי געלאָזט ליגן...

פאַרטאָג האָט זי דערפילט עמעצנס הענט אויף זיך. מען האָט דאָס טויטע קינד אַרויסגענומען פון אירע אָרעמס און זי געטראָגן, ערגעץ געטראָגן...

שפּעטער האָט זי זיך געפונען אין וואַלד. איר לייב האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן. די ליפּן פאַרטריקנט און צעביסן פון איר אייגענעם צאַנקעדיקן ווייטיק. אין די ברוסטן האָט געשטאָכן די ניט־אָפּגעזויגענע מילך. איר קאָפּטל איז געווען צעריסן און פון פאָרנט שטייף ווי אַ בלעך פון דער מילך, וואָס איז אויסגערונען און פאַרטריקנט געוואָרן...

זי האָט ניט געוואָלט עפענען די אויגן. די אויגן־דעקלעך זיינען געווען ווי אַ באַשיצער פון אַלע שרעקלעכקייטן. קוים וועט זי זיי עפענען, וועט זי ווידער זען איר טויט קינד, דעם רב אין פאַרבלוטיקטן טלית, און אַ וועלט אין בלוט...

שפּעטער האָט זיך אַ דריבנער רעגן דורכגעריסן דורך די געדיכטע בוימער־צווייגן און זי ווי געמונטערט. זי האָט אויך דער־הערט אַ שאָרשקען פון בלעטער, אַ מענטשלעכן קרעכץ. זי האָט געמאַכט אַ פאַרזוך זיך אויפצוהויבן. אָבער איר קערפּער איז געווען אַ סך שוואַכער ווי דער ווילן, די גלידער זיינען ווי אונטערגעהאַקטע בוימער געפאַלן צו דער ערד...

דער קרעכץ איז דערווייל געקומען אַלץ נענטער צו אירע אויערן. אין מוח האָט זיך אַ געדאַנק פאַר'גנב'עט: „אפשר אַן אייגענער?...

„עפּעס אַ באַקאַנטער קרעכץ", — האָט זי געטראַכט, — „אַזוי האָט דאָך געקרעכצט דער טאַטע אירער. אָבער דעם טאַטן האָט מען דאָך דער'הרג'עט נאָך אין דער ערשטער שחיטה?... איר דוד ווידער האָט קיינמאָל ניט געקרעכצט. אַזאַ שיינער געזונטער יונג, ווי האָט עס אים גאָר געפּאַסט צו קרעכצן?... ווער ווייסט ווי די מערדער האָבן אים דאָרט געפּייניקט איידער זיי ה,אָבן אים דער'הרג'עט?... און דער ברודער איז דאָך אין דער רויטער אַרמיי, איז ער דאָך ניטאָ אין פּוילישן היימישן וואַלד?..."

דער קרעכץ האָט זיך כסדר איבערגע'חזר'ט, און זי האָט געפילט

אין אים דעם קרעכץ פון איר טאַטן, פון איר מאַן, פון איר ברודער, פון איר קינד... עס איז אויך געווען דעם פעטער אַלטער׳ס קרעכץ...

מיט איר אָנגעווייטאָגטן קערפּער האָט זי זיך גענומען שאַרן איבער דער ערד, איבער די אָראָפּגעפאַלענע בלעטער, צעריסן די הענט אין די שטייפע וואָרצלען פון אַן אויסגעהאַקטן בוים, ביז זי איז צוגעקומען צום פּלאַץ פון וואַנען דער קרעכץ איז געקומען. זי האָט גלייך דערקענט, אַז דאָס איז געווען נחום דער שוסטער.

ער, נחום, איז געלעגן בלויז אַ פּאָר שפּאַן פון איר, כאָטש איר האָט זיך פריער געהאַט אויסגעוויזן, אַז ער איז אַזוי ווייט. דאָס שאַרן איר צעווייטיקטן קערפּער אויף דער וואַלדיגער ערד איז געווען אַזוי שווער, אַז די פּאָר שפּאַן צווישן זיי זיינען פאַר איר אויסגעקומען ווי אַ היבשער מהלך...

נחום איז געלעגן ווי אַ דעמב אַף דער ערד. אויך ער איז אָפּגעשניטן געוואָרן. זיינע וואָרצלען, וואָס וואָלטן זיך פאַרשפּרייט אויף דור דורות, האָט מען אַרויסגעריסן. דער׳הרג׳עט זיינע דריי קינדער, זיינע יונגע סאָסנעס, צוזאַמען מיט זיין ווייב, מיט זיין ריווען, און אים — ווער ווייס צוליב וואָס — געלאָזט לעבן...

— דאָס הערן־פֿאָלק מוזט שוה האבן! — האָט דער דייטש געזאָגט, — ועסט מיט אונז גיין, דו יודן־שוויין!...

האָט נחום מיט זיינע געזונטע הענט דערוואָרגן דעם דייטש און איז געקומען אַהער אין וואַלד אַריין.

שפּעטער איז ער געגאַנגען זען, צי מען קאָן נאָך עמעצן ראַטעווען ביי דעם אויסגעגראָבענעם גרוב. חוה איז געווען די איינציקע, וואָס האָט נאָך געלעבט, האָט ער זי געבראַכט אין וואַלד אַריין...

אַ פרישער כח איז אָנגעגאָסן געוואָרן אין חוה׳ס גלידער. זי איז געוואָרן אַ מאַמע צו אַן אונטערגעשניטענעם בוים; צו אַ קרעכץ, וואָס איז געוואָרן ליב און אייגן...

נחום איז ניט געווען פאַרוואונדעט. קיין בלוט האָט זי ערגעץ ניט באַמערקט. נאָר „דאָס האַרץ״ — זאָגט ער — „טוט אַזוי ווי, אַזוי ווי״...

קיין וואַסער צו באַנעצן זיינע ליפּן איז ניט געווען. נאָר טראָפּנס רעגן האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף די בלעטלעך פון די ביימער. ווי פאַרטרערטע אויגן האָבן זיי אַראָפּגעקוקט צו חוה׳ן... האָט חוה

געריסן די בלעטער, די טראָפּנס רעגן האָבן זיך אַראָפּגעגאָסן, און חוה׳ס האַנט איז געבליבן נאַס. האָט זי מיט איר נאַסער האַנט געווישט זיינע ליפּן, געגלעט זיין שטערן, ביז ער האָט ברייט צעעפנט די אויגן, באַטראַכט חוה׳ן אין פאַרלוירנקייט און געזאָגט:

— הייסט עס, איך האָב געראַטעוועט שמואל־יעקבס טאָכטער, אַז זי זאָל מיך ראַטעווען?...

— פון אייערע קיינער ניט? — האָט זיך ביי חוה׳ן אַרויסגעריסן די פראַגע. זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז אויך ער וועט דאָס זעלבע פרעגן. און זי האָט נאָך אַזוי מורא צו ענטפערן: „קיינער ניט". אפשר פאָרט עמיצער, ערגעץ...

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ כמורנער, אָבער אַ וואַרימער. נחום איז דעם גאַנצן טאָג געלעגן מאַכטלאָז אויף דער ערד. אים האָט ניט געקימערט וואָס די מוראשקעס קריכן איבער אים, וואָס די קאָמאַרן ושומען אַרום. זיינע ברעמען האָבן זיך אפילו ניט באַוועגט. נאָר חוה׳ס געוויין האָט אים אויפגעהויבן פון דער ערד. זי האָט געוויינט אויך זיין געוויין...

עס איז געוואָרן נאַכט, — אַ קאַלטע נאַכט. חוה׳ן האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. איר דין קאָפּטל, ערטערווייז צעריסן, האָט ווייניק וואָס באַשיצט איר ליב. נחום האָט אויסגעטאָן זיין העמד און עס אָנגעטאָן חוה׳ן. און ווען דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן, האָט ער זיך צוגערוקט נעענטער צו איר, זי אַרומגענומען מיט זיינע פעסטע מענערשע הענט, און זי דערנענטערט צו זיין גרויסן וואַרעמען קערפּער.

און חוה׳ן איז גוט געווען פון דער וואַרעמקייט פון זיין גוף און פון דעם ווירבירן פון לעבן אין אים. ער איז מאָמענטווייז געווען ווי איר טאַטע, און מאַן, און אַמאָל אויך איר מאַמע. ער איז געווען דער מענטש, וואָס האָט זי ווידער פאַרבונדן מיט לעבן. ער איז געווען דער עדות פון דער גרויזאַמער געשיכטע, וואָס ביידע האָבן גליך געטיילט.

דאָס נאַכטיקע לעבן פון סודות׳דיקן וואַלד איז דורכגעריסן געוואָרן פון קראַקען פון פייגל, און ווינטיקן געשפּרעך מיט די האַרבסט בלעטער. חוה׳ס קערפּער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן פון יעדן מינדסטן באַוועג...

נחום האָט זי צוגעטוליעט נעענטער צו זיך, צו געבן איר שוץ.

האָט חוה געציילט דאָס קלאַפּן פון נחום׳ס האַרץ. דער ריטמישער גאַנג פון רגע׳ס האָט זיך געקליבן אין זייגערישער אָרדענונג, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שעה׳ן, און געוואָרן אוים מיטן אויסגאַנג פון דער נאַכט...

זי האָט דאַן ניט געטראַכט, צי נחום איז אַ שיינער צי ניט. זי האָט אים ניט געפרעגט ווי אַלט ער איז... זקנים זיינען זיי דעמאָלט ביידע געווען לויט די אַנגסטלעכע איבערלעבונגען זייערע.

זיי האָבן זיך דערנאָך געלאָזט גיין וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן. ערשט נאָכן אָפּשלעפּן זיך פּאָר חדשים לאַנג, נאָך אַלע וואַלגערנישן און וואָגלעניש האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו אַ שטעטל, און נחום האָט געזאָגט :

— אויב ס׳איז באַשערט געווען זיך צו ראַטעווען צוזאַמען, טאָ זאָל מען שוין בלייבן אַזוי. צוזאַמען וועט אפשר גרינגער זיין !... אפשר וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ גרעסערער שטאָט, וואָס איז באַפרייט פון דייטשישער אָקופּאַציע... איך האָב אַ שוועסטער אין אַמעריקע...

— און איך האָב אַ מומע, — האָט חוה זיך אָנגעכאַפּט אין דעם וואָרט אַמעריקע, — וועט מען זיך אפשר אַהין דערשלאָגן...

און אַזוי האָבן זיי געוואַנדערט איבער קעמפּס, איבער לענדער, ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע. אָבער גראָד דאָ, אין לאַנד, וואו עס איז אויסגעקומען ביידן צו לעבן אונטער נאָרמאַלע באַדינגונגען, ריין און אָנגעטאָן מענטשלעך, האָבן זיי ביידע זיך ערשט אָנגעקוקט ווי פרעמדע.

חוה׳ס פריצייטיקע קנייטשן האָבן זיך אויסגעגלייכט. אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ יוגנטלעכן גלאַנץ. איר קערפּער האָט אויפגעבליט מיט יונג־פרויאישן רייץ. זי האָט גענומען אויסזען אירע יאָרן. זי איז נאָך געווען אין די צוואַנציקער...

נחום האָט זיך גענומען פילן דערשלאָגן. פריער איז ער געווען איר באַשיצער, איר מאַן, איר פּאָטער, און... ער האָט זי טאַקע ליב באַקומען.

אַמאָל האָט ער זי גערופן „טאָכטערשי״ אַמאָל „שוועסטערל״, — און אַמאָל איז זי געווען זיין ווייב, ריווע...

נאָר אַז ער פלעגט זיך איינקוקן אין איר, און דערזען איר

גאַנצע רייפע פּרוויאַישקייט, וואָס האָט געשפּראָצט מיט אַזוי פיל יוגנטלעכן רייץ, פלעגט זיך נחום פאַרלירן. ער פלעגט דאַן בלייבן זיצן אַ שפּל׳דיקער. זיין פּופּציק יאָריקער ליבן־קאָפּ פלעגט זינקען אַלץ נידעריקער צו דער ערד.

חוה האָט זיין האַלטונג ניט געקענט פאַרשטיין. איר האָט זיך געדוכט, אַז ער דאַרף זיין גליקלעך וואָס ער האָט זי, וואָס זיי האָבן זיך געראַטעוועט און זיינען בשלום געקומען קיין אַמעריקע. זיצט ער גאָר כסדר און טראַכט. אַוואַדע פון יענער ווייב מיט די קינדער, וואָס זיינען אומגעקומען...

אין אַזעלכע מאָמענטן ווערט נחום איר ווי אַ פרעמדער מאַן, און זי אַליין הויבט זיך אָן טוליען צו די זכרונות פון איר טויטער פאַמיליע. טראַכט זי וועגן דוד׳ס שיינע האָר, וועגן זייער זיין צוזאַמען, וועגן זייער קינד...

דאַן פאַרשפּרייט זיך אויף חוה׳ס פּנים אַ גרויער שאָטן, וואָס שלעפּט זי אַוועק צו יענע פינצטערע טעג, ווען דאָס לעבן איז כסדר געהאַנגען אויף אַ שפּינוועבס, ווען אַ שאָרך ביי דער טיר האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע געמיט. ווען אונטערן קלאַנג פון דייטשישע שפּאָרן איז געלעגן איר טאַטע אַ טויטער און ווען אונטער דער כוואַשטש פון דער נאַצישער בייטש האָט זיך געקאָרטשעט איר אייגענער קערפּער...

אָבער שטענדיק, ווען זי גייט איבער די אַלע איבערלעבונגען אין איר זכרון, וואַקסן אויס אַרום איר נחום׳ס שטאַרקע הענט. ווי צווייגן פון אַ ריזיקן בוים זיינען זיי אויסגעשטרעקט צו איר, און זי געפינט אין זיי רו און טרייסט.

חדשים אויף היגער ערד האָבן געבראַכט נייע ראַנגלענישן. דאָס ניט געפינען קיין אַרבעט און קיין דירה, האָט זיי ווייניק וואָס גע־קימערט. דאָס ציגיינערשע אַרומוואַנדערן, דאָס עסן אַ שטיקל ברויט מיט וואַסער — און אַמאָל דאָס אויך ניט, איז געוואָרן אַ טייל פון זיי. זיי האָבן זיך פאַר דעם מער ניט געשראָקן. בלויז דאָס ניט קאָנען זיך אָפּרייסן פון דער פאַרגאַנגענהייט, די יסורים און אַנגסטן, וואָס האָט זיי פריער פאַראייניקט, האָט זיי איצט פון צייט צו צייט צעריסן.

נחום האָט אָט די צעריסנקייט געוואָלט פאַרדעקן מיט עפּעס, האָט ער מיט גרויס ערנסט זיך גענומען זוכן אַרבעט. ער האָט

געטראַכט: „ער וועט נעמען פּאַרדינען, וועט ער חוה׳ן קאָנען פאַרגיטיגן אַ סך זאַכן״.

און טאַקע, אין אַ שיינעם טאָג קומט אַריין נחום, אַן אויפגע־לעבטער, און דערציילט חוה׳ן, אַז ער האָט געקראָגן אַ שטעלע אין אַ שיך פאַבריק.

חוה האָט געשמייכלט. דערנאָך האָט זי, אַביסעלע פאַרשעמט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געזאָגט:

— ווייסט, נחום, איך האָב פאַר דיר נייס. אויך איך וועל אין גיכן ווערן באַשעפטיגט.

— דו, אַרבעטן? ניין! — האָט נחום אמוצופרידן אַרויסגע-רעדט, — איך וועל שוין אַרבעטן פאַר אונז ביידן.

— דו וועסט דאַרפן אַרבעטן פאַר דריי, — האָט חוה געזאָגט מיט אַ שמייכל און אים אַריינגעקוקט טיף אין די אויגן...

נחום האָט זי דערשטוינט אָנגעקוקט. געוואָלט האָט ער זי בעטן, זי זאָל נאָך אַמאָל, און נאָך אַמאָל איבער׳חזר׳ן די ווערטער. זאָלן די ווערטער זיך אַריינוועבן אין זיין נשמה, זאָל די פרייד פון געבער אַריינדרינגען אין זיין פאַרשניטענעם שטאַם, אַז אויך ער זאָל פול ווערן מיט דעם אָנזאָג פון אַ נייעם דור. אָבער געזאָגט האָט ער גאָר ניט...

נאָר זיין גרויער לייבן-קאָפּ האָט זיך ביסלעכווייז אויסגעגלייכט. אַ שטאָלצע זיכערקייט האָט זיך אַרויפגעצויגן אויף זיין פנים. זיינע אויגן זיינען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן, — און זיינע ליפּן האָבן מיט פריידיקן עקסטאַז געקושט חוה׳ס פנים, — אירע אויגן...

חוה האָט אויפגענומען זיין פרייד. זי האָט באַגריפן זיינע ניט געזאָגטע רייד, און צוגעגעבן:

— יאָ, נחום טייערער, מיר וועלן איצט זיין פאַרבונדן מיט אַ שטאַרקערן בונד, מיטן בונד פון לעבן — אונזער לעבן, אונזער פלייש און בלוט...

און זי האָט שטיפעריש אַ פרעג געטאָן:

— איז וואָס זשע ווילסטו, אַ אינגל צי אַ מיידל?...

— מעג זיין אַ אינגל מיט אַ מיידל. מיר דאַרפן גוט מאַכן אונזער שטאַם, און נעמען זענען דאָך דאָ אַזויפיל... ווילסט אוואדע אַ נאָמען נאָך דיין מאַמען...

חוה האָט אָפּגעזיפצט:

— יאָ, נעמען זיינען דאָ אַזוי פיל, ביי דיר און ביי מיר. ניטאָ קיין בילכערע. אַלע זענען גלייכע מיוחסים. איך טראַכט, — האָט זי צוגעגעבן, — אַז עס דאַרף זיין עפּעס אַזאַ נאָמען, וואָס זאָל טראָגן אַ טרייסט אין זיך, ווי יהודי, אָדער יהודית, כדי עס זאָל זיין ווי אַ נייער אָנהויב...

נחום האָט צערטלעך געגלעט איר האַנט און געשוויגן. זיינע אויגן האָבן געוואַנדערט איבער חוה'ן און ווי געזען דורך איר אַ נייעם בראשית.



# פּיערס אויגן

פּיער'ס אויגן זיינען שוואַרצע, גרויסע. ער פאַרוואַרפט זיין בליק ווייט, ווי אַ פישער זיין וועגטקע און פאַרנעמט מיט זיי אַ גרויסן, גרויסן שטח.

אויך אויפמערקזאַם זיינען זיינע אויגן. אָנגעשפּיצטע ווי ביי אַ חיה אין וואַלד, וואָס דערשפּירט דעם יעגער. יעדער שאָרך אַרום אים פּילט אָן די אויגן מיט מורא, פון וועלכע עס הויבן אָן ציטערן זיינע דאַרע קני. די דינע פיס ווערן פלינק און גרינג ווי ביי אַ יונגן הירש און ער גיט דאָן אַ טאַנץ אַוועק פון איין אָרט אויפן צווייטן.

פּיער'ס קערפּערל איז דין. אַביסל צו קליין פאַר זיינע צען יאָר. זיין קאָפּ מיט שוואַרצע קוטשערעס איז עקשנות'דיק און הפקר'דיק ווי פון ווינט דערצויגן.

פּיער רעדט בלויז פראַנצויזיש. אויף אידיש ווייסט ער בלויז איין וואָרט „קינד"...

ווען ער זאָגט אַרויס דאָס וואָרט „קינד" ווערט די פאַרשפּיצטקייט אין זיינע אויגן אויפגעלייזט.

ער פאַרטראַכט זיך, זיין קינדערשער זכרון פאַרטראָגט אים צו אַ וועלט, וואָס ער קאָן ניט פאַרגעסן.

„עס איז געווען פינצטער. אַלע זיינען געשלאָפן. זיינען די דייטשן געקומען. אַרויסגענומען זיין פּאַפּאַ און מאַמאַ און אים אַליין פון די בעטן און זיי ערגעץ געפירט...

„אַ סך מענטשן האָט מען געפירט. די מענטשן האָבן געוויינט. די מאַמע האָט אויך געוויינט. דערנאָך האָט די מאַמע אים אָנגעטאָן אַ טאָרבעלע מיט ברויט מיט עפּל אויפן האַלז און אויסגעשריען צו גערטרוד'ן:

„היט אָפּ מיין קינד"...

איז גערטרוד געלאָפן, און ער איז איר נאָכגעלאָפן. איז גערטרוד דערנאָך געפאַלן. „זיי" האָבן זי דערשאָסן. אים האָט מען שפּעטער געפונען אַ קראַנקען, אַ הונגעריקן אין וואַלד, האָט מען אים געבראַכט אין דער קינדער־היים אין פּאַריז און ער האָט דאָרט געטראָפן אַ סך קינדער, אַ סך...

זיינען די יאָרן געלאָפן. די צייט האָט אָפּגעמעקט נעמען און ערטער פון זיין פיר־יאָריקן זכרון. דער נאָמען פון דער קוזינע גערטרוד איז געבליבן בלויז ווי אַ אינפאָרמאַציע־פּונקט אויף זיינע אָפּשטאַמונגס-פּאַפּירן און אין זיין קינדערשן מח האָט זיך נאָך געבלייבט דער אָנדענק פון טאַטע־מאַמע.

איין וואָרט איז אים געבליבן: „קינד". דאָס וואָרט קינד האָט ער געהאַלטן ווי אַ באַשיצונג. דערנאָך ווערט דאָס וואָרט קינד פאַרבונדן מיט וואַלד, מיט קעלט, מיט הונגער, מיט מורא... און פּיער'ס אויגן ווערן אַזעלכע גרויסע און קוקן אַוועק אין אַזאַ ווייטן, ווייטן שטח...

...איז פּיער געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע. אַ דאַר אינגל מיט גרויסע שוואַרצע אויגן, מיט שוואַרצע קוטשערעס. מיט אַ בלעטל אָנגעטאָן אויף זיין האַלז: „יתום נומער 653, פּיער גרינבלאַט".

דער נאָמען גרינבלאַט איז פּיער'ן ניט פרעמד. ער טראָגט שוין מיט זיך דעם נאָמען גאַנצע צוויי יאָר. דאָס האָבן אים אַ פעטער און אַ מומע פון אַמעריקע געגעבן זייער נאָמען און אים צוגעזאָגט נעמען צו זיך.

האָט עס גענומען זייער לאַנג דאָס פאָרן. מען האָט זייער לאַנג גערעדט וועגן דעם. פּעקלעך מיט צאַצקעס און שאָקאָלאַד האָט ער דערווייל דערהאַלטן פון אַמעריקע. די קינדער אין קינדער-היים זיינען אים מקנא געווען און ער האָט זיך געטיילט מיט זיי די אַמעריקאַנער שאָקאָלאַדקעס.

אַ בילד האָט פּיער איינמאָל אויך דערהאַלטן. איז געווען אָנגע־שריבן אויף דעם: „דיין טאַטע און מאַמע".

איז שווער געווען פּיער'ן צו פאַראייגענען די צוויי מענטשן אויפן בילד. שווער געווען צו פאַרבינדן זייער אויסזען מיט יענעם לעצטן געשריי, וואָס זיין מאַמע האָט איבערגעלאָזן אין זיין זכרון, יענעם געשריי פון וועלכן ס'איז אין זיין זכרון געבליבן בלויז: „קינד"...

אין פּיער'ס מח האָט זיך גענומען וועבן אַן אייגנאַרטיק בילד וועגן אַמעריקע.

„אַמעריקע, אַ לאַנד פון בלומען און ביימער, פויגל־געזאַנג, שפּילעכלעך און שאָקאָלאַד. יעדעס קינד האָט דאָרט אַן אייגענע מאַמע און אַ טאַטן. מען שיסט דאָרט ניט. מען לויפט קיינמאָל ניט

אין וואַלד. אַלע קינדער האָבן וועליסאָפּעדן, און כדי צו קומען אַהין דאַרף מען לאַנג פאָרן אויף אַ שיף מיט דריי קוימענס...

האָט פּיער אויסגעטראַגן זיינע חלומות גאַנצע צוויי יאָר אין זיין קינדערשן מוח, ביז ער איז אָנגעקומען אין ניו יאָרקער האַפן.

שטייט פּיער אויף דעם ראַנד פון דער שיף. זיינע גרויסע אויגן זיינען נאָך גרעסער געוואָרן. זיי האָבן אַריינגענומען אין זיך דעם גאַנצן אַטלאַנטישן ים. באַרייכערט איז געוואָרן אויפן וועג זיין וויסן. ער קען שוין זאָגן „אָלראַיט, יעס מעם, מאָדהער, פאַדהער"...

זוכט פּיער מיט די אויגן די נאָענטע מענטשן אויף וועמען אויסצולאָדן זיין גרויסן באַגאַזש. און אָט פירט מען אים צו צו צוויי מענטשן, דאָס זיינען די מענטשן וועמען ער האָט אין די בריוו אָנגערופן טאַטע-מאַמע, אַזוי האָט מען אים געהייסן שרייבן. די מענטשן וועלכע האָבן אים אַדאָפּטירט.

די פרוי — אַ שטראַלנדיקע, מיט פריידיק־אומעטיקע אויגן, אַ פאַרפּוצטע, שרייט אויס: „פּיער" און קושט אים, און פּיער זאָגט „אָלראַיט, יעס מעם". קיין אַנדער וואָרט קומט ניט אַרויס פון זיינע ליפּן. קיין אַנדער זאַך קען ער נאָך ניט זאָגן.

דער נייער טאַטע שטייט אַ צעטומעלטער, ער וויל גלייך איבער־נעמען זיינע פּליכטן און דערפילט זיך פאַרלאָרן אין זיין אויפגאַבע. גיט ער אַ זאָג צו זיין פרוי: „נו, וואָס וואַרטן מיר? מירן נעמען אַ טעקסי און פאָרן גלייך אַהיים".

דאָס הויז איז געווען אַזוי זאָרגפעליג פאַרפּוצט מיט פרישע בלומען אויפן טיש. די ריינקייט און וואַרעמקייט האָט געשמעקט פון יעדן ווינקעלע.

מען האָט אַריינגעפירט פּיער'ן אין אַ צימער. די נייע מאַמע האָט אים מיט די הענט אָנגעוויזן און געזאָגט צו אים אין אידיש: „דאָס איז דיין צימער. דאָס איז דיין בעט. דאָס איז דיין שרייב-טיש, וועסט דאָ מאַכן דיין היים־אַרבעט. אָט שטייט דיין בילד, פּיער." זי האָט אים צערטלעך געגלעט, און ער האָט אויף אַלץ געזאָגט „אָל ראַיט, יעס מעם". דאָס איבעריקע האָט ער שוין דערזאָגט מיט די אויגן. זיינע אויגן האָבן אַלץ באַקוקט, באַטאַפּט און געשיקט דאַנק־באַרע בליקן צו די נייע טאַטע-מאַמע, מורא האָבנדיק אפילו צו באַנוצן דאָס וואָרט „מערסי", טאָמער וועלן זיי עס ניט פאַרשטיין...

זיינען אַוועק עטלעכע שעה. שטומע שמייכלענדיקע בליקן האָבן זיך אויסגעמישט מיט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. קלאַפּעריי פון לעפל־גאָפּל־מעסער און טעלער האָבן צוגעגעבן שטימונג צו דעם אויסערגעוויינלעכן יום טוב אין שטוב.

ווען די צייט פון שלאָפן גיין איז געקומען, האָבן זיך נייע טאַטע־מאַמע אויף שנעל דורכגערעדט, און דער באַשלוס איז געווען, אַז דער טאַטע וועט אים געבן זיין ערשטע באַד, און די מאַמע וועט אים ליגן שלאָפן.

דערנאָך איז פּיער געלעגן אין זיין בעט. אַ נייע בעט. אַ נייע מאַמע. די מאַמע אַ ליבליכע מיט ברוינע וואַרעמע אויגן האָט געקוקט אויף אים, אים צוגעדעקט און געזאָגט „שלאָף, פּיער".

זי אַליין האָט אירע בליקן פאַרשיקט ערגעץ ווייט און פון אירע ווייטע אויסגעבענקטע חלומות גענומען שפּינען אַ מעשה'לע פאַרן קינד.

„אַ מעשה'לע, מיין קינד, זאָל איך דיר דערציילן, צי אפשר גאָר אַ לידעלע זינגען?" און זי האָט אָנגעהויבן:

„שלאָף מיין קינד, שלאָף כסדר, זינגען וועל איך דיר אַ ליד".

פּיער האָט ברייטער צעעפנט די אויגן. „קינד" האָט ער געזאָגט, און זי אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט.

זי האָט אים נאָכאַמאָל צוגעדעקט, אים אַ קוש געטאָן און געזאָגט:

„שלאָף, מיין קינד"...

האָט זיך פּיער פּלוצלינג אַ הויב געטאָן פון בעט מיט אַזאַ אימפּעט, זי פעסט אַרומגענומען מיט זיינע דאַרע הענטלעך און אויסגעשריען: „מאַמע"...

די נייע מאַמע האָט דערפילט, אַז דאָס קינד האָט איצט פאַר־קניפּט אַ צעריסענעם פאָדעם, אַז דער לעצטער געשריי פון אַ טויטער מאַמע „היט אָפּ מיין קינד" איז דערגאַנגען. דאָס קינד איז איצט אינגאַנצן אירס...

פּיער האָט צוגעמאַכט זיינע שוואַרצע אויגן און עס האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים די מורא. עס איז פאַרשוואונדן די שרעק. דער ציטער פון הונגער און וואַלד און געוויין האָט גענומען אַוועקגיין. ער איז איינגעשלאָפן מיט אַ רואיקן שלאָף, האַלטנדיק די האַנט פון זיין מאַמע.

# דאָס הויז מיטן זילבערנעם דאַך

דאָס איז געווען אין פרילינג. די זון האָט באַשטראַלט מיט גאָלדענע פּאַסן די בערג, וואָס זיינען שוין ערטערווייז געווען באַקליידט אין גרינעם. דאָס אויג האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרין־גאָלדיגע פּאַנאָראַמע. אין טאָל איז נאָך געווען קיל. ס'האָט זיך געדוכט, אַז די זון האָט זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין די בערג. אָבער אַ פרישׂ פרילינג־ווינטל און דאָס געזאַנג פון פייגל האָט דערגרייכט דעם טאָל, וואו ס'האָט זיך געפונען דאָס הויז מיט אַ זילבערנעם דאַך.

דאָס הויז איז פריער געווען אַ היים צו דערציען יונגע נאַצים. די היטלער־מענטשן האָבן זיך געוואָלט פאַרזיכערן מיט אַ צוקונפט און געלערנט אויך זייערע קינדער די קונסט פון מאָרד און ראַסן האַס. דערנאָך איז דאָס הויז געבליבן ליידיק.

ניט ווייט פון דעם הויז, צופוסנס פון די בערג, האָט זיך געפונען אַ אידיש שטעטל מיט קליינע שטיבלעך, מיט רויטע ציגעלנע קוימענס, פון וואַנען אַ רויך פלעגט זיך קייטלען, מיט אַ שאָקלענדיקן עמער ביים ברונעם, מיט דעם ריח פון פרישן געבעקס, מיט מיידלשן גע־לעכטער און זומערדיקע פאַרנאַכטן, מיט אינגלשן אומרואיקן פייפן, מיט אַ פאַרבענקט מרוקען פון שכנ'ס קו. דאָס שטעטל צופוסנס פון די בערג איז אָבער איצט געווען פאַרשטומט — „אידן־ריין".

נאָר אין די וועלדער דערביי האָט מען געפונען קינדער באַהאַלטן צווישן ביימער און געדיכטן צווייגן־געדריי. דאָס זיינען געווען אידישע שטעטל־קינדער, וואָס האָבן זיך ווי חיה'לעך דערנערט מיט יאַגדעס און שוועמעלעך און גראָזן.

די קינדערלעך האָט מען געבראַכט אין דעם הויז און וויל זיי זיינען געווען 26 אין צאָל האָט מען דאָס הויז אַ נאָמען געגעבן: „אידישע קינדער היים נומער 26".

אין דער קינדערהיים איז געווען טומלדיק. די קינדער האָבן זיך געגרייט צו אַ גרויסער געשעעניש. אַלע קינדער זיינען געווען אָנגע־טאָן מיט פאַרטוכלעך. די פאַרטוכער זיינען געווען געמאַכט פון גראָבן זאַק. אַנדערע האָבן נאָך אפילו געהאַט אויף זיך די

שוואַרצע בוכשטאַבן פון די פּראָדוקטן, וואָס זיי האָבן פריער געטראָגן אין זיך.

די לערערין ליובא האָט וואָכן לאַנג געאַרבעט און זיך געגרייט פאַר דעם טאָג. פריער האָט זי זיך געווענדט צו דער שפּייז אויפזעערין און זי געבעטן זאַמלען אַלע זעקלעך פון קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן, ווייל זי דאַרף זיי פאַר די קינדער. דערנאָך האָט זי מיט דער הילף פון די עלטערע קינדער פאַרנאַנדערגענומען די זעק, זיי אויסגעגלייגט גלייך, דערנאָך ערשט פון זיי צוגעשניטן פאַרטוכער פאַר אַלע קינדער, אויך פאַר די אינגלעך.

די קינדער האָבן אַרומגערינגלט די לערערין ליובא, געקוקט אויף איר מיט נייגעריקע בליקן, זיך געטוליעט צו איר און געוואַרט, אַז זי זאָל עפּעס זאָגן, עפּעס אַ שיינע מעשה זאָל זיי די לערערין ליובא דערציילן. דאָס קליינע חנה׳לע שטופּט זיך נענטער צו איר לערערין, רירט אָן איר קלייד און ציטערט ממש פאַר פרייד, וואָס זי איז אַזוי נאָענט צו איר לערערין...

חנה׳לעס בלאָנדע האָר זיינען שטיפעריש צעוואָרפן. אירע שוואַרצע אויגן, מיט בלוט פאַרלאָפענע, קוקן אַרויף צו דער לערערין. דאָס לינקע פאַרשוואָלן אויג זעט אוים קלענער ווי דאָס רעכטע. די אונטערשטע וויע איז אַ ביסל פאַריסן. איר דאַר הענטל באַוועגט זיך און מיט צאַרטקייט גלעט זי דעם אַרבל פון דער לערערין...

פון דער צווייטער זייט שטייט רחל׳ע. זי האָט אַ קליין, בלאַס פּנים׳ל אירע האָט זיינען געשוירן קורץ, מיט אַ גריפקע פון פאָרנט. אירע קליינע ברוינע אויגן וואַרפן וואָרנדיקע בליקן, ווי איינער זאָגט:
„דאָ שטיי איך, עס איז מיין פּאָזיציע און שטופּט מיך ניט אַוועק".

אויך אַלע אַנדערע קינדער ציען זיך נענטער צו דער לערערין ליובא, זוכן אַ בליק פון איר, אַ וואָרט, אַ צערטל, אַ גלעט. עס שפּאַרט זיך צו איר דוד׳ל. ער איז שוין באַלד אַזוי גרויס ווי רחל׳ע. אין רחל׳עס אויגן זעט דוד׳ל אוים צו זיין גאָר אַ גרויסער, אַ גאַנצער גיבור. עס נעמט טאַקע ניט לאַנג און רחל׳ע שטייט שוין צוזאַמען מיט דוד׳לען לעבן דער לערערין ליובא...

די לערערין זאָגט: „קינדער, ניט געשטופּט זיך! איך וויל אייך עפּעס מעלדן: היינט נאָך די לימודים, אין דער צייט פון שפּילן, וועלן מיר ווערן שניידער. מיר וועלן נייען פאַרטוכער. יעדער איינער

וועט אויפנייען פאַר זיך אַ פאַרטוך. באַלד וועט מען אונז ברענגען נאָדלען, פאָדים און שערעלאַך".

שפּעטער איז די לערערין געזעסן, איינגעפעדימט די נאָדלען פאַר די קלענערע קינדער, און זיי געוויזן ווי צו נייען.

דאָס קליינע רחל'ע איז אויך געזעסן און געניית. אירע קליינע דאַרע הענטעלעך האָבן אומגעלומפּערט געהאַלטן די נאָדל און געניית גרויסע קרומע שטעך. רחל'ע נייט אַ פאַרטוך. די לערערין האָט אַזוי געהייסן. אָבער ווי אַזוי אַ פאַרטוך זעט אויס, געדענקט זי ניט. זי געדענקט אויך ניט קיין טרעגערין פון אַ פאַרטוך. אין דעם חזיר שטאַל וואו מען האָט זי אַריינגעוואָרפן, ווען זי איז קוים דריי יאָר אַלט געווען, האָט מען קיין פאַרטוכער ניט געטראָגן...

גיטל זיצט לעבן רחל'ען. זי איז שוין אַלט צוועלף יאָר. זי געדיינקט יאָ ווי אַ פאַרטוך זעט אויס. זי געדענקט אויך ווי ס'האָט אויסגעזען אויף איר מאַמעשי. איר מאַמעשי האָט געהאַט אַ פאַרטוך מיט בלויע קעסטעלאַך און מיט אַ קעשענע. פלעגט זי האַלטן אין דער קעשענע אַ טיכעלע און אַמאָל אַ פּאָר גראָשן אויך. די מאַמעשי פלעגט באַקן קיכל, וואַשן די האָר, אויספלעכטן צעפּלעך מיט רויטע סטיינגעס און פלעגט זאָגן: „קינד מיינס, מיר פאַר דיר".

איר טאַטן געדענקט זי אָבער ניט. ער איז אַוועק ערגעץ אַ סך פריער. נאָר איר ברודער שמוליק געדענקט זי אויך. יאָ, גיטעלע געדענקט איר פאַמיליע און האַלט זיך אָן אין די זכרונות מיט שטאָלץ. זי רעדט זייער אָפט צו די קינדער וועגן איר מאַמען: וואָס פאַרא גוטע מאַמעשי זי האָט געהאַט און ווי גרויס און שטאַרק איר ברודער משה'לע איז געווען: נאָר די דייטשן האָבן געהאַט אַ סך ביקסן, אַ סך"...

זיינען איר די קינדער מקנא. אַנדערע האָבן זי פיינט צוליב איפּערזוכט. יאָסל, וואָס איז אויך אַ גרויסער און איז אין איין עלטער מיט גיטעלען, זאָגט אפילו אויף איר, אַז „זי איז אַ ליגנערין, זי האָט דאָס אַלץ אויסגעטראַכט, זי געדענקט זיי ניט מער".

אָבער גיטעלע געדיינקט יאָ. און נייענדיק דעם גראָבן זאַק, פון וועלכן עס דאַרף ווערן אַ פאַרטוך, זעט זי כסדר דער מאַמעס פאַרטוך פאַר די אויגן. זי טראַכט טאַקע ווי אַזוי וואָלט מען געקענט

מאַכן קעסטעלעך אין דעם עס זאָל אויסזען ווי דער מאַמעשים פאַרטוך ?

חנה׳לען האָט די לערערין געגעבן אַ ווייכערע וואַרע, פון אַ ווייסן זאַק. ווען זי וואָלט געהאַט אַזאַ וואַרע, וואָלט זי מיט טינט אויסגע־מאָלט בלויע קעסטעלעך — טראַכט גיטל, אפשר וואָלט עס אויסגעזען ווי די מאַמעשים ?...

האָט זי גענומען איינריידן חנה׳לען, זי זאָל זיך מיט איר בייטן : „זעסט חנה׳לע", האָט זי אָנגעהויבן, „מיין פאַרטוך איז שוין באַלד אין גאַנצן פאַרטיק. וועסט זיך פאַרשפּאָרן אַרבעט. גיב מיר דיין פאַרטוך, וועסט זען, ווי איך וועל עס מאַכן".

חנה׳לע וויל נישט. גיטל האָט זי פּאָר כעס אַ פּאַטש געטאָן. האָט זיך חנה׳לע צעוויינט און גיטל׳ס חלום וועגן די בלויע קעסטעלעך איז אויסגערונען...

אַלע קינדער האָבן געהאַלטן מיט חנה׳לען, ווייל זי איז נאָך גאָר אַ „קליינע" און גיטעלען האָבן אַ סך סיי ווי ניט ליב. דוד׳ל האָט אַליין אויך געהערט ווי די לערערין האָט געזאָגט, אַז גיטל איז „פּראָבלעמאַטיש". דאָס איז זיכער אַ האַרב וואָרט, מען דאַרף זיין אַ גוט קינד.

דער טומל אַרום די פאַרטוכער האָט זיך ביסלעכוויז איינגע־שטילט. יעדערער האָט זיך געפליסט צו פאַרענדיקן וואָס שנעלער זיין אַרבעט און צום סוף פון דער וואָך זיינען אַלע פאַרטוכער פאַרטיק געוואָרן.

— איז וואָס איצטער לערערין ליובא ? — האָבן די קינדער געפרעגט.

— אַזוי שנעל ווי מיר וועלן האָבן אַ וואַרימען זוניקן טאָג וועלן מיר פאַרבן — האָט די לערערין געענטפערט.

— פאַרבן ! — האָבן איבערגע׳חזר׳ט די טומלדיקע קינדער — פאַרבן !

און אין אַ פּשוט׳ן זוניקן דינסטיק, באַלד נאָכ׳ן פרישטיק, האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון פאַרבן.

מען האָט אַרויסגענומען אַלע מאַטראַצן אין דרויסן, זיי אויסגע־לייגט אויפן גראָז און זיי איבערגעקערט. די געשטרייפטע מאַטראַצן האָבן אַנטבלויזט אין זייער נאַקעטקייט דעם צייכן פון זייער פאַרגאַנ־

געגהייט. אַ שוואַרצער גרויסער האַקענקרייץ (סוואַסטיקאַ) האָט חוצפּה'דיק זיך געוואָרפן אין די אויגן...

די מערסטע קינדער האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין אַ רעדל, מיט מורא געקוקט אויפן דראָענדיקן צייכן. ניט אַלע קינדער האָבן אָבער געגוי געוואוסט, וואָס אין דעם צייכן שטעקט.

רחל'ע האָט איר קליין דאַר הענטל אויסגעשטרעקט, געוואָלט אָנרירן דעם צייכן, נאָר ער האָט אויסגעזען אין אירע אויגן ווי אַ שפּין, האָט זי צוגעכאַפּט דאָס הענטל. דוד'ל האָט אָפּגעשטופּט רחל'ען, מעשה העלד זיך צוגערוקט נענטער און געזאָגט: — זעסט, מען דאַרף ניט מורא האָבן. ס'איז בלויז שוואַרצע פאַרב.

יאָסל, דער עלטסטער צווישן די קינדער, האָט אַ בליץ געטאָן מיט זיינע גרויסע אויגן און אויסגעשריען:

— קינדער, דאָס איז דאָך דער האַקענקרייץ! מיט דעם האָט מען דער'הרג'עט אונזערע טאַטעס און מאַמעס!

רחל'ע איז צוגעגאַנגען נענטער צו דער לערערין און מיט אַ ציטער אין איר שטימעלע געפרעגט:

— איז ווי קענען מיר זיך לייגן שלאָפן אויף די זאַכן?

די לערערין ליובאַ האָט שנעל באַרואיקט די קינדער. זי האָט זיי געהייסן אָנטאָן די פּאַרטוכער, וואָס זיי האָבן זיך געמאַכט. דערנאָך זיי אויסגעטיילט בערשטלאַך מיט ווייסע פאַרב. אַליין אויך גענומען אַ באַרשט אין האַנט און געצייגט די קינדער ווי אַזוי צו פאַרשמירן די סוואַסטיקע מיט די שוואַרצע לאַפּעס.

די קינדער אין די פּאַרטוכלעך אָנגעטאָן, מיט די בערשטלעך אין די הענט, האָבן נייגעריק נאָכגעקוקט און גענומען נאָכטאָן זייער לערערין.

דאָס קליינע חנה'לע האָט געפּרואווט שמייכלען, נאָר פון איר לינק אויגעלע האָט ניט אויפגעהערט צו פאַלן אַ טרער נאָך אַ טרער...

און דאָס הויז נומער 26 מיטן זילבערנעם דאַך האָט געפינקלט געגן דער זון...

# דודיל

זונטיק אין דער פרי איז שטארק טומלדיק אין דער קינדערהיים. מען גרייט זיך, מ'פוצט זיך. קינדער און לערער זיינען אין א פיבערישער דערוואַרטונג. גלייך נאָך פרישטיק וועלן געסט קומען: וועט קומען צו איציקן א מומע, צו חנה'לען א פעטער, צו יאָסלען א קוזינע, צו גיטלען א מומע. ווערט די שטימונג אזא היימיש יום-טוב'דיקע, מיט א פאַרבאָרגענער האָפענונג: „אפשר וועט מען עפּעס ברענגען"?

ווייל חנה'לע א סטענגע פאַר די האָר, גיטלען ווילט זיך שטאַרק רויטע קאָרעלן און יאָסל חלומ'ט פון א מעסערל.

נאָך א פאַרבאָרגענע האָפענונג איז דאָ ביי די קינדער: „אפשר וועט היינט עמיצער קומען מיט א גוטער בשורה, אז נאָך עמיצער פון דער משפחה האָט זיך געראַטעוועט"... נאָר דאָס לעצטע דערמאָנט מען ניט. מען קוקט אָן דעם קרוב מיט עפּעס א טרויעריקער בענק-שאַפט, וואָס מאָנט אַן ענטפער אויף א ניט געפרעגטע פראַגע.

דודל וואַרט ניט אויף קיינעם, פּוצט זיך ניט אין די זונטיקס, האָפט ניט אויף קיין שפּילכלאַך — ווייל ער האָט ניט קיינעם. אים קומט קיינמאָל קיינער ניט באַזוכן. ער איז געבליבן אליין — אליין מיטן נאָמען דוד.

אין א ווינקל פונעם גרויסן שפּיל-זאַל האָט דודל א טישל און א סך קאָלירטע קרייד, איז ער שטאַרק פאַרנומען מיט צייכענען. דודל מאָלט א סך מענטשעלאַך און אלע ווערן זיי זיינע פעטערס מומעס און קוזינס. דער לערערין ליובא מאָלט ער אויך. אויך זי די לערערין, פאַררעכנט ער אין זיין משפחה...

קיין שוועסטער און ברודער, אָדער טאַטע-מאַמע מאָלט ניט דודל. דאָס זיינען ביי אים ווייטע באַגריפן וועגן זייער נאָענטע מענטשן.

ווייזט דודל די קינדער זיין אויסגעמאָלטע משפחה, לאַכן זיי פון אים, לאַכן אַזוי הילכיק, אזוי שטאַרק. גיטל קייקלט זיך ממש פון געלעכטער און זאָגט:

— ווי קומט צו א מומע אזא רויטע ספּאָדניצע, און צו א

פעטער אַזעלכע רויטע האָר מיט גרינע הויזן?...

בלייבט דוד'ל שטיין און ווייסט ניט וואָס צו זאָגן. ער האָט דאָך געמיינט אויסצופוצן זיינע נאָענטע אין די שענסטע קאָלירן און זיי לאַכן גאָר פון אים...

די לערערין ליובא לאַכט ניט פון אים. זי זאָגט, אַז ער מאָלט שיין, אַז ער וועט נאָך אַמאָל זיין אַ גרויסער מאָלער.

אַ גאַנצע וואָך איז דוד'ל שלום מיט די קינדער, מיט דער לערערין און מיט זיין אויסגעמאָלטער משפחה, נאָר שבת פאַרנאַכט ווען די קינדער ווערן פול מיט אומרו און דערוואַרטונג און הויבן זיך אָן גרייטן אויף זונטיק אין דער פרי פאַר די געסט, ווערט דוד'לען זייער אומעטיק.

די שבת'דיקע וועטשערע עסט שוין ניט דוד'ל. ער הויבט זיך אָן טוליען צו דער לערערין און באַקלאָגט זיך אויף אַ קאָפּ־ווייטיק. די לערערין טאַפּט אים ביים קאָפּ, רופט אים „דאָדיקל", דאַן ווערט שוין דוד'ל אויף אַן אמת'ן קראַנק און מען לייגט אים אַריין אין בעט. דעם גאַנצן זונטיקדיגן טאָג ליגט דוד'ל אין בעט מיט אַ קאָפּ־ווייטיק און מיט היץ. דער זונטיק גייט אַוועק און דוד'לען ווערט בעסער.

אַלע זונטיק פלעגט דוד'ל קראַנק ווערן. די לערערין ליובא פלעגט זיצן ביי זיין בעט, אים רופן „דאָדיעלע" און „דאָדיקל" איז אים אַזוי גוט געווען צו זיין קראַנק.

נאָר איין זונטיק איז די לערערין ניט געקומען צו זיין בעט. ער האָט אַ גאַנצן טאָג געוואַרט און געוואַרט, געקוקט דורכן פענצטער און געזען ווי די זון, אַזאַ פלאַמיקע, האָט זיך גענומען טונקען אין פאַרגאַנגענעם מאַי־טאָג און געלאָזט אויף די בערג־שפּיצן די שאָטנדיקע אומרו פון אַ פרילינג פאַרנאַכט.

פון אויפנאַמס צימער האָט זיך געהערט די טומלדיקע פרייד פון די קינדער מיט זייערע קרובים. דער קינדערשער טומל האָט שרעקלעך גערייצט דוד'לען. זיין קינדעריש האַרץ איז געווען צעקלעמט און די אומרואיקייט האָט אים געהויבן פון בעט. ער האָט געפילט ווי ערגעץ צו אַנטלויפן, נאָר זיין פיבערדיקער קערפּער איז געוואָרן אַזוי שווער, אַז ביי דעם מינדסטן פאַרזוך זיך אויפצוהויבן און ער צוריקגעפאַלן ווי אַ סנאָפּ צו דער ערד.

זיינע בליקן האָבן זיך געריסן פון די האַלב פאַרמאַכטע אויגן, ווי אַ זון שטראַל דורך אַ שפּאַרונע און זיך פאַרבונדן מיט דער האַלב-פאַרגאַנגענער זון. אין זיין מח האָבן זיך גענומען וועבן אַזעלכע מאָדנע פיבערדיקע געדאַנקען: „צי איז ער אַ מענטש, צי נאָך אַ קינד?... ערגעץ האָט ער געהערט זאָגן, אַז קינדער זיינען קליינע מענטשן"... איז אויב ער איז אַ מענטש, פאַרוואָס איז ער ניט אַזוי שטאַרק כאָטש ווי יאָסל?... אָט וויל ער זיך אויפהויבן, ערגעץ אַנטלויפן און קען ניט. ווען די לערערין זאָגט אויף אים אַז ער איז צען יאָר אַלט, וואונדערט מען זיך — זיינע הענט זיינען אַזעלכע קליינע, די פיס ווי די טיטשקעס אין דערבייאיקן וואַלד. אויף זיין ברוסטקאַסטן קען מען איבערציילן די ריפּן — אַלע קינדער וואַקסן און ער וואַקסט גאָר ניט, אַזוי ווי די וואַזאָנע וואָס איז געשטאַנען הינטערן טיר און מען האָט עס פאַרגעסן צו באַגיסן...

איז ער נאָך אַ קינד? איז פאַרוואָס האָט ער ניט עמיצן? אַ קינד דאַרף דאָך פון עמיצן אַרויסקומען, עמיצן געהערן?...

יעדערער האָט עמיצן. יאָסל האָט אַ קוזינע. זיי גייעןביידע שפּאַצירן ווען זי קומט. צו גיטלען קומט אַ מומע. גיטל געדענקט אפילו איר מאַמען — אַלע קינדער האָבן געהאַט מאַמעס און טאַטעס אויך — און פּונקט ווי די קו פּרעסטאַ וואָס זיי האָבן דאָ מיט די שוואַרצע פלעקן לעקט און שמעקט איר קעלבל, אַזוי קושט מסתמא אויך אַ מאַמע איר קינד? — און זיין מאַמע האָט אויך אים אַזוי געצערטלט און זי האָט אים אַוודע גערופן „דאָדעלע", אַזוי ווי דאַן די לערערין ליובאַ?...

היינט איז די לערערין ליובאַ ניט געקומען. איז אפשר וואָלט ער אויך זיך צוגעטוליעט צו דער קו מיט די שוואַרצע פלעקן? די מאַמע קו האָט מען ניט פאַרברענט — בלויז די מאַמע מענטש...

„פאַרברענט אַלע מאַמעס און טאַטעס. פייער, פייער, פלאַמען פייער", — האָט דוד׳ל גערעדט שטיל.

זיינע ליפּן האָבן פיבעריש געברענט, זיין צונג איז געווען הייס און טרוקן, זיינע אויגן פאַרמאַכט און די דינע פיבערדיקע פעדים פון זיין מוח האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט מיטן וואָרט „פייער".

„פייער, פייער", האָט זיך דאָס וואָרט געדרייט אין זיין מוח, ווי אַ שפּין אין איר אייגענעם געוועב. דאָס פייער איז געוואָרן

גרעסער און האָט זיך צעפּלאַקערט מיט מורא׳דיקן אימפּעט, געקנאַקט מיט פונקען און זיך געצויגן צו די הימלען. און עס ברענען שוין די הימלען. און די הימלען צינדן אָן דעם וואַלד — ברענען די סאָסנעס און די בעריאָזקעס און די דעמבעס. די דעמבעס זיינען שטאַרקע, אַזוי ווי די טאַטעס, און לאָזן זיך ניט ברענען, זעען זיי אויס ווי ברענענדיקע גרויסע האַלעוועשקעס, זשאַרען זיך. די בעריאָזקעס פּלאַקערן, די ווייסע קאָרע קייקלט זיך, שיילט זיך, ווערט גאָר פון דער ווייסער קאָרע דער לערערינ׳ס ווייסע קלייד. דערנאָך ווערט די לערערין פאַרוואַנדלט אין אַ מאַמע און אַלע בעריאָזקעס ווערן מאַמעס — און זיי ברענען און ציען זיך צו די הימלען. די פייער צונגען לעקן און לעקן די ווייסע באַצירונג פון זייער לייב, ביז עס ווערט שוואַרץ, קויל, אַש.

איז דוד׳לען גוט וואָס ער איז דאָ אין דעם ברענענדיקן וואַלד. פייער איז די פאַרבינדונג מיט זיינע נאָענטע, איז אַ טייל פון אים. די ברענענדיקע בעריאָזקעס זיינען מאַמעס און איינע פון זיי איז זיין מאַמע, וועט ער פאַרברענט ווערן מיט זיין מאַמען אינאיינעם און ביידע וועלן זיי דורך פלאַם און דורך רויך אויפגיין אין הימל...

האַלט ער פעסט אַרומגענומען זיין ברענענדיקע מאַמע, טוליעט זיך צו איר ברענענדיקן לייב, און זי ווערט אַלץ וויניקער, אַלץ דינער, ביז זי איז אַ פאַרקוילטע אָוועקגעפאַלן צו דער ערד. האָט דוד׳ל גענומען שרייען מיט די העכסטע קולות: „מאַמע, מאַמע, איך וויל אויך ווערן קויל״! נאָר די ווערטער זיינען ניט אַרויסגע־קומען. עפּעס אַ רעווען ווי פון אַ ניט דערקוילעטער חיה איז אָנגע־קומען אויף דער ווירקלעכקייט...

די לערערין מיטן דאָקטער זיינען געשטאַנען איבער אים. דער דאָקטער האָט געקוקט אַפן טערמאָמעטער, וואָס האָט געוויזן זייער אַ הויכע טעמפּעראַטור, — און באַפוילן גלייך דוד׳לען אָפּצוזונדערן פון אַלע קינדער, אים נעמען אין שפּיטאָל.

איז דוד׳ל געלעגן מיט די אויגן פאַרמאַכט און גערעדט ניט־פאַרשטענדלעכע ווערטער:

פּרעסטאַ די קו לעבט? די לערערין ליובאַ מיט דער ווייסער קלייד איז ניט פאַרברענט געוואָרן?...

די קראַנקען שוועסטער איז געזעסן לעבן אים, געהיט דער אייז־

פּענכער זאָל ניט אַראָפּפאַלן פון דוד׳לס קאָפּ. די לערערין ליובא איז געקומען גלייך ווי זי איז פּאַרטיק געוואָרן מיט די לימודים און געזאָגט דער קראַנקן שוועסטער אַז זי וועט זי פאַרבייטן, זי מעג זיך גיין אָפּרוען.

איז די לערערין ליובא געזעסן לעבן דעם קראַנקען דוד׳לען, אים צוגעדעקט, אַלע ווײַלע באַנעצט זײַנע ברענענדיקע ליפּן מיט אַביסל לעבלאַך וואַסער. איר בלאַסער פּנים האָט גענומען אַרויספּיציען אויף זיך די זאָרג און אומרו פאַר אַ קראַנק קינד, אירע בלויע אויגן זײַנען פאַרגלעזט געוואָרן מיט טרערן. איר האַנט האָט ציטערנדיק געגלעט דוד׳לס שוואַרצע קוטשערן, אירע ליפּן האָבן געטראָגן אַ געבעט צו איר אייגן פאַרלאָרן קינד:

— קינד מײַנס, האָט זי געשעפּטשעט, וואו ביזטו, וואו איז דײַן געביין אַהינגעקומען?

אין קאָפּ האָט זיך גענומען דרייען, אין די שלייפן האָט געזעצט מיטן גערויש פון לויפנדיקע באַן-רעדער. באַנען לויפן, יאָגן זיך אויף אַרבעט קיין דײַטשלאַנד, דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן אויפן באַן און מען טאָר זיך ניט דערוויסן. ראַטעוועט זי דאָס קינד מיט אַביסל קאַלט וואַסער, באַנעצט זי עס די ברענענדיקע ליפּעלעך, שטיקט דעם געוויין פונעם קינד מיט אירע קראַמפּענדיקע הענט, ביז דער דײַטש האָט דערהערט דאָס געוויין פונעם קראַנקן קינד, אַרויסגעריסן דאָס קינד פון אירע אָרעמס און אַ שליידער אַרויס דורך דעם אָפּענעם פענצטער פון דער לויפנדיקער באַן...

זײַנען אירע הענט ליידיק געוואָרן. דאָס האַרץ פאַרשטיינערט, די ברוינע האָר האָבן זיך זילבערדיק צעגרויט... און איצט האָט אַ פרעמד פּיבערדיק קינד אויפגעפּראַלט דעם פאַרשפּאַרטן טרערן-קאַנאַל און אירע אָרעמס, פול מיט מאַמעשקייט, האָבן זיך געצויגן צום קראַנקן קינד...

ווען דוד׳ל האָט געעפנט זײַנע אויגן און דערזען די לערערין ליובאַ ביי זיין בעט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן, די לערערין האָט אים ליבלעך אָנגעקוקט, אויפגעהויבן דאָס קישן אַביסל העכער, אַרונטער-גענומען דעם אייז-פּענכער פון זיין קאָפּ און געזאָגט:

— אָט אַזוי קינד, איצט וועסטו שוין זיין געזונט, יאָ, דאָד׳עלע? און ווייסטו וואָס איך האָב אויסגעפונען? מיר זײַנען גאָר אייגענע,

וועסט מיך אפילו קענען רופן מומע, אָדער מאַמע. אַלע זונטיק וועלן מיר ביידע גיין שפּאַצירן, דאַן וועסטו זיין מיינער אַליין.

דוד'ל האָט זיך האַסטיק געגעבן אַ זעץ אויף. אַ מאָדנער כוח האָט זיך געריסן אַריבער די גרענעצן פון זיין באַוואוסטזיין און אַרויסגעבראַכט ווערטער אויף זיינע פיבערדיקע צעשפּאָלטענע ליפּן: אַ מאַמע, אַ בעריאָזקע מיט אַ ווייס קלייד, פּרעסטאַ די קו. ניט אַלעמען האָט מען פאַרברענט, פאַראַן נאָך מאַמעס?

די לערערין האָט אים שנעל געהייסן זיך לייגן און זיין רואיק, ווייל ער איז נאָך אַלץ זייער קראַנק, אָבער דוד'לען האָט עס געהויבן פון בעט וואָס שנעלער צו דערלעבן אַ זונטיק און אויסמישן זיין פרייד מיט דער פרייד פון די אַנדערע קינדער, אויספּיבערן די פרייד פון דערוואַרטונג אין אַ זונטיק אין דער פרי...



# דער שניט

די פּאַרנאַכטיקע קונדן, וואָס פּלעגן לויפנדיק פון דער אַרבעט זיך אַריינכאַפּן צו לואי דעם קצב, האָבן זייערע אײַלענדיקע טריט האַסטיק אָפּגעשטעלט. זייערע אויגן האָבן שנעל איבערגע־לייענט דאָס שילדל אויף דער טיר:

„וועט זיין אָפּן מאָרגן אין דער פרי".

— איז וואָס איז דער מער מיטן בוטשער? — גאָר פאַרמאַכט... עפּעס האָט פּאַסירט? — האָט אַ נייגעריקע פרוי אין אײַלעניש געפרעגט אַ שכנה...

— ס'האָט גאָרניט פּאַסירט, דאָס איז ער געגאַנגען אַראָפּנעמען גרינע פון דער שיף און ניט געהאַט וועמען איבערצולאָזן — האָט ער צוגעמאַכט אויף די פּאָר שעה...

אין דער פרי, ווען דער ערשטער פרימאָרגן קונד האָט זיך באַוויזן אין לואיס פלייש-קראָם, האָט זיך לואי גענומען אַביסל אַראָפּרעדן פונעם האַרצן.

— ווער ווייסט, ווער ווייסט, צי איך האָב זיך עפּעס ניט גענומען קיין צרה — און אײדער לואי האָט צייט געהאַט ווייטער צו רעדן, האָט דער פרימאָרגן-קונד, מרס. פישמאַן, אָנגעהויבן: „אַי וואָס רעדט איר וואָס, לואי, וואָס הייסט איר ווייסט ניט"? זי האָט אָנגע־קוקט לואי'ן וואָס האָט אויסגעזען זייער פאַרזאָרגט, די אויגן רויט, ניט דערשלאָפן. מרס. פישמאַן, אַן אויסגעקײלעכטע, אַ באַליבטע און אַ אויסגעשלאָפענע, האָט פאַרלייגט די הענט און מיט פיל מוטערלעכקייט אין איר שטימע, אָנגעהויבן:

— איר האָט דאָך ניט קיין חרטה, לואי. ערשטנס, איז חרטה האָבן אַף גוטס ניט אַזאַ שיינע מידה; צווייטנס, וועט אייך גאָט העלפן אויף זיי אויך... איר וועט זען וואָס אַ נאַרישע אידענע ווי מרס. פישמאַן האָט געזאָגט. אפשר אויף זייער מזל וועט איר נאָך דאַרפן צענעמען די ווענט פון דער בוטשער-סטאָר, סאַ קלייניג־קייט — צוויי יתומים גראַטעוועט! גאָט וועט אייך... אָט-עט איר שוין זען, לואי...

לואי האָט אויסגעהערט די פרוי, אַריינגענומען יעדן וואָרט אירן,

וועגן גאָט, וועגן „באַשערט“, איר געגעבן אַ גוטע וואָג, צוגעגעבן גוטע מאַרך-ביינער צום פלייש און נאָך געפרעגט צי זי וויל אַ שטיקל לונג פאַר דער קאַץ?...

לואי האָט זיך זינט יענעם פרימאָרגן ווי זיך פאַרבונדן מיט יושר, מיט גערעכטיקייט און מיט האָפענונג, אַז גאָט וועט אים נאָך באַצאָלן פאַר דעם אַלעמען... דאָס הייסט, עס גייט אים ניט אַזוי אין די עטלעכע הונדערט דאָלער, וואָס האָט געקאָסט דאָס ברענגען זיי און אפילו ניט דאָס געלט וואָס ס׳קאָסט אים איצט דאָס אויסקליידן, נאָר די ענגשאַפט אין הויז, וואָס ס׳איז געוואָרן. דאָס אינגל — מילא נו, שלאָפט ער מיט זיינע אייגענע אינגלעך, איז נאָך אַ בעטל. אַ געזונטער בחור׳ל, זעט אויס אַ האַרט ניסל אַ יונגער, האָבן זיי אים ניט געקענט צעקנאַקן, אָבער זי, דאָס מיידל...

דאָס מיידל איז שוין אַלט אַכצן יאָר. דאַרף זי דאָך האָבן אַ צימער פאַר זיך. אַ מיידל זאָל שלאָפן אין דער „ליווינג־רום“ איז ניט קיין תכלית... אין אָוונט, כ׳ווייס, קומט אַ מענטש, אַמאָל נעמט מען אַ קאָרט אין האַנט, צי מאַלע וואָס, און דאָ אַ מיידל דאַרף זיך לייגן שלאָפן...

אין דער פרי פאַנגט זיך אָן אַ לויפעניש אין וואַש־צימער. די קינדער אין סקול, ער דאַרף גיין עפענען די סטאָר, און זי שטעלט זיך אים אויך אַריין אין דער בלויער קימאָנע, וואָס די טאַנטע האָט איר געקויפט, די בלאָנדע האָר צעשויבערט, צעוואָרפן איבער׳ן בלויען זייד, שטייט פאַרטראַכט, אירע בליקן ערגעץ ווייט, ווייט... מסתמא קען זי עס ניט פאַרגעסן די צרות פון דאָרטן, פון יענער זייט... גייט ער דאַן צו צו איר אַזוי פאַר רחמנות און נעמט זי אַרום, פאַלט זי גלייך צו צו אים, נעמט אים אַרום און וויינט און וויינט...

שטייט ער אַזוי הילפלאָז לעבן דער יונגער מיידל אין זיינע אָרעמס. עס שמעקט פון איר מיט וואַרימקייט פון פרוי, מיט שלאָף, מיט בעט. עס ווילט זיך אים גאָר זאָגן — וואַש ניט אָפּ דעם ריח פון זיך, האַלט עס ביז — — — ער ווייסט אַליין ניט ביז ווען — און ווייסט שוין אין גאַנצן ניט וואָס צו זאָגן, נאָר דער קאָפּ פאַר־דרייט זיך אים, ווי אין שיכרות און דאָס ווייב גיט אים אַ רוף:

— לואי, די קאַווע איז דאָך שוין קאַלט געוואָרן... לויפט לואי אַרויס פון הויז ווי אַן אָפּגעבריטער, זאָל שוין זיין אָן קאַווע, אַבי

אַרויס. אין סטאָר וועט אים ניט זיין אַזוי ענג. ער וועט זען אַנדערע מענטשן, זיך פאַרטאָן און פאַרגעסן אין דער גאַנצער צעמישעניש אין הויז...

איז די צרה, וואָס אין סטאָר האָט ער לעצטנס אויך צופיל צייט. ס'איז אויף להכעיס די ביזנעס אַראָפּגעפאַלן, ס'איז שוין ווארים. די ווייבער באַלאַנגערן שוין די פיש-סטאָר, וואָס אַנטקעגן. זיי מאַכן שוין די מילכיקע באָרשטשן... אַזוי האָט אים גאָט געהאָלפן פאַר זיין גוטס... און ער האָט דערוויילע אַזוי פיל צייט צו טראַכטן...

ער האָט געמיינט: — כ'ווייס, די מאַמע אירע איז דאָך געווען אַ קראַסאַוויצע, דער טאַטע אירער — אַ ריז, אַ ציגאַן, אַ שיינער, וועט דאָך מסתמא די טאָכטער זיין געראָטן אין וועלכן פון זיי, איז אַ דאגה אַזאַ מיידל, ווי לאַנג וועט זי זיין ביי אים? זיך אַביסל אויסגערינען און ס'וועט זיך שוין געפינען אַ בעלן אויף איר...

איז גיטל דוקא געראָטן אין איר מאַמען. די אויגן בלויע מיט לאַנגע וויעס, וואָס ווארפן שעלמישע בליקן, אירע האָר רויטלעך בלאָנד, ווי די האָר פון אַ ליאַלקע. איר קערפּער אַזוי מיידלש אויס-גערונדיקט און אַזוי שלאַנק, אָבער דער שניט אויפן פּנים, אַזאַ שניט, וואָס צעקאַליעטשעט דעם נאָז און פאַרדרייט דאָס מויל אַביסל אין דער זייט. אויף דעם האָט זיך לואי ניט גערעכנט. אמת, זי האָט עס פון אים נישט באַהאַלטן. „טייערע מומע און פעטער" — האָט זי געשריבן, — „איך האָב אַ סימן אויפן פּנים, דאָס האָט מיר אַ דייטש געגעבן מיט דער שאַבליע, דערפאַר וואָס איך האָב געשריען ווען ער האָט דער מאַמעשי שלעכטס געטאָן, דערנאָך זי דער'הרג'עט" — — — — גיטל האָט שפּעטער געשיקט אַ בילד, אָבער אַ פּראָפיל, האָט זיך דער שניט ניט אָנגעזען, איז וואָס ווייסט מען אויף אַ בילד?

איצט האַלט זי אין איין וויינען. וויינט נאָך די פאַרלאָרענע טאַטע-מאַמע און וויינט דער עיקר איבער איר פּנים. זי וויל נאָר, אַז דער פעטער זאָל אַראַנזשירן פאַר איר אַ פּלאַסטישע אָפּעראַציע אויפן פּנים. דאָס, זאָגט זי, איז געווען איר ציל צו פאָרן קיין אַמעריקע.

— גיטעלע — בעט זיך ביי איר די טאַנטע — צו-וואָס איז דאָס וויינען כסדר? שוין גענוג. ס'פעלט דיר דען חלילה? אַט

ווילסטו אַ גרינע שטרויענע הוט מיט אַ ווייסע קלייד, איך וועל דאָס דיר אויך קויפן, אָבער דאָס, וואָס דו האָסט זיך גאָר איינגערעדט אַן אָפּעראַציע אַפּן פּנים... צו מיינע שונאים׳ס קעפּ, וועסטו זען, אַז עס וועט זיין באַשערט, וועט דיר אַ בחור נעמען אַזוי אויך... ס׳איז דען דיין שולד, נאַרעלע? — ווען די מומע פלעגט אַזוי רעדן צו גיטלען, פלעגט גיטל נאָך מער וויינען...

זי האָט געפילט, אַז אין די רייד פון דער מומען און פעטער ווערט צעריסן דער אָפּמאַך, וואָס זי האָט מיט מאָטל׳ען:

מאָטל דער שיינער, דאַרער, ברונעטער אינגל, וואָס אַלע מיידלעך זיינען פאַרליבט אין אים, און זי, גיטל, איז שטענדיק געשטאַנען אין אַ זייט און געקוקט אויף אים מיט אַזויפיל נייגעריקייט און קנאה... זי האָט געזיפט מיט אירע אויגן יעדן באַוועג פון זיין שלאַנקן קערפּער, דעם טראָט פון זיינע לאַנגע, אינגלישע טריט, דער פוך אויף זיין בלאַסן פּנים האָט זיך גע׳חנ׳דלט אין מעגלעכקייט, זיינע הענט מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, וואו אַ מוסקול האָט אַזוי געוואַגט אַרויסגעקוקט, האָט זי ממש אויסגעקושט מיט אירע בליקן... דער רימענער פּאַסיק אויף זיינע הויזן, וואָס האָט אַרומגענומען זיין דינע טאַליע, די זילבערנע ספּראָנדזשקע אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגעקריצט זיין נאָמען, אַלץ, אַלץ האָבן אירע בליקן אַריינגענומען, אַלץ האָט זי באַוואונדערט. פאַר מאָטלען וואָלט זי געקענט שטאַרבן, אָט אַזוי פּשוט אויסגיין פאַר אים!

אָבער ווי לאָזט מען דאָס אים וויסן? אַזוי פיל „פּאָדראָסט־קעס” זיינען דאָ אין דער קינדער־היים, און אַלע זיינען זיי משוגע נאָך מאָטלען... מירל איז אַזאַ שיינע, און מאָטל איז שוין ניט איינמאָל געגאַנגען שפּאַצירן מיט איר...

פלעגט גיטל שטיין ביים שפּיגל, קאַמען אירע רויטלעך־בלאָנדע האָר, אויסדרייען פאַרשיידענע קוטשערן, מאַכן אַלערליי פריזורעס, אויסשניידן אירע בליוזקעס גאַנץ נידעריק כדי צו ווייזן די גאַנצקייט פון אירע קערפּער, צו אַנטפּלעקן פאַר אים די רונדקייט פון אירע יונגע מיידלשע בריסט, וואָס מער דעמאָנסטרירן די עלאַסטישקייט פון איר שלאַנקן מיידלשן גוף...

און ווען זי האָט ענדלעך צוגעצויגן מאָטל׳ס אויפמערקזאַמקייט, פלעגט זי אַ קוק טאָן אויף אים מיט אירע גרויסע, בלויע אויגן,

אַריינגעמען אים אין די שאָטנס פון אירע לאַנגע וויעס, און אים ווי פאַרטרויען אַ סוד, אַז ניט אַלץ איז פּנים, אַז איר קערפּער פאַרמאָגט אוצרות גאַנצע, און פון אַ באַריר וואָלט ער גאַנצע עמערס גליק געשעפּט פאַר זיין אינגלשקייט.

האָט עס מאָטל'ען גענומען ציען צו גיטל'ען, צו אירע ניט אַנטפּלעקטע סודות, צו דער זאַפטיגקייט פון אירע ליפּן...

דאַן איז געקומען דער בריוו מיט די פּאַפּירן, אַז זי פאָרט מיטן ברודערל קיין אַמעריקע...

איז גיטל דאַן מיט מאָטל'ען אַוועק אויף דעם שליאַך, וואָס פירט צו דער באַן־סטאַנציע, אים אָנגענומען ביי דער האַנט און עקשנות'דיק אויסגעשריען:

— מאָטל, איך פאָר ניט קיין אַמעריקע, ס'איז אַזוי ווייט — איך וועל עס ניט אויסהאַלטן...

מאָטל האָט עפּעס מורא'דיק אַ שמייכל געטאָן און האָט מעשה גרויסער זי גענומען איינרעדן:

— זיי ניט קיין קינד, גיטל, אַז אַמעריקע איז וואָס, אַמעריקע איז מער ניט אַזוי ווייט, ס'איז פינף טעג מיט דער שיף, צוויי טעג מיט אַן עראָפּלאַן, איך האָב דאָך אויך אין אַמעריקע אַ פעטער. אמת, ער איז אין באָסטאָן, אָבער ס'איז ניט זייער ווייט, מיר וועלן זיך דורכשרייבן, גיטל, ביז איך וועל אויך קומען...

אָבער וואָס מער ער האָט זי איינגערעדט זי זאָל פאָרן, אַלץ מער האָט זי זיך געטוליעט צו אים, ווי זי וואָלט מיט איר קערפּער גע־ענטפערט „ניין, זי קען ניט, זי קען זיך ניט אָפּרייסן פון אים"...

מאָטל האָט איר געקושט די האָר, די אויגן. דערנאָך האָט זיך זיין בליק פאַרהאַלטן, אויף איר שניט, און כאָטש ס'איז געווען אָוונט, האָט זיך גיטל'ען אויסגעוויזן, אַז ער קוקט זיך שטאַרק צו צו יעדן שטאָך, צו יעדער פאַרצווייגענער שטיקל הויט און זי האָט זיך פּלוצלונג גענומען רייסן פון זיינע אָרעמס. מאָטל האָט זי פעסטער צוגעצויגן צו זיך און גענומען קושן דעם שניט אויף איר פּנים...

טרערן האָבן פריי גערונען אויף אירע באַקן. זי האָט אים אַזוי מורא'דיק ליב באַקומען. דער לעצטער קוש אויף דעם שניט פון איר פּנים האָט געוואונען איר צוטרוי און זי האָט פּלוצלונג באַשלאָסן: „יאָ, זי פאָרט קיין אַמעריקע, זי וועט דאָרט אָנהויבן

בויען אַ ניי לעבן פאַר זייביידן און ביז ער וועט קומען, וועט זי ניט נאָר האָבן אַ היים פאַר זיי ביידן, נאָר זי וועט אים נאָך איבער־ראַשן מיט נאָך אַ זאַך, זי וועט דורכגיין אַ פּלאַסטישע אָפּעראַציע אויפן פּנים. און ווען מאָטל וועט קומען, וועט זי שטיין פאַר אים אַ גאַנצע, אַ פאַרפּוצטע. זי וועט זיך קויפן אַ גרויסע, גרינע הוט, מיט אַ ווייס קלייד. זי וועט שטיין ביי דער שיף, דאָס ווינטל, וואָס טראָגט זיך געוויינלעך פון ים, וועט אַזוי באַוועגן די ראַנדן פון איר גרינער הוט. איר ווייס קלייד וועט פלאַטערן, ווי די זעגלען פון אַ שיפל. אירע רויטלעך־בלאָנדע האָר וועלן אַרויסציטערן פון אונטער דעם גרינעם הוט און אירע אויגן וועלן אים שיקן טויזנט קושן אויף דער שיף אַרויף...

מאָטל וועט שטיין און קוקן, ניט וועלן גלויבן אַז דאָס איז זי. זי וועט אויסזען פונקט, ווי די אַקטריסע, וואָס זי האָט געזען אין דער קינאָ. אויפן פּנים וועט מען מער גאָרניט קענען דערקענען...

איז שוין גיטל עטלעכע וואָכן אין אַמעריקע און עס איז איר אַזוי אומעטיק, אַזוי אומעטיק. די קרובים קומען זי זען, ברענגען איר מתנות, און ווילן אַלץ וויסן מער איינצעלהייטן וועגן די דייטשן, „ווי איז דאָס מעגלעך געווען? צי זי האָט דאָס אַליין געזען?" און זי ענטפערט יעדערן. ווען זי קען מער ניט אויסהאַלטן די אַלע פראַגעס, וויינט זי, גיטל, וויינט אַזוי ביטער...

דאָס ערגסטע אָבער איז פאַר גיטל'ען ווען די מומע הויבט איר אָן איינצורעדן, אַז זי זאָל זיך אַרויסשלאָגן די אָפּעראַציע פון קאָפּ. דאָס לעצטע מאָל, ווען זי האָט זיך גענומען צו איר, האָט זיך גיטל אַזוי שרעקלעך צעיאָמערט און דער פעטער איז דאַן פּלוצלונג אַריינגעקומען:

— וואָס איז שוין ווידער דער יאָמער? — האָט ער אָנגעהויבן. — ס'איז דאָך אוממעגלעך אַהיים צו קומען, ס'איז דאָך שטענדיק יום־כּפּור אין הויז. איך וועל פּשוט ניט...

לואי האָט ניט פאַרענדיקט. אָבער גיטל האָט אויפגעזאַמלט אַלע כּחות און אויסגעשריען:

— אויב איר וועט מיר איצט ניט העלפן מיט דער אָפּעראַציע, פאָר איך צוריק קיין פּוילן...

לואי האָט זיך עפּעס דערשראָקן פאַר איר אַנטשלאָסנקייט. זיינע אויגן האָבן דורכגענומען איר צעקאַליעטשעטן פּנים. ער האָט דערפילט אַ פליכט איר צו העלפן פאַרהיילן דעם שניט...

ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צו גיטל׳ען, זי אַרומגענומען, און צו דער ווייב געזאָגט: „פעני, וועסט מאָרגן אַריינגיין צו אונזער דאָקטער און זיך נאָכפרעגן ביי אים, ווער עס מאַכט די דאָזיקע אָפּעראַציעס, אַז מען זאָגט אַלף, דאַרף מען זאָגן בית, פעני״ — און צו גיטל׳ען האָט ער געזאָגט „נו, גיב־זשע מיר כאָטש אַ שמייכל דערפאַר, האָסט דאָך מיר שוין גענוג אָנגעקלאָגט״.

אין גיטל׳ס אויגן האָבן זיך צוויי טרערן פאַרהאַלטן און פאַרוואַנדלט אין גלאַנציקע דימענטן. פון אונטער די שאָטנדיקע וויעס האָט זיך גע׳גנב׳עט אַ פריידיקער נצחון-שמייכעלע, זיך געצויגן צום מויל און זיך געוואָלט אויפלייזן אין אַ געלעכטער, אָדער ברייטן שמייכל. אָבער דער שניט, וואָס האָט פאַרפירט דעם מויל אויף אַ זייטיקע וועג, האָט אַזוי מאָדנע צעקרימט די אויפגעגאַנגענע פרייד, אַז עס האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרקראַמפּט פּנים, וואָס ברעכט זיך אין געוויין...



# אַזוי איז זיין ווילן...

אַז עס גייען אַריבער די ימים נוראים און עס האָלט שוין ביי שמחת תורה, ווערט דער אַלטער שמחה בער שטאַרק אויפגעלייגט.

„אַראָפּגעפּטר'ט אַ שווער שטיקל אַרבעט... זיך אָנגעדאַוונט, אָנגעפּאַסט און זיך אָפּגעבעטן ביים רבונו של עולם אויף נאָך אַ יאָר"...

ווייל נאָך אַלעמען, אַז מען איז אַ בן שבעים איז מען ניט קיין צוציקל, בפרט אַז שמחה בער האָט מיט אַ קאַרגן צענדליק יאָר באַלד אַריבערגעשפּאַנט די זיבעציק און האַלט שוין אָט אָט ביי אַכציק, איז אים יעדער יאָר ממש אַ מתנה פון הימל אַליין...

דינט ער טאַקע דעם רבונו של עולם מיט גרויס געטריישאַפט, היט אָפּ דאָס דאַוונען ווי דאָס אויג אין קאָפּ. קאָכט זיך אַליין דאָס ביסל עסן: וועט חלילה זיין טאָכטער ניט געטרויען צוליב כשרות. און ווען עס קומט אוים אַמאָל אַ מענטשן אַ טובה, ווי אַ קליינער גמילת חסד, איז דאָך ניט שייך, וועט שמחה בער אַוודע ניט אָפּזאָגן.

שמחה בער אַליין האָט געהאָפט אַז דער וואָס לעבט אייביק קען צו אים קיין גרויסע טענות ניט האָבן...

און ווי שטענדיק נאָך די יום טובים ווערט ער מונטערער, לעבעדיקער.

שמחה בער קעמט זיך אוים די שיטערע באָרד, וואָס איז אים קיינמאָל ניט גרוי געוואָרן אינגאַנצן, נאָר איז געבליבן געלבליך, קאָלירלאָז ווי פּאַראַיאָריקער היי, קוקט זיך אָן אין שפּיגל, גלעט אוים זיינע באַקן אַראָפּ-צו און פּאַרדרייט דעם גלעט צום מויל, וואו עס לייזט זיך אויף מיט אַ „מניע. דער „מניע" קען מיינען:

— שמחה בער איז נאָך אַ איד אַ כוואַט...

אָדער:

— ס'וועט נאָך גיין...

ער פּאַריכט זיין קליינע זיידענע יאַרמולקע אויפן קאָפּ און אַ שמייכל פּאַר'גנב'עט זיך אין זיין רעכטן אויג, וואָס העלט אויף אויך דאָס לינקע מיט דער בלויקייט „פון אַמאָל יונג געוועזן"...

שמחה בער טשאַפּעט אַרום אַזוי אין די שטעק-שיך ביי זיך

אין צימער ביז ער נעמט דעם תהלים אין האַנט און הויבט אָן זאָגן:
„אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים״... און ער הויבט טאַקע גלייך אָן צו פּאַרטיטשן עס פאַר זיך אַליין מיט אַ גמרא ניגון און מיט אַ „אוי ווײ, אוי ווײ״, וואָרום איז דעם מענטשן וואָס איז ניט געגאַנגען אין די וועגן פון די רשעים...

ער באַהעפט זיך מיט די ווערטער, מיטן געדאַנק, און ווערט איינגאַנצן געלייטערט פון די אומרוען און ספקות, צו וועלכע זיינע רעיונות פאַרטראַכטן זיך אַמאָל. שפּעטער נעמט ער זיך צו דעם זעקעלע מיטן געמאָלענעם טאַבאַק מיטן פּאַפּיראָס־פּאַפּיר און שטאָפּט אָן זיינע אייגענע סיגאַרעטן.

שמחה בער האָט פיינט צו קויפן גרייטע, עס דאַכט זיך אים אויס אַז אַלץ וואָס מען קויפט אין דרויסן איז מיט חזיר־פעטס... אַז מען מאַכט עס אַליין, ווייסט מען, וואָס, ווער, וועמען...

אפילו דאָס שטיקל ברויט וואָס ער קויפט, איז אים אַן אָפּ־קומעניש: „דאָס שטיקל געקויפטע פּאַפּקע״, — באַקלאָגט ער זיך תמיד, — „זאָל מיך גאָט ניט שטראָפן פאַר די רייד, מען קאָן דאָך עס אין מויל ניט נעמען. ווען מיינע, עליה השלום, האָט געלעבט, האָט זי אָפּגעבאַקן בולקאַלאַך אויף אַ גאַנצע וואָך... איז עס טאַקע געווען טעם גן עדן... נו, מילא, נו, איך זינדיק ניט״ — פאַרכאַפּט ער זיך. ער גייט צום פענצטער, פאַרוקט דעם ראָלעט, פאַר־זשמורעט די אויגן צו דער זון ווי מיט אַן איינלאַדונג — זי זאָל אַריינקוקן צו אים אין צימער, קומט זי טאַקע אַריין, די ליבע זון. אירע שטראַלן צעטאַנצן זיך אויף זיין טיש אָט מיטן טאַבאַק און אָט דרייט זיך אַ שטראַל איבערן סידור.

שמחה בער פאָלגט נאָך מיט זיין בליק די שפּילעוודיקע שטראַלן און אַזוי פרייט ער זיך מיט יעדן טאָג זיינעם, מיט יעדער נאַטירלעכער דערשיינונג, ווי אַ קינד מיט ניי־געבראַכטע שפּילעכלעך...

אָבער נאָך די לעצטע יום טובים איז שמחה בער געבליבן עפּעס מיט אַ שווער האַרץ, אומעטיק און אומרואיק...

— וואָס איז, טאַטע, פילסט עפּעס ניט מיט אַלעמען״? — פרעגט אים זיין טאָכטער.

— נו, כ׳מיין ס׳איז גאָרניט?

— אָבער וואָס איז פאָרט מיט דיר, טאַטע?

ווייל שמחה בער ניט דערציילן זיין טאָכטער וואָס עס דריקט אים, זי האָט זיך אירע אייגענע צרות, זי פילט נעבאך ניט גוט. שרה'לע, ס'ברעכט איר, ס'שטעכט איר, איז וואָס וועט ער איר גיין דאקוטשן מיט נייע זאָרגן ?...

דערפאַר אַז עס קומט צו אים זיין לאַנדסמאַן איטשע, איז ער זיך פּשוט מחיה... איטשע קומט גאַנץ אָפט זען שמחה בער'ן. ערשטנס, ווייל ס'איז אים נאָנט. צווייטנס, ווייל איטשע וואוינט אויך ביי קינדער, ס'הייסט ביים זון. און טאַקע צוליב דעם האָט איטשע שטענדיק אַ פול האַרץ, ווייל אַ שנור, זאָגט ער, איז ניט קיין טאָכטער.

אויף מאָרגן נאָך יום כפור, אַז איטשע איז אַריינגעקומען צו שמחה בער'ן, האָט זיך יענער אַזוי דערפרייט מיט אים, אַז ער וואָלט אים ממש געקאָנט קושן פאַר פרייד..

— זעצט זיך, זעצט זיך, איר זיינט היינט אַ מלאך פון הימל אַליין, אָט וועלן מיר ביידע טרינקען אַ גלעזל טיי און מען וועט זיך אַביסל אַראָפּריידן...

„אַראָפּריידן" — טראַכט זיך איטשע — „שמחה בער האָט, דוכט זיך, קיינמאָל זיך ניט באַקלאָגט. די טאָכטער זיינע היט אָפּ דעם כיבוד אָב מיט גרויס אָפּשוי. איז וואָס זשע קען אים דריקן"...

איז איטשע געזעסן איבער דעם גלעזל טיי, געשמאַקעט דאָס האַרטע שטיקל צוקער און שמחה בער האָט גענומען דערציילן:

— איר הערט, איטשע, דאָ אַנומעלטן גיב איך אַ קוק אין „פייפער". כ'זע מען זוכט מיך, ס'הייסט ניט מיך אַליין. ס'איז אַזאַ מעשה: — רוקט ער שוין אָפּ דאָס האַלב אויסגעטרונקענע גלאָז טיי און דערציילט ווייטער:

— פון מיין משפּחה האָט זיך געראַטעוועט מיין שוועסטערס אַ זון. יאָשקע הייסט ער, ער איז אַ קצב און געפינט זיך איצט אין איטאַליע, האָט ער אַריינגעגעבן אין „פייפער", אַז ער זוכט קרובים אין אַמעריקע, און מען זאָל אים העלפן קומען צו זיי"...

— איז די זאַך אַזוי. צווישן אונז גערעדט, האָב איך, ברוך השם, אַ פּאָר טאָלער; קיין מיליאָנער בין איך ניט, נאָר וואָס דען, צוואַנציק יאָר באַ דעם פּושקאַרט האָט זיך אָנגעקליבן אַביסל מזומן. איז דאָך ניט שייך, אַז איך וואָלט יאָשקען אַריבערגענומען אָדער עפּעס געטאָן פאַר אים. איז דאָך אָבער די מעשה, וואָס יאָשקע איז

אַ מענטש, וואָס האָט שטענדיק ליב צו טאָן אַלץ וואָס מען טאָר ניט. וואָלט ער ניט געבליבן דער איינציקער זכר פון מיין שוועסטערס משפחה, וואָלט איך אפילו ניט געטראַכט פון אים. זיינען זיי אָבער אַלע אומגעקומען פון היטלערס האַנט, ימח שמו. און ער דווקא, יאָשקע, איז געבליבן לעבן. יאָשקע, פאַרשטייט איר מיך, האָט זיך נאָך אינגלווייז, פאַר מיין זיין דאַרטן, שטענדיק געדרייט מיט דער פוילישער פּאָליציי, שטענדיק געווען אַ שמעלקע מיט נאַטשאַלסטווע און קיין גאָט אין האַרצן קיינמאָל ניט געהאַט. הלמאי זאָל איך זאָגן, איר ווייסט דאָך, איטשע, אַז אין מיין משפּחה זיינען קיין מוסרים ניטאָ. און יאָשקע האָט מיר קיין גרויס כבוד ניט פאַרשאַפט.

איטשע איז געזעסן מיט דער גלאָז איןביידע הענט, געהאַלטן דאָס מויל אָפן און פון גרויס נייגעריגקייט אַלעמאָל אונטערגעיאָגט, „נו, נו, שמחה בער, איז וואָס זשע, נו?...

„נו, האָט דער יאָשקעלע מיר אַמאָל אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט, אַז איך קאָן נאָך עד היום ניט פאַרגעסן. איר ווייסט דאָס ניט, איטשע, ווייל איר זיינט שוין דאַן געווען אין אַמעריקע. דאָס איז נאָך אַ מעשה פון דער ערשטער וועלט מלחמה.

„דער דייטש האָט דאַן די פאַרלאָזטע פעלדער פון די פּויערים צעטיילט צווישן דער באַפעלקערונג און געהייסן זייען, וועט זיין וואָס צו עסן. די בעסטע פעלדער מיט דער שוואַרצער גוטער ערד האָט דער דייטש גענומען פאַר זיך, איינגעשטעלט צוואַנג־אַרבעט דאָס צו באַאַרבעטן און דערנאָך די שפּע אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד.

„די אידן האָבן זיך גענומען באַאַרבעטן זייערע שטיקלעך פאַר־לאָזענע ערד. קיין אַנדער וועג זיך צו מפרנס זיין איז ניט געווען, האָט מען געזייט קאַרטאָפל, בוריקעס, רעטאַך און אַנדערע גרינסן. מיט קיין קאָרן האָט זיך דער איד ניט אָפּגעגעבן, ווייל אויף דעם האָט מען שוין געדאַרפט האָבן מער דערפאַרונג, איז די הויפּט זייעכץ געווען קאַרטאָפל.

„האָב איך, ווי אַלע אידן אין שטעטל, געצויגן דאָס שטיקל חיונה פון דער ערד. שווער געהאָרעוועט אויפן פעלד און ענדלעך, נאָך אַ זומער שווערער מי, אַז עס איז געקומען צו ברענגען פון פעלד אין שטוב אַריין, איז געווען אַ פרישע זאָרג.

— מילאַ, אויסגראָבן די קאַרטאָפל פלעג איך שוין מיט שרה'לען,

און אביסל פּלעגט זי, ע"ה, ווי עס איז אויסקאָפּן, אַרויסנעמען פון דער ערד, אָבער דערנאָך ערשט, ווען עס איז שוין געשטאַנען אין פאַר־בונדענע זעקלעך אהיימצונעמען, איז געווען א סדרה פון לויפן זוכן א פור, וואָס זאָל עס אהיימברענגען. מיין שוועסטערס זון, יאָשקע, האָט דאַן פאַרמאָגט אַן אייגענעם פערד־און־וואָגן. און זייער פעלד איז ניט געווען ווייט פון מיינעם. האָב איך אָפּגעמאַכט מיט יאָשקען, אַז ווען ער וועט אהיימפאָרן, זאָל ער אויך מיינע פּאָר זעקלעך קאַר־טאָפל נעמען אויף זיין וואָגן.

„אוואַדע, פעטער, אוואַדע", האָט מיר יאָשקע פאַרזיכערט. נו, האָב איך אוועקגעשיקט דאָס ווייב מיט דער טאָכטער אהיים, און אַליין זיך אוועקגעזעצט וואַרטן...

וואַרט צו, איטשע, אייער טיי איז דאָך שוין אינגאַנצן קאַלט געוואָרן. אָט וועל איך דערגיסן הייסע טיי. זיצט, איטשע, איך בעט אייך, אָט אָ, ס'עט נעמען א מינוט...

ווען שמחה בער איז אריינגעקומען מיטן הייסן טשייניק וואַסער, האָט ער נאָך אַמאָל אָנגעהויבן:

„אי איטשע, איטשע, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? אי איז דאָס א יאָשקעלע געווען —

שמחה בער זופּט די קאָכיקע טיי, קרעכצט אונטער ביי יעדן זופּ, זיינע קליינע בלויע אויגן זיינען ערגעץ ווייט, ווייט, אויף די פעלדער פון זיין היימלאַנד, און ער זיצט נאָך דאָרט אַליין אין פעלד, אָנגעשפּאַרט אויף די זעקלעך קאַרטאָפל. ער זיצט און קוקט אויף די פלאַמען, וואָס די פאַרגאַנגענע זון האָט איבערגעלאָזט. אויף די ברייטע פלאַכע פעלדער וואָס ציען זיך אַזוי ענדלאָז. דער הימל אַזאַ לויטערער, טונקט זיך אַלץ מער אין נאַכטיקער בלויקייט און עס ווערט אַלץ טונקעלער. א ראָזעווער פלאַם איז געבליבן אויפן אוונט־דיקן הימל. א קילער ווינטל האָט גענומען בלאָזן. שוין מנחה אָפּגעדאַוונט פון לאַנג, ער האַלט נאָך איין דעם מעריב, ווייל ס'דאַכט זיך אים, אַז אָט קומט יאָשקע און ער וועט דאַרפן מפסיק זיין, קוקט ער דערווייל איבער די זעקלעך, באַטאַפּט זיי, צי זיי זיינען גוט צוגעבונדן. ערשט ער דערהערט דעם פרייליכן קלאַנג פון לויפנדיקע רעדער, דאָס טופּען פון א שפּאַנענדיקן פערד און יאָשקע'ס „וויאָ" צעקלינגט זיך איבער די ליידיקע פעלדער און פאַרקייקלט זיך אַזוי

ווייט, אַז ערשט שפּעטער קומט עס צוריק צו זיינע אויערן ווי פון ווייטע מקומות...

שמחה בער לויפט אים אַנטקעגן און מאַכט מיט די הענט.

„יאַשקע, אַהער, אָט בין איך"...

אָבער יאַשקע דערנענטערט זיך, גיט אַ זייטיקן בליק אויף שמחה בער'ן מיט די אויסגעשטרעקטע הענט, גיט אַ זאָג אין דער לופטן: „שטאָ קיין צייט, פּעטער". גיט אַ כוואַשטש מיט דער בייטש און פאָרט אים פאַרביי און עס בלייבט דער קלאַנג פון דער בייטש אויף דער טונקלקייט פון דער נאַכט און די אויסגעשטרעקטע הענט פאַלן אַראָפּ פאַרשעמטע...

שמחה בער איז דעמאָלט די גאַנצע נאַכט אָפּגעזעסן אין פעלד און געהיט די פּאָר זעקלעך קאַרטאָפל...

אָט דאָס ביסל זכרונות איז איבערגעלאָפן אין זיין מוח בעת ער האָט געזופּט זיין טיי און געזוכט ווי געגויער דאָס איבערגעבן איטשען, זיין לאַנדסמאַן.

שמחה בער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, ווי פון אַ חלום, אָפּגעווישט זיין פאַרשוויצטן שטערן און געזאָגט: „איז אַזוי, איר פאַרשטייט, איטשע, גלויבט מיר"...

איטשע אָבער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— איז וואָס זשע, שמחה בער, איז אייער פּלימעניק טאַקע דעמאָלט ניט געקומען נאָך אייך?...

— נו, יאָ, אַוואַדע ניט געקומען, אָבער גלויבט מיר, איטשע, איך וואָלט עס אים מוחל געווען, מען דאַרף מוחל זיין אַלטע חטאים, נאָך אַלעמען איז ער דאָך דאַן געווען אַ בחורל פון אַ יאָר אַכצן-ניינצן. אָבער די גרוסן וואָס איך האָב אָפּגענומען איצט, פון די פּאָר געראַטעוועטע לאַנדסלייט, אַז אינגאַנצן כשר איז ער איצט אויך ניט... בעת די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען דאָס שטעטל, איז יאַשקע געגאַנגען קעגן זיי. געהאַנדלט און געשמוגלט ווען מען האָט ניט געטאָרט. פאַרקויפט טריפה פלייש פאַר כשר'ע און געשונדן די הויט בא די מענטשן. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

שמחה בער האָט זיך אָפּגעשטעלט, טיף אָפּגעזיפצט און מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אַרויסגעזאָגט:

„יאָ, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען, האָט ער זיך גלייך גע-

שטעלט אין זייער דינסט, אַנגעוויזן וואו עמיצער האָט עפּעס באַהאַלטן. אַז די רשעים האָבן אים גוט אויסגענוצט, האָבן זיי שוין גאָר ניט געליינט קיין כבוד אויף דער משפחה זיינער, נאָר זיי טאַקע אַרויסגע־פירט צוזאַמען מיט אַלע אידן צו דער שחיטה. און יאַשקע האָט איבערגעלאָזט ווייב און קינדער, אַן אַלטע מאַמע, שוועסטער און ברידער, און איז נעלם געוואָרן...

„אָט דאָס איז דער גרוס, וואָס איך האָב אָפּגענומען. איז וואָס טוט מען האַ, איטשע? — זיך מאַכן ניט ווויסנדיק? איז אפשר פּאָרט געווען גאָטס ווילן דערביי, אַז ער זאָל בלייבן לעבן? אפשר האָט דער רבונו של עולם זיינע חשבונות. ער וויל משפּט'ן דעם רשע אויף דער וועלט?... אפשר וויל ער אין אים אויפוועקן זיין לאַנג פאַרשלאָפענעם געוויסן און מאַכן עס זאָל אים מאַטערן?...

איטשע איז געזעסן, זיך געצופּט דאָס שפּיציק גרויע בערדל, ווי ער וואָלט אין די גרויע האָר אויף זיין פּנים געזוכט דעם ריכטיקן ענטפער פאַר שמחה בער'ן...

— כ'ווייס ניט, כ'ווייס ניט, האָט איטשע ענדלעך שטאַמלדיק אַרויסגעזאָגט. ס'איז שווער צו געבן אַן עצה, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ אידן, וועמענס הענט עס זיינען ניט ריין פון בלוט"...

„אַ איד, וואָס האָט אַ שייכות צו דער פאַר'יתום'טקייט פון זיין פאָלק, איז קיין איד ניט! — האָט שמחה בער אַרויסגעזאָגט, און מיט אַ מאָדנער אומרואיקייט גענומען דרייען אַ ברעג פון זיין ארבע כנפות; דאָס גאַנצע בלוט איז אים געקומען אין פּנים און דאָס האַרץ האָט אים גענומען קלאַפּן שטאַרקער, האַסטיקער.

דערנאָך האָבן זיך גענומען רייסן נאָך ווערטער פון זיין מויל, ווערטער וואָס זיינען געקומען צו אים עפּעס ווי פון די הימלישע הויכקייטן, פון דעם טיפן גלויבן אין זיין גאָט און פאַרטראַכטערהייט מיט אַ געוויסער פעסטקייט אין טאָן אַרויסגעזאָגט:

„אַזוי איז מסתמא זיין ווילן. דער רבונו של עולם האָט אים געלאָזט לעבן, כדי ער זאָל זיין נע ונד. קין'ס שטראָף האָט ער געקראָגן און איך וויל זיך ניט מישן אין די וועגן פון השם יתברך, ווייל עס שטייט דאָך געשריבן, „כי יודע ה' דרך צדיקים ודרך רשעים תאבד".

— אָבער, שמחה בער, טאָמער, חלילה, זיינט איר ניט גערעכט,

און אייער וועג פון טראַכטן איז ניט דער אמת'ער? כ'מיין, אפשר איז אייער פּלימעניק געווען געצוואונגען צו טאָן די רשעות פון וועל-כער איר רעדט?...

שמחה בער'ן האָבן איטשעס ווערטער זייער דערשלאָגן, זיינע רעיונות האָבן זיך גענומען זינקען אין יאוש. שאלות, ווי שוואַרצע כמאַרעס, זענען אויפגעגאַנגען אין זיין מוח און זיך געשלאָגן איינע מיט די אַנדערע. ביסלעכווייז האָט זיך אַלץ העלער אויסגעשיילט אַ געדאַנק:

„צי יאָשקע האָט אַ בכיוון'דיקע שייכות צו די בלוטיקע מעשים בין איך ניט זיכער. און דערפאַר טראַכט איך צו מנדב זיין די פולע סומע פון אַ שיפס־קאַרטע צו אַ בית יתומים אין ישראל. זאָלן די קינדערלעך, וואָס זיינען פאַר'יתום'ט געוואָרן דורך די הענט פון די רוצחים, וואַקסן געזונטע, ערלעכע אידן... און יאָשקען זאָל דערפאַר געלינדערט ווערן זיינע גרויסע זינד, זאָלן זיינע הענט געריייניקט ווערן און חרטה זאָל קומען אין זיין האַרץ...

שמחה בער האָט אָפּגעזיפצט און געפילט דערלייכטערט. ער האָט מיט אַ געלייטערטן שמייכל אָנגעקוקט זיין לאַנדסמאַן און אים געפרעגט:

— אפשר נאָך אַ גלאָז טיי, איטשע?...

אָבער איטשע האָט זיך שוין געאײַלט אַהיים.

און שמחה בער האָט זיך ערשט פאַרטיפט אין אַ ספר, גע־נישטערט אין די רייד פון די חכמים, צו באַשטעטיקן זיין באַשלוס...



# שותפים

ווען ווילי איז אָנגעקומען אין שאַפּ, האָט ער דאָרט שוין געטראָפן עטל'ען.

זי איז געזעסן איבערגעבויגן איבער איר מאַשין. דאָס פּנים האָט ער ריכטיק ניט געזען. איר קאָפּ איז געווען אַראָפּגעלאָזן. די אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דעם שטאָך פון מאַשין. איר איבערגעבויגענער האַלבער קערפּער, אין אַ בלוי־געקעסטלטן זומער־קליידל, האָט זיך פון צייט צו צייט אַ דריי געטאָן רעכטס, צו דעם שרייפּעלע אַף צו רעגולירן דעם שטאָך...

ווילי האָט גראָד געוואָלט, אַז זי זאָל זיך אַמאָל אַ דריי טאָן אַהער־צו אויך, צו זיין זייט, ער וויל זי קודם-כל אָנקוקן, זען צי איז זי אַ פריינטלעכע... אפשר וועט זי אים אַמאָל אַרויסהעלפן, מיט אַ וואָרט וואָרענען, אָדער אפשר אַמאָל צו-ווייזן?...

ביי איר גייט עס ווי געשמירט. ווי זי גיט זיך עס אַ דריי אויס, אַ ניי אויס אַ ווינקל, און ווי זי שיסט עס אריין אַ „זיפּער", וואַרפּט ווילי פאַר'גנב'עטערהייט בליקן צו דער מאַשין אין זיין רעכטער האַנט, צו דער שכנה אין בלוי־געקעסטלטן זומער־קליידל.

ווילי גיט אַמאָל אַ דריי אויס דעם קאָפּ לינקס, זיין בליק בלייבט דאַן הענגען אויף אַ שמוציקער וואַנט, אָט אויף אַלע „פּעטערנס", אָנגעהאנגען איינע אויף די אַנדערע און באַצויגן מיט שפּין־וועבס, אָט אויף אַן אַלטן קאַלענדאַר פאַרפּאַטשקעט פון פליגן, אָדער גאָר אויף דער וואָרנונג פון פייער-דעפּאַרטמענט...

ס'איז אים אומעטיק צו קוקן אויף אַזאַ וואַנט. זיין מאַשין איז די סאַמע לעצטע.

אמת, טיף אין האַרצן איז ווילי צופרידן וואָס זיין מאַשין איז אין ווינקל. עס גיט אים אַ שטיקל געפיל פון אינטימקייט. זיינע הענט ציטערן אים נאָך, און ער וויל ניט מען זאָל אים נאָכקוקן ווי ער אַרבעט. אָבער ער מוז פאָרט כאַפּן אַ קוק צו אַ שכנה'שער מאַשין, זען ווי יענע מאַכן עס.

אַנטקעגן אים זיצט אַ מאַן, וואָס האַלט דעם קאָפּ אָן אַ זייט און רעדט צו זיך אַליין. אַ פּאָר מאָל האָט ווילי געמיינט, אַז דאָס

רעדט יענער צו אים, האָט ער אים איבערגעפּרעגט, אָבער יענער האָט אַרונטערגענומען די ברילן, אים אָנגעקוקט פרעמד און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „ניין". — „ניט צו אים האָט ער גערעדט, אַז ער האָט בכלל פיינט צו רעדן אין שאָפּ"...

ווילי איז ניט לאַנג אין דעם קליידער-פּאַק. פריער האָט ער געשטעפּט דאַמען-היט. זיינען די דאַזיקע היט אינגאַנצן אַרויס פון דער מאָדע, און ווילי איז געוואָרן אויס קאַפּעליוש-מאַכער... האָט מען אים געראָטן אַריינגיין אין דעם קליידער פּאַק. „פרויען וועלן אַלעמאָל טראָגן קליידער, און עמיצער וועט זיי דאַרפן נייען", און בפרט נאָך, אַז עס האָט זיך געפונען עמיצער, וואָס זאָל אים לערנען, איז ער געוועזן צופרידן און איז אַריין אין אַ שאָפּ וואו מען מאַכט ביליגע קליידער. „דאָרטן", — האָט מען אים געזאָגט, — „קענען אַלע אַרבעטן"...

אַז ער האָט דאָרט אָפּגעאַרבעט אַ יאָר צייט און ער האָט געזען, אַז ער איז שוין ניש'קשה פון אַ באַלמעלאָכע, האָט ער זיך געלאָזט איינרעדן אַרויפצוגיין אַרבעטן צו בעסערער אַרבעט — אַ „12.75 לאַין". מען דאַרף דערביי ניט יאָגן אַזוי די כוחות און מען פאַרדינט טאַקע בעסער אויך.

אמת, די נאַכט איידער ער איז אַרויף אין דעם נייעם שאָפּ, האָט ער ניט „צוגעמאַכט קיין אויג". פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן אים געמוטשעט: „ווי קען ער אַריינגיין אויף אַזא „לאַין"? און וואָס וועט זיין, אַז מען וועט אים דאָרט געבן צו מאַכן „באָטן האָלם"?... דאָס ניט קענען אויסנייען קיין קנאָפּלעכער האָט אים שוין ניט איין מאָל פאַרפאָלגט. ער האָט שוין אפילו פּרובירט פּראַקטיצירן אין דער היים און עס איז אים ניט געגאַנגען. אַלץ הייסט ניט געגאַנגען! ערשט מיט אַ וואָך צוריק זאָגט ער צו דער ווייב זיינער:

— בעסי, איכ'ל דיר אויפנייען אַ „סוטל".

— וואָס עפּעס אַ „סוטל"? וועסט דען קענען? מאַך בעסער דעם קינד אַ קליידל.

— דעם קינד אַ קליידל קאָן וואַרטן. איך וויל זען צי איך וועל קענען אויפנייען אַ בעסער שטיקל אַרבעט, טאַקע מיט קנעפּלעך און האַנט-אויסגענייטע קנאָפּ-לעכער. וועסט דאָך מיר ניט „ציילן די שטעך", האַ, בעסי?...

ס'האָט ניט לאַנג גענומען און ווילי האָט אָנגעהויבן מייסטרעווען א סוט פאַר דער ווייב... עס האָט זיך אָנגעהויבן א סדרה פון צושניידן און סטריגעווען און צופּאַסן...

איז ווילי געשטאַנען אויף די קני פאַר זיין ווייב און איר געפּאַסט, און זי, זיין בעסי, האָט זיך געוואָרפן פון אומגעדולדיקייט:

— זע נאָר, וואָס איז דאָס טראַכטעניש? א מענטש, וואָס אַרבעט ביי דרעסעס, זאָל אַזוי שטיין און דוכענען איבער א שטיקל סוטל! ווער הייסט דיך אַזויפיל טראַכטן? פאַרגעס אַז דאָס שטיקל וואַרע איז א בעסערס. מאַך עס ווי די ביליגע אין שאַפּ.

— אָבער אין שאַפּ גיט מען עס דאָך מיר פאַרטיקע, צוגע־שניטענע, און איך דאַרף עס ניט פּאַסן אויף אַ פיגור, וואָס איז ווי דריי פיגורן...

— אהאַ! ס'געפעלט דיר ניט מיין פיגור? — האָט בעסי אָנגעהויבן שוין אויף די העכערע אָקטאַוועס, — קענסט זיך העלפן!

— איך האָב גאָרניט געמיינט, — פאַרענטפערט זיך ווילי. ס'איז מיר נאָר שווער, ווייל אין דער טאַליע ביסטו 18, אין די היפטן 20, און אין די אַקסלען — 16... און דערצו נאָך ליגן מיר אויפן קאָפּ די „באָטן־האָלס"...

האָט מען זיך אָפּגעקריגט אַ גאַנצן אָוונט און באַשלאָסן, די קנאָפּ־לעכער וועט מען אַרויסגעבן צו מאַכן.

אויף זיין אַרבעטס־געמיט איז דאָס אָבער געבליבן ווי א שוואַרצער שטעמפּל... די נאַכט איידער ער איז אַרויף אין דעם איצטיקן שאַפּ, האָט אים אָט־די שווערקייט זיינע, פון ניט קענען אויסנייען קיין קנאָפּ־לעכער, שטאַרק געמאַטערט. ער האָט זיך געפּרואווט טרייסטן מיט דעם, אַז מען מאַכט דאָרטן גאָרניט קיין סוטס, אָדער ספּאָרט־קליידער, וואָס פּאָדערט אַזאַ אַרבעט. ער האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און קוים, קוים אַרויפגעצוואונגען אויף זיך א שלאָף.

און פרויען פאַרשיידענע, בלאָנדע און ברונעטע, האָבן זיך גענומען דרייען פאַר זיינע אויגן, און אַלע האָבן זיי געטראָגן סוטס מיט קנעפּ, אָדער קליידער מיט קנעפּ, שוואַרצע קליידער מיט זילבערנע קנעפּ, גרויע קליידער מיט רויטע קנעפּ, גרינע קליידער מיט גאָלדענע קנעפּ... אַלע — פאַרשפּיליעט אויף האַנט־געמאַכטע קנאָפּ־לעכער...

און פון אַלע פרויען, אין די קאָלירטע קליידער, קומט גאָר ארויס סאָניע אין אַ גרינעם קלייד מיט גאָלדענע קנעפּ...

סאָניע — דאָס מיידל פון זיין יוגנט. ביידע זיינען זיי געגאַנגען אין גימנאַזיע, געפלירטעוועט אויף פראַנצויזיש. און ווען ביי אים פלעגט זיך פאַרהאַקן דער פראַנצויזיש, פלעגט זי דאַן אַזוי מאָדנע מיידליש לאַכן פון אים... און ער פלעגט איר זאָגן, אַז אויף לאַטייניש וועט ער עס בעסער מאַכן: „אויף לאַטייניש שרייבט מען רעצעפּטן", פלעגט זי זאָגן אויף איר קלינגענדיקן רוסיש...

— נו, יאָ טאַקע רעצעפּטן. ער וועט דאָך זיין אַ דאָקטאָר. ער מוז ווערן אַ דאָקטאָר.

איצט אָבער זעט סאָניע אויס אַנדערש. ניט אין דער גימנאַזיסטישער פאָרמע, נאָר אין אַ גרינעם קלייד מיט גאָלדענע קנעפּ. זי דאַרף עס דווקא נאָכגיין די מאָדע און טאָן אים צו-להכעיס? אָ, ווי זי שטייט עס און רייצט זיך מיט אים!...

„וואָלאָדיע, איר קענט ניט מאַכן קיין קנאָפּ-לעכער אויף פראַנצויזיש? נו, און אויף לאַטייניש קענט איר זיי דען יאָ מאַכן?

— און רעצעפּטן אויף וואָס פאַרא שפּראַך שרייבט איר, וואָלאָדיע?

און זי לאַכט און לאַכט, און אים ערגערט איר געלעכטער. עפּעס אַזוי זינגעריש איז זי איצט, ווי זי שטשירעט עס אירע ציין — צוויי ווייסע שורות ציין! און אָט ווערן גאָר אירע ווייסע ציין אויך פאַרוואַנדלט אין קנעפּלעך, און זי חוזקט:

„אויף לאַטייניש, צי פראַנצויזיש — קנעפּלעך זיינען קנעפּלעך".

און ווען זי האָט דאָס געזאָגט, איז זי שוין ניט געווען סאָניע אינעם גרינעם קלייד, און ניט אין דער גימנאַזיסטישער פאָרמע, נאָר גאָר זיין ווייב בעסי. זי האָט אויך געלאַכט און געשריען אויף אים: „הער שוין אויף צו דוכענען איבערן סוטל...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ מידער, אַן אָפּגעגאָסענער פון שווייס, אַן אויסגעמאַטערטער פון דעם צעדרייטן חלום זיינעם, און מיט אָט דעם געמיט איז ער אַריינגעגאַנגען אין נייעם שאַפּ.

ער האָט פאַנאַנדערגענומען דאָס באַנדל ארבעט און באַקוקט דעם „סעמפּל". דאָס מוסטער־קלייד איז געווען גאַנץ פּשוט. קיין קאָמפּליצירטע ארבעט איז דאָס ניט געווען, האָט ער פרייער אָפּגע-

אָטעמט. ער האָט איינגעפּעדימט די מאַשין, זי אַרומגעווישט, און אָנגעהויבן אַרבעטן.

נאָך עטלעכע טעג פון מאַשין־גערויש, האָט זיך זיין מאַשין דאָך אַריינגעוועבט אין דעם געיעג פון די אַרומיקע מאַשינען און עס איז אים לייכטער געוואָרן. „עטל”, — האָט עמיצער מיטאַמאָל אַ רוף געטאָן, און די שכנה אינעם געקעסטלטן קלײדל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אַרומגעקוקט.

— „עטל”, כ׳מיין ניט דיך. כ׳מיין דעם נייעם מאַן, וואָס זיצט לעבן דיר. כ׳ווייס ניט זיין נאָמען...

עטל האָט אים אָנגעקוקט, ער איז שוין האַלב געשטאַנען אויפן בענקל. די אויגן אויסגעגלאָצט אַביסל צעשראָקן.

„אַהאַ! מסתמא טויג ניט די אַרבעט”, — האָט שנעל דורכגעבליצט אַ געדאַנק.

— וואָס איז אייער נאָמען? — האָט זי אים געפרעגט.

ער האָט איר געזאָגט, און זי האָט מיט אַ שמייכל איבערגעפרעגט:

„אַזוי, ווילי? גוט צו וויסן. מען איז דאָך שכנים...

— איך האָף, אַז מיר וועלן זיין גוטע שכנים, — האָט ער זיך ווי אין עפּעס אָנגעכאַפּט און איז צוגעגאַנגען צום פאָרמאַן.

אויף צוריק צו דער מאַשין איז ער שוין געגאַנגען ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס. זיין בלייך פּנים איז געווען ווי אָפּגעגאָסן מיט אָקריפּ, און די אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט פון נערוועזקייט. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גאַנצן באַנדל מיט אויפגענייטע קליידער... ער דאַרף זיי אַלע איבערנייען: די נעט — צופיל איינגענומען... און מען דאַרף זיי נאָך היינט אַרויסשיקן — מוז ער זיך שוין אַוועקזעצן צו דער אַרבעט...

—נו וואָס, ווילי, — האָט עטל אָנגעקוקט איר שכן מיט אַ שמייכל — איר האָט געאַרבעט צו שנעל?

ווילי האָט מיט אַ געמאַכטן שמייכל געענטפערט:

— יאָ, — ווייזט אויס אַזוי!

דערנאָך האָט עטל צוגענומען עטלעכע קליידלעך פון אים און זיך גענומען אים אַרויסהעלפן.

ווילי האָט אַביסל פּראָטעסטירט, מ׳כלומרשט גענומען בעטן:

— וואָס הייסט?... מען דאַרף ניט!... זי וועט פּטר'ן צופיל צייט אויף אים.

עטל איז אָבער באַשטאַנען אויף אירס. אירע הענט האָבן מיט פיל גענויקייט גענומען אַרויסציען די פעדים פון די פריש-גענייטע שטעך. אַ קוק אַהער, אַ קוק אַהין, אויף דער זייט, אויף יענער און אַרויסגעצויגן דעם פּאָדים...

און בעת אירע הענט האָבן זיך שנעל באַוועגט, האָט זי אים אַ פרעג געטאָן:

— ביי וואָס פאַר אַ „לאַין" האָט איר פריער געאַרבעט?

ער האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס זי איז אויסן, און ער האָט איר גענומען דערציילן די גאַנצע דאָליע זיינע. ווי ער האָט יאָרן געאַרבעט ביי דאַמען-היט און דערנאָך אַריבער צו קליידער, ביליגערע ווי די. אַז דאָס איז זיין ערשטער דזשאָב ביי בעסערע קליידער און עס שרעקט זיך אים טאַקע דאָס האַרץ: ער האָט מורא, אַז ער וועט דאָס ניט קענען מאַכן...

ער האָט איר אפילו דערציילט וועגן זיין קומען קיין אַמעריקע, וועגן זיינע חלומות צו שטודירן מעדיצין, און ווי אַזוי זיי זיינען צערונען געוואָרן. זיין ברודער, אַ אינגערער פון אים, איז געבליבן אין רוסלאַנד און האָט יאָ דערגרייכט זיין ציל, אָבער ער, דאָ, קען אפילו קיין לייטיש קליידל ניט מאַכן...

מיטאַמאָל איז אים געקומען אויפן געדאַנק דער חלום מיט די קנעפּ און קנאָפּ-לעכער, און ער האָט זיך עפּעס ווי דערשראָקן פאַר זיך אַליין, וואָס ער האָט פאַר אַ ווילד-פרעמדן מענטשן אַזוי צעעפנט זיין האַרץ.

עטל האָט אים שוין אָבער ניט אָפּגעלאָזט, פון צייט צו צייט געפרעגט אַ פראַגע. זי האָט אים אָנגעקוקט פון דער זייט, שטודירט זיינע שטריכן: אַזאַ מאָדנע איידלקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים; זיין קאָפּ געדיכטע ברוינע האָר — דורכגעפעדימט מיט גרוי.

„ס'וואָלט אים טאַקע בעסער געפּאַסט צו זיין אַ דאָקטאָר" — האָט זי ביי זיך געטראַכט.

דערנאָך האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— איר ווייסט, ווילי, אַז איר וועט זיך אַביסל איינאַרבעטן,

וועלן מיר אפשר גאָר אַ טראַכט־טאָן צו אַרבעטן בשותפות. איר וועט נייען די פּשוט׳ע זאַכן, און איך וועל מאַכן די קאָמפּליצירטערע אַרבעט, די דינע קענטעלעך, קנאָפּ־לעכער...

ווילי האָט זי אָנגעקוקט מיט דערשטוינונג, געוואָלט האָט ער איר זאָגן, אַז זי איז געקומען ווי אַ מלאך פון הימל. ער האָט געפּילט ווי צופאַלן צו איר און זי קושן, זי, דעם גוטן מלאך, די אויסלייזערין פון אַלע זיינע צרות און דאגות און וויסטע חלומות... זי איז גאָר גרייט צו טיילן זיך מיט אים די זאָרג זיינע!

ער האָט אָבער באַלד קאָנטראָלירט זיינע עמאָציעס, באַטראַכט ביידע רייען מאַשינען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען מיט זייער זשום; די איינגעבויגענע רוקנס פון די מענער און פרויען; די דרייענדיקע קאָלירטע שפּולן פאָדים — אַלץ האָבן די אויגן אַריינגענומען, אַלץ האָט זיך אַריינגעוועבט אין זיין געדאַנק, און די ליפּן האָבן בלויז אַרויסגערעדט:

אַ דאַנק, עטל, אַ דאַנק!

אין אָוונט האָט ער מיט באַגייסטערונג דערציילט וואָס פאַרא וואונדערבאַרער מענטש די שכנה זיינע איז, ווי זי איז גרייט אים צו העלפן, און אַז עס קאָן גאָר זיין, אַז זיי זאָלן אין גיכן אָנהויבן אַרבעטן בשותפות...

בעסי איז געשטאַנען, זיך געדרויטלט פון איינגעהאַלטענעם כעס, און דערנאָך אַרויסגעפּלאַצט:

— זי איז עפּעס אַ שיינע, די שכנה דיינע?

ווילי האָט זי מאָדנע אָנגעקוקט. איר פּנים איז געווען פאַר־פלאַמט. אין די אויגן האָט געגלאַנצט אַ קעציש פייערל...

ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז כאָטש פאַנאַנדערקלייבן זיך אין עטלס שיינקייט האָט ער נאָך ביז איצט נישט באַוויזן, וואָלט ער — ווען עמיצער אַנדערש וואָלט אים געפרעגט די פראַגע — גאָר נישט לאַנג געקלערט און געענטפערט: „זייער אַ שיינע”...

— פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? — איז בעסי צוגעשטאַנען.

— זי איז אַ וואוילער מענטש, — האָט ווילי געענטפערט. — וועגן איר שיינקייט ווייס איך ניט.

— זי איז נאָך אַ מיידל? — האָט זיין ווייב איראָניזירט, —

ווי אַלט איז זי? איז זי אַ בלאָנדע, צי אַ ברונעטע? אַ רוסישע צי אַ פּוילישע?

מיטאַמאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— הער זיך איין, ווילי, אַז מען אַרבעט בשותּפות, לערנט מען זיך קיינמאָל ניט אויס דעם פֿאַך. און, אגב, האָב איך באַשלאָסן צו רעדן מיט מיין ברודער, ער זאָל דיר אַרויפֿנעמען צו אים אין שאַפּ.

אין די קומענדיקע טעג האָט ווילי געהאַלטן אין איין קוקן אויף עטל'ען און זיך אַליין גענומען ענטפֿערן אויף די פֿראַגעס, וועלכע זיין ווייב האָט אים געשטעלט.

— „יאָ, זי איז זייער אַ שיינע... ברוינע, וואַרעמע אויגן... העלע האָר; געמוזט זיין בלאָנד, ווען זי איז אינגער געווען... מסתּמא איז זי נאָך אין די דרייסיקער... איר פֿיגור איז אַזוי פֿרויאיש — און דאָך שלאַנק. געהערט האָט ער, אַז זי איז אַמאָל געווען פֿאַר־הייראַט. אַזאַ ליבער שמייכל... מיט אַ חן-גריבעלע אין דער רעכטער באַק.

עטל האָט געפֿילט זיינע בליקן און דערשפּירט אין זיך אַן אומרואיקע פֿרייד... זי האָט שעמעוודיק געשמייכלט און געזאָגט:

— וואָס זאָגט איר, ווילי, וועלן מיר אַרבעטן צוזאַמען?...

אַ מורא'דיקער ציטער איז דורך זיין ליב, איר שטימע האָט אים עפּעס ווי עלעקטריזירט און ער, אָן שום נאָכטראַכטן, האָט אַ זאָג געטאָן אין אַן אַנטשלאָסענעם טאָן:

— יאָ, עטל, מיר וועלן זיין שותּפֿים.

II.

די מאַשינען אין שאַפּ האָבן געררוישט עפּעס אַזוי מאָדנע. עס האָט זיך געדוכט, אַז דער זשום טראָגט היינט אין זיך אַ סוד.

פֿון צייט צו צייט האָט זיך אַ קאָפּ אויפֿגעהויבן און אָפּגעמאָסטן די צוויי מאַשינען אין ווינקל פֿון שאַפּ ביי וועלכע עס זיצן ווילי און עטל.

דידאָזיקע צוויי מאַשינען האָבן זיך געיאָגט שנעלער ווי תּמיד, פּונקט ווי זיי וואָלטן געיאָגט פֿון זיך עפּעס אַ שולד אין וועלכער דער שאַפּ האָט זיי חושד געווען.

אַרום פינף מינוט פאַר צוועלף אַזייגער האָט דזשעני ווי אויפגע־ריסן די שטימונג און אַ פרעג געטאָן:

— ווילי, פאַרוואָס זענט איר נעכטן ניט געווען ביים יוניאָן־מיטינג? איר האָט דאָך אונדז צוגעזאָגט צו גיין...

— זענט איר זיכער, אַז איך בין ניט געווען? פרעגט ווילי אַ שולדיקער און זוכט צייט אויף צו געפינען אַ ריכטיקן תירוץ, — אָט קאָן איך אייך אפילו דערציילן, וואָס דער מענעדזשער האָט איבערגעגעבן אין זיין באַריכט...

— אַ חכמה אַ גרויסע! ענטפערט דזשעני, — מען קאָן ניט גיין זעקס חדשים צו קיין יוניאָן מיטינגען און דאָך וויסן וואָס עס טוט זיך אין דעם מענעדזשערס באַריכטן...

ווילי האָט איר געוואָלט זאָגן, אַז ער האָט נעכטן געדאַרפט זיין ביי אַן אַנדער מיטינג, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אַרויסקומען מיט אַן אָנגענומענעם תירוץ, ווייל אפשר האָט עמיצער אים געזען שפּאַצירן מיט עטל'ען ביי דעם ברעג פון דעם האָדסאָן? מען דאַרף נאָר דערציילן דעם סוד צו איין דזשעני'ן און דער גאַנצער שאַפּ וועט ווערן פאַר אים נאָך ענגער ווי ער איז. האָט ער שוין בעסער גאָר ניט געזאָגט און אָנגעהויבן איינגעמען דזשעני'ן מיט קאָמפּלימענטן...

— זע נאָר ווי זי איז פאַרפלאַמט היינט, דזשעני... איר ווייסט, דזשעני, איר האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעזען אַזוי שיין ווי איצט...
טיף אין האַרצן האָט אָבער ווילי געטראַכט: ווי זי ברענט עם אַביסל פון אייפערזוכט. ווי עס קרענקט איר וואָס זי קריגט ניט קיין אויפ־מערקזאַמקייט פון קיינעם... ווי זי גיט עס אים אַ פרעג ביי יעדער געלעגנהייט „וואָס מאַכט אייער פרוי, ווילי? אייער טאָכטער מוז שוין אַוואַדע זיין אַ כלה-מויד, האַ?"...

ווילי טראַכט ווייטער: „וואָס וויל זי מיט אירע פראַגעלעך? זינט ווען איז זי דאָס אַזאַ שמעלקע מיט אים, וואָס זי פרעגט זיך אַזוי נאָך וועגן זיין פרוי און קינד, אויב ניט צו שטעכן אים מיט עטל'ען?... ער איז אָבער געצוואונגען צו זיין פריינדלעך צו איר, זיך אָננעמען פאַר איר, אפילו דאַן ווען זי איז אומגערעכט, ווייל ער האָט מורא פאַר איר, מורא אַז זי וועט גיין און ריידן...

עטל זיצט ביי דער מאַשין, ווי אויף אַ באַשולדיקונגס באַנק. זי ווייסט איר גורל. זי ווייסט, אַז דער שאַפּ האָט זי שוין לאַנג

דערקלערט שולדיק, שולדיק אין רויבן די פריינטשאַפט און ליבע פון אַ פאַרהייראַטן מאַן...

אויך דאָס, וואָס ער איז נעכטן ניט געגאַנגען צום יוניאָן־מיטינג איז טאַקע איר שולד... זי האָט אים ניט געלאָזט גיין. זי האָט געוואָלט מיט אים זיך דורכריידן... פריער, ווען דער שאַפּ האָט נאָך ניט אַזוי נאָכגעקוקט, איז נאָך געווען אַמאָל אַ שטיקל געלעגנהייט צו ריידן מיט אים אַ וואָרט. איז מען כאָטש געגאַנגען צו דער סאָבוועי סטאַנציע צוזאַמען. אָ, ווי גוט עס איז איר געווען, ווען זי פלעגט אויפהערן אַרבעטן מיט פינף מינוט פריער און אַרונטערלויפן אין רעסטאָראַן קריגן פלעצער צום זיצן פאַר זיך און פאַר ווילי׳ן...

זי פלעגט דאַן גרייטן דעם טיש מיט די ווייסע פאַפּירענע סער־וועטקעס, אַוועקשטעלן צוויי גלעזער וואַסער, אַמאָל אפילו גרייט האָבן דעם „סענדוויטש” פאַר אים, און אַליין שטיין אַן אומגעדולדיקע און קוקן צו דער טיר מיט אויגן פול מיט ליבע און נייגער, און ווען ווילי פלעגט צוקומען צום טישל, זיך אַוועקזעצן, איז זי געווען גליקלעך. זי האָט געפילט, אַז ער איז געקומען צו איר, צו איר טיש, צו עסן מיט איר, צו טיילן זיך מיט איר. ער איז אירער, אירער, און איר לעבן איז אַזוי אַרום געוואָרן גאַנצער, פולער...

האָבן אָבער די אַרבעטער זיי גענומען נאָכקוקן. פריער מיט ציניזשע באַמערקונגען, דערנאָך מיט רכילות׳דיקן נייגער, שפּעטער מיט שטומע בליקן פון פאַראַכטונג. עס איז איר געוואָרן ענג, שרעקלעך ענג דער שאַפּ.

אין אַזעלכע געדריקטע טעג פלעגט איר מאַשין פליען מיט אַ מאָדנעם אימפּעט, ווי זי וואָלט זיך ערגעץ געיאָגט, און דאָס האַרץ אירס פלעגט נאָכלויפן, נאָכקלאַפּן... דער קאָלירטער זיידענער קליידער־שטאָף פלעגט לויפן מיט אַ מאַשינאָווען טעמפּאָ און שפּרייטן גאַנצע וועגן פון זייד. ווייכער זייד פלעגט באַצירן ווייטע נאָך ניט קיין באַטראָטענע וועגן, וואָס קיין מענטשלעך אויג האָט נאָך ניט אָנגערירט... גרינער זייד פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין סאַמעטענע לאָנקעס; ווייסער — אין זילבערנעם טייך, און פון רויטן זייד איז געוואָרן אַ דאַך איבערן קאָפּ. האָט זי ווילי׳ן געבראַכט אַהין, אין איר געצעלט, וואָס איז געווען באַשירעמט פון רעגן און פון מענטש־לעכע בליקן. דאָרטן האָט זי פאַר אים אַ טיש געגרייט, און קינדער

האָט זי אים געבוירן — קינדערלעך צוויי — אַ אינגעלע, ענלעך צו אים, מיט ברוינע גוטע אויגן ווי זיינע, און אַ מיידעלע ווי זי אַליין מיט בלאָנדע האָר. קאַטשן זיך די קינדערלעך אויף דעם גרינעם גראָז, פּאַסן זון קושן זייערע גאָלדענע קעפּלעך און ווילי מאַכט אַ צאַם לעבן טייך, כדי די קינדער צו פּארהיטן פון געפאַר...

זי קוקט פון דערווייטנס אויף איר גרויסן פּאַרמעגנס. איר מאַן, ביים ברעג פונעם טייך, אויסגעטאָן האַלב נאַקעט, פּאַרברוינט פון דער זון, מיט אַ העקל אין דער האַנט מייסטרעוועט ער אַ צאַם, שפּעטער וועט ער דעם צאַם אָפּפאַרבן אויף רויט. איז מיט וואָס פאַרא רויט זאָלן זיי דאָס פאַרבן, מיט אַזאַ ווי דאָס קלייד וואָס זי נייט איצט?... עטל'ס ווייט פאַרפלויגענע פאַנטאַזיע האָט זיך אָראָפּגעלאָזט אויף דעם רויטן קליידל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין נייען. זי האָט מיט אַלע כוחות געפּרואווט אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, ווידער גענומען שפּינען אַ זיסן חלום: „דאָס איז ניט קיין שאָפּ און ניט קיין קליידער, נאָר קינדערשע זאַכעלעך נייט זי גאָר, פאַרן מיידעלע אַ קליידעלע מיט קרייזעלאַך און קרוזשעוועס. פאַרן אינגעלע הייזקעלאַך פון בלויען לייוונט, און פאַר ווילי'ן אַ בלויע לייוונטענע העמד. דער טאַטע און זון זאָלן טראָגן דעם זעלבן קאָליר... ווידער אַמאָל איז עטל'ען געלונגען זיך אויסצורייסן אין איר געדאַנק פון דער סביבה אַרום איר, און אַריינוועבן זיך אין דער פריערדיקער אויסגעשפּונענער פאַנטאַזיע...

ס'איז שוין מער ניט געווען קיין שאָפּ, ניט קיין מענטשן, וואָס קוקן קרום אויף איר און ווילי'ן. די מאַשין איז געוואָרן עפּעס אַ רעגן־בויגן, אויף וועלכן זי האָט זיך געזעצט רייטנדיק און פאַר־שוואונדן ערגעץ ווייט צו אַ ליכטיקן לעבן פאַר איר מיט ווילי'ן... אָבער דאַן טאַקע, ווען עטל האָט געבאָדן די קינדערלעך אין גאָלדענער זון האָט עס פּאַסירט: די נאָדל פון דער מאַשין איז איר אַריין גלייך אין פינגער און זיך צעבראָכן אויף צווייען...

ווען מ'האָט זי אָפּגעמינטערט האָט זי די ערשטע דערזען דזשעני'ן מיט אַ גלאָז וואַסער איבער זיך. דער גאַנצער שאָפּ איז געשטאַנען אַרום, עפּעס האָט זי געהערט רעדן וועגן אַ דאָקטאָר, צי מען האָט גערופן, צי מען דאַרף ערשט רופן, האָט זי ניט געוואוסט. זי האָט מיט אירע האַלב־געעפנטע אויגן געזוכט ווילי'ן, אָבער אים

ניט געזען. האָט זי זיי צוריק צוגעמאַכט. זי האָט דערנאָך געפילט זיין האַנט אין אירער, זיין שטימע האָט זיך געבעטן:

— בארואיק זיך, עטל, איך בעט דיך, שטאַרק זיך, הויב אויף דעם קאָפּ, אָט אַזוי!... שפּעטער אַביסל איז ער געגאַנגען מיט איר אין שפּיטאָל אַרויסצונעמען די האַלבע נאָדל פון איר פינגער. ער האָט זי געבראַכט אַהיים. אַרויפגעבראַכט עסן פון רעסטאָראַן און זי געקאָרמעט, ווי מען קאָרמעט אַ קליין קינד. ווען זי האָט זיך בארואיקט, האָט ער איר איינגערעדט צו גיין מיט אים אויף אַ שפּאַציר צום האָדסאָן. סיי־ווי דאַרף ער נאָך ניט גיין אַהיים. היינט איז דאָך אַ יוניאָן־מיטינג, וועט ער האָבן אַ גוטן תירוץ פאַר זיין ווייב... דאָס איז געווען דער ערשטער יוניאָן־מיטינג, צו וועלכן ער האָט פאַרפעלט צו גיין.

אָבער נעכטן האָט זי אים טאַקע ניט געלאָזט גיין. זי האָט געוואָלט זיך דורכריידן מיט אים, אָדער גלאַט ריידן, צי נאָכאַמאָל צום הונדערטסטן מאָל אים פרעגן: וואָס קען אַרויסקומען פון אַזאַ ליבע? ער, וואָס קען איר פאַרענטפערן אַלע פראַגעס, אַלע שאַפּ און יוניאָן פּראָבלעמען אַזוי לייכט לייזן און זיך אַזוי גוט אַמפּערן מיט אַנדערע, — אפשר וועט ער געפינען אַן אויסוועג פאַר זיי ביידן? זיי ביידע, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ ווינקל פון שאַפּ צווישן די מאַשינען אַ צוואַנציק יאָר צו שפּעט...

זיינען זיי געגאַנגען, לאַנגזאַם שפּאַצירט און געשוויגן. אַ פאַרשטיקטער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר האַרצן און זיך פאַרלוירן אין דער פייכטער קילער לופט פונעם האָדסאָן־טייך.

די עלעקטרישע רעקלאַמע־שילדן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער נאַכטיקער טונקלקייט פונעם טייך. מענטשן זיינען פאַרבייגעגאַנגען, געמיטלעך געשמועסט. יונגע פּאָרלעך — אַרומגענומען מיט דער פרייד פון נאַכטיקער אומרו, האָבן פאַרבייגעשוועבט. צוויי אידן האָבן גערעדט, דיסקוטירט אַזוי הויך און קלינגענדיק און נאָך אויף דייטש. עס האָט אַזוי דערנערווירט, אַלץ איז עפּעס געווען ווי אַ שטערונג. זי האָט געוואָלט אָנהויבן רעדן, אָבער ניט געפונען קיין מוט און קיין אָפּגעזונדערט אָרט. אַלע מענטשן זיינען ווי געווען אין איר וועג...

ווילי האָט נערוועז געררויכערט, מורא געהאַט אַ קוק צו טאָן

אויף דער ברייטקייט פונעם טייך, אויף די שאָטנס פון די בוימער, טאָמער וועט פון אַ שאָטן ווערן אַ מענטש — אַ מענטש פון שאַף, אָדער פון דעם געגנט וואו ער וואוינט.

ער האָט אַריינגעקוקט אין עטל׳ס פאַרבענקטע אויגן און שטאַרקער דערשפּירט אין זיך דעם באַגער נאָך איר ליבע. אירע בליקן האָבן אַזוי סאַמעטדיק געגלעט, איר האַנט האָט זיך אַזוי אומרואיק געקלאַמערט אין זיינער...

איז וואָס איז געווען צו ריידן, צווישן זיי ביידן איז דאָך שוין לאַנג פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז מען קאָן ניט בויען קיין גליק אויף עמיצנס טרערן. און אַזוי דאַרף עס זיין. אַזוי איז דער גורל.

סיידן זי וועט אים פּרובירן פאַרגעסן. זי איז פריי. איר לעבן ביז איצט איז ניט געווען געראָטן, זאָל זי איצט זיך ניט צעברעכן אינגאַנצן מיט אים, עס וועט סוף כל סוף קומען אַ מענטש וואָס וועט זי אָפּשאַצן, וואָס וועט ווערט זיין איר ליבע.

אָבער ניין. זי האָט זיך נאָך שטאַרקער געקלאַמערט אין אים. זי וועט כאָטש טיילווייז טיילן זיין גורל מיט אים. זיי וועלן ווי פריער אַרבעטן צוזאַמען בשותפות. צווישן די מאַשינען וועלן זיי ביידע זיין. זי וועט אין איר פאַנטאַזיע אויסשטעפּן זייער לעבן צוזאַמען. זיי וועלן טיילן די זאָרג און דאָס ברויט...

— נו, זאָל זי אפשר דערציילן דעם אמת פאַרוואָס ווילי איז ניט געגאַנגען צום מיטינג? איז ווער וועט אַזאַ אמת פאַרשטיין?

די צוויי מאַשינען אין ווינקל פון שאַפּ האָבן זיך ווי אויסגעטיילט פון די אַנדערע מאַשינען. אונטער זייער גערויש האָבן געקלאַפּט צוויי הערצער מיט בענקשאַפט און פאַרשטענדיקונג.

פאַר וועלט און שאַפּ זיינען זיי ביידע געווען בלויז שותפים.

## III.

דער פרימאָרגן איז געווען אַזאַ קאַלטער, פינצטערער, מיט רעגן אין דער לופטן. האָט זיך עטל פאַרשלאָפן און איז אַריינגעקומען שפּעט אין שאַפּ.

ביי עטלען איז אַ זעלטנקייט צו זיין שפּעט, ספּעציעל אין די

לעצטע פינף יאָר, וואָס זי אַרבעט בשותפות מיט ווילי׳ן.

פריער האָט זי אָפּגעהיט דאָס אַריינקומען פרי, כדי ניט צו קריוודען ווילי׳ן. שפּעטער, ווען זיי זיינען געוואָרן פריינט, און זייער פריינטשאַפט האָט זיך פאַרבונדן אין אַן ענגערן קנופּ, האָט עס איר געצויגן צו לויפן וואָס שנעלער אין שאַפּ. דאָרט איז געווען איר אינטערעס, איר לעבן, דאָרט האָט געוואַרט אויף איר ווילי.

איז עפּעס אַ מאָדנער פרימאָרגן געווען היינט, אַלץ איז געגאַנגען „מיט דער פּוטער אַראָפּ". ניט גענוג וואָס זי האָט זיך פאַרשלאָפן, האָט זי נאָך לאַנג געדאַרפט וואַרטן אויף דער סאָבוועי, דערנאָך האָט זיך עס געשלעפּט לענגער ווי אַלעמאָל...

עטל איז געוואָרן אומרואיק, כסדר אַרויסגעקוקט דורך דעם פענצטער צו זען ביי וואָס פאַר אַ סטאַנציע זי האַלט און זיך אַליין געוואָלט באַרואיקן מיט לאָגישע אַרגומענטן:

„נו, וואָס איז דער אומגליק, אויב אַביסל שפּעטער?... וועט זי פאַרלירן אַ האַלבן דאָלער. אָדער אפשר אַ גאַנצן... נאַרישקייט, זי וועט גאָרנישט פאַרלירן, זי וועט זיך אונטעריאָגן, וועט זי דאָס אָפּמאַכן דורכן טאָג... ווילי׳ן וועט דאָך אודאי ניט אַרן וואָס זי איז שפּעט, סיידן ער וועט אפשר איבערקלערן אַז עפּעס האָט מיט איר פּאַסירט".

אַ שמייכל האָט זיך צעגאָסן אַף איר פאַרכמורעטן פּנים פונעם געדאַנק, אַז ווילי זאָרגט זיך וועגן איר. זי איז ביי זיך געוואָרן עפּעס וויכטיקער. האָט זי ענגער פאַרנומען איר גרינעם ספּאָרט מאַנטל, פאַרשפּיליעט דאָס קנעפּל ביים קאָלנער, אַז דער ווינט וואָס האָט זיך געריסן פונעם אָפענעם פענצטער זאָל ניט צוקומען און האָט געטראַכט: זי וועט גאָר בעטן ווילי׳ן, אַז ער זאָל זען אָפּשפּאָרן צייט צו גיין קויפן מיט איר אַ מאַנטל. און אַ ניי קליידל וויל זי אויך... עפּעס אַביסל באַקליידן זיך. עס גייט צו ווינטער, עס וועלן זיין אונ-טערנעמונגען פאַרשיידענע און דאָס קליידל זאָל טאַקע ווילי נייען... זי וועט אויפנייען זיין טאָכטער׳ס קלייד און ער וועט נייען איר קלייד...

די מיידלעך אין שאַפּ וועלן זיי געווים נאָכקוקן, ווען ער וועט אַריינגיין מיט איר אין מעסט-צימער אויף צופּאַסן דאָס קלייד. נו, מילא, זאָלן זיי קוקן, זאָלן זיי ריידן, זיי וועלן זיך איינמאָל פאַר אַלעמאָל מוזן צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז אַזוי איז דאָס...

ווען זי איז אַריינגעקומען אין שאַפּ איז שוין געווען צוואַנציק מינוט נאָך ניין. נאָך איידער זי האָט אויסגעטאָן איר מאַנטל, האָט איר בליק זיך אַ צי געטאָן צו ווילי׳ס מאַשין. די מאַשין איז געווען ליידיק. אין האַרצן ביי איר האָט ווי זיך עפּעס אָפּגעריסן. זי איז מיט אַן אומרואיקער נייגעריקייט צוגעלאָפן צו דער מאַשין:

— ווילי איז נאָך ניט אַריינגעקומען? — האָט זי געפרעגט ביים אַרבעטער אַנטקעגן.

— ניין, נאָך ניטאָ ווילי. איך האָב געמיינט, אַז איר זיינט ביידע ערגעץ אַנטלאָפן, — האָט יענער געענטפערט מיט אַ ציניש שמייכעלע.

דערנאָך האָט זי דזשעני אַ פרעג געטאָן:

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? — און די זעלבע פראַגע געוואָרפן אויך צו ווילי׳ס מאַשין, און מען האָט געקאָנט זען, אַז איר מוח איז פול מיט „געדאַנקעלעך" וועגן זיי ביידן...

אויך אַנדערע אַרבעטער האָבן זי געפרעגט וועגן ווילי׳ן. טייל מיט אַ ציניש׳ן אונטערשלאַק, און אַנדערע — גלאַט אַזוי. געפרעגט, צוריק אַראָפּגעלאָזט די אויגן אין זייער געניי און געפאָרן ווייטער איבער וועגן פון גלייכע און קרומע נעט...

עטל האָט אויך געשטעלט פראַגן וועגן ווילי׳ן. יעדע פראַגע האָט ווי אַ אָנגעברענטע שפּיזל געבערענט איר אין מוח, געשניטן אין האַרץ. אַז עס פּאַסירט אַמאָל עפּעס אינדערהיים און ער קאָן ניט אַריינקומען אין צייט, לאָזט ער איר וויסן. ער טעלעפאָנירט אַהיים, אָדער אין שאַפּ. אָבער אָט איז שוין נאָך צען אַזייגער... דער גרויסער שאַפּ-זייגער רירט זיך קוים לויט דעם טעמפּאָ פון איר האַרץ, אָבער לויט אירע געדאַנקען, לויפט ער צו שנעל. וואָס שפּעטער עס ווערט, אַלץ גרעסער ווערט אין איר די מורא, אַז עפּעס האָט פּאַסירט מיט ווילי׳ן. שוין עטלעכע מאָל האָט ער זיך פאַר איר באַקלאָגט, אַז עס טוט אים ווי דאָס האַרץ, אַז עפּעס שטעכט אים אין ברוסט-קאַסטן, אַז ער האָט ניט קיין כח צו אַרבעטן, און אַז ער וואָלט געדאַרפט האָבן אַ גוטע וואַקאַציע.

נאָך עלף אַזייגער איז עטל צוגעגאַנגען צום טשערמאַן. אין איר האַנט האָט זי געהאַלטן צונויפגעקנייטשט אַ שטיקל פּאַפּיר און געציטערט פון אומרו.

— קליינמאַן, זייט אַזוי גוט און רופט אָפּ צו ווילי׳ן אין הויז,

דאָ האָט איר זיין טעלעפאָן נומער, דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז עפּעס האָט פּאַסירט...

— נו, לאָמיר נאָך צוואווארטן ביז מיטאָג־צייט, — אפשר וועט ער נאָך אַריינקומען...

צו מיטאָג איז נאָך געווען אַ גאַנצע שעה. אַליין רופן ווילי'ן איז פאַר עטלען אוממעגלעך — ווילי'ס ווייב דענקט, אַז זי, עטל, איז שוין לאַנג אַוועק פון שאַפּ, אַזוי האָט ווילי אַמאָל געזאָגט זיין ווייב, כדי צו שטילן איר אייפערזוכט. זאָל זי אפשר אָנגעבן אַן אַנדער נאָמען? וועט דאָך עס ווידער ניט טויגן — אויב אייפערזוכט, קאָן יענע דאָך זיין אייפערזיכטיק אויף עמיצן אַנדערש אויך... ביי דעם געדאַנק האָט עטל אַ ציטער געטאָן.

ניין, זי וועט אַליין רופן, זי וועט ניט אָנגעבן קיין אַנדערן נאָמען... זי וויל ניט, אַז ווילי'ס ווייב זאָל זיין אייפערזיכטיק אויף עמיצן אַנדערש, נאָר טאַקע אויף איר, אויף עטלען אַליין... עס איז ניטאָ קיין עמיצער אַנדערש...

באַלד אָבער האָט אַן אַנדער געדאַנק פאַרטריבן דעם ערשטן: „פאַרוואָס דאַרף זי עמיצן פאַרשאַפן יסורים? וואָס איז זיין ווייב שולדיק אין דער געשאַפענער לאַגע? זי איז אַ פּשוט'ע פרוי, אַ גוטע מאַמע צום קינד, זי קאָכט, גיט ווילי'ן עסן יעדן טאָג. און ווען ער אַרבעט און ברענגט איר די שכירות, אַז זי זאָל טאָן מיט דעם וואָס זי וויל, וואָלט זי געווען אַ גוטע ווייב...

דערנאָך האָט אַן אַנדער געפיל פון פאַרדראָס געגעבן אַ צינד אָן: אַ גוטע ווייב? פון יענעם מין גוטסקייט, וואָס ווען מען ברענגט „פּעידע" איז מען די גוטע ווייב... אַ פרוי פון אַן אַרבעטער דאַרף זיין אַ חבר, דאַרף טיילן דעם גורל, זי דאַרף האָבן פאַרשטענדי־גונג און דערמוטיגונג, ווען דער מאַן קומט פון שאַפּ אַ מידער, אַ צעווייטאָגטער פון דער באַנדל-סיסטעם, אַמאָל צרות פונעם באַלעבאָס און אַמאָל טאַקע פון די ברידער אַרבעטער...

אַזוי איז עטל געזעסן ביי דער מאַשין, אָפּט געדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר און כסדר געקוקט אויפן זייגער מיט גרויס אומגעדולד. אָבער דער זייגער האָט זיך קוים, קוים גערירט.

פינף מינוט פאַר צוועלף האָט דער גרויסער זייגער זיך אינגאַנצן ווי אָפּגעשטעלט. זי האָט גענומען קוקן אויפן האַנט-זייגערל: דאָס

זעלבע. צוגעלייגט עס צום אויער — האָט דאָס האַרץ געקלאַפּט שטאַרקער ווי דאָס זייגערל... זי האָט בשום אופן ניט געקאָנט דערהערן דעם דעליקאַטן טיק־טאַק פון דעם זייגערישן האַרץ, האָט זי זיך דעריבער שוין אַ ווענד געטאָן צו די שכנים:

— דזשעני, וויפיל איז דער זייגער? — געוואָלט האָט זי זיך איינגענטלעך ווענדן מיט אָט דער פראַגע דווקא צום טשערמאַן, אָבער דאָס וואָלט דאָך געמיינט, אַז זי דערמאָנט אים שוין ווידער וועגן טעלעפאָנירן צו ווילי'ן. האָט זי עס ניט געטאָן, און דזשעני האָט דערווייל געענטפערט:

— זעסט ניט? האָסט דאָך אַזאַ גרויסן זייגער פאַר די אויגן! עס איז פונקט פינף מינוט פאַר צוועלף.

דער טשערמאַן, מאָריס קליינמאַן, האָט אַ גוטמוטיקן שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— אַ גליקלעכער מענטש, ווילי. באַשערט אים אַזאַ שותפ'טע, וואָס זאָרגט זיך אַזוי וועגן אים. אָט וועל איך אים באַלד גיין רופן. אָדער אפשר זאָלן מיר וואַרטן ביז נאָך מיטאָג, אפשר וועט ער נאָך אַריינקומען.

פלוצלונג האָט עטלען אַ מאָדנער נאָכגעביקער געדאַנק ווי אונ־טערגעזאָגט: „יאָ, מיר וועלן נאָך וואַרטן אַ האַלבע שעה, אפשר וועט ער נאָך קומען, ער מוז שוין אפשר גאָר זיין אויפן וועג אַהער... אָדער ער איז שוין אונטן אין רעסטאָראַן...

זי האָט אָבער אונטן ווילי'ן ניט געזען. אין רעסטאָראַן איז ער אויך ניט געווען. איז זי שנעל אַרויף צוריק אין שאַפּ.

דער שאַפּ איז געווען איינגעוויקלט אין אַ מאָדנער טומלדיקער זאָרג. די עטלעכע מענטשן, וואָס בלייבן מערסטנס אין שאַפּ צו עסן דאָרטן זייער מיטגעבראַכטן מיטאָג, זיינען אַלע געשטאַנען אין אַ רעדל. דער טשערמאַן — לעבן זיי. די פינישערס, די פרעסערס, אַלע אין אַ גרופּע, האָבן זיך געטומלט און גערעדט וועגן דעם, צי מען זאָל מאָרגן אַרבעטן אַ האַלבן טאָג, אָדער מען זאָל אינגאַנצן ניט אַריינקומען אין שאַפּ.

ווען עטל איז צוגעקומען איז געוואָרן שטילער. אַלעמענ'ס אויגן זיינען געפאַלן אויף איר. דזשאָזעפין, די איטאַליענערשע פינישערין, איז איר די ערשטע געקומען אַנטקעגן מיט די ווערטער: „האָסט

שוין געהערט וועגן ווילי׳ן?״ דער גאַנצער שאַפּ האָט זיך עפּעס אַ דריי געטאָן פאַר אירע אויגן. זי האָט נישט געפרעגט. זי האָט שוין אַליין דערפילט, אַז עפּעס שרעקלעכעס האָט פּאַסירט. זי האָט נאָר אַנגעשטעלט אַ פּאָר פאַרצווייפלטע אויגן אויף דזשאָזעפינען און אויסגעשריען:

— ניין, ס׳איז ניט אמת!

מיטאַמאָל האָט זי דערהערט ווי דער באַלעבאָס זאָגט צום טשער־מאַן: „בעסער קומט אַריין אינדערפרי, וועט מען „אָפּסטאָפּן״ צוועלף און איינס אַזייגער צוזאַמען גיין צו דער לויה...

עטל איז שטיין געבליבן ווי אַ פאַרגליווערטע. זי האָט זיך אַפילו ניט געקאָנט אַ וואַקל טאָן.

דער קליינער זאַל איז געווען פול מיט מענטשן. אויבן אָן, צווישן צוויי אָנגעצונדענע מנורות, איז געשטאַנען דער אָרון — באַדעקט מיט אַ שוואַרצן סאַמעט און מיט בלומען. אין דער ערשטער ריי איז געזעסן ווילי׳ס פרוי און זיין טאָכטער. לעבן זיי — די נאָענטע משפּחה. זיי האָבן זיך ווי געוויגט אין טרויער. עס האָט זיך געהערט אַ פאַרשטיקטער שלוכצען.

עטלען האָט קיינער ניט באַמערקט. זי אַליין קאָן זיך חשבון ניט אָפּגעבן, זי ווייסט ניט ווי זי קומט אַהער. איר געדאַנק איז אינגאַנצן אויסגעשעפּט. איר לייב איז פאַרפרוירן, די אויגן־דעקלעך רויט און פאַרשוואָלן, דאָס האַרץ פאַרשטיינערט... זי וויל ערגעץ אָנכאַפּן אַ גראַדע ליניע, אָנהויבן טראַכטן, אָבער עס איז שווער. זי וועט דאָס אָנהויבן פונעם אָנהויב: וואָס איז געשען? ווי קומט זי אַהער? זי איז דאָך גאָר געלעגן אין בעט מיטן אָנטועכץ און זיך ניט געקאָנט אַ ריר טאָן, ניט געקאָנט אפילו אַרונטערשלעפּן די שיך פון זיך, זי גע־דענקט, אַז ביי איר בעט האָט זי געפונען אַ לײדיגן קעסטעלע אַספּירין מיט אַ האַלבע גלאָז וואַסער, מסתמא האָט זי זיך אַליין געראַטעוועט דורך דער נאַכט. אָבער ווי איז דאָס מעגלעך, אַז זי איז אַליין גע־קומען אַהער און קיין אויטאָמאָביל איז זי ניט איבערגעפאָרן? און פאַרוואָס טאַקע נישט? וואָס איז דען איר לעבן איצט? שאַ, און אפשר דוכט איר גאָר אויס, אַז זי לעבט? אָבער אין דער אמת׳ן איז זי גאָר ניטאָ דאָ, נאָר איז פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט ווילי׳ן — זי איז גאָר צוגעדעקט מיט דעם שוואַרצן טוך דאָרטן. ניין, עס איז ניט

קיין שוואַרצער טוך. עס איז בלויז אַ וואָלקן. אַ גרויסער וואָלקן האָט זיי ביידן איינגעוויקלט, און ער וועט ווי דער רויך פון אַ ציגאַרעט זיך קייקלען אַלץ העכער און העכער אַרויף, ביז זיי ביידע וועלן זיך פאַר־אייניקן ערגעץ דאָרט אין די הימלען... דאָ וועלן בלויז בלייבן זייערע שאָטנס, סילועטן צוויי, שוואַרץ אויף ווייס, וואָס קיין צייט וועט ניט קאָנען אָפּמעקן...

אַ רעדנער האָט געעפנט די טרויער־פאַרזאַמלונג. זיינע רייד האָבן ווי אַ טונקעדיגע זון זיך געשטראַלט און געלאָשן: אָט איז אויפגע־גאַנגען אַ לעבעדיגער ווילי, אַן איבערגעגעבענער זון פון זיין קלאַס און פאָלק... און אָט — האָט דעם רעדנער'ס שטימע אַרונטערגע־נידערט שטיל, און בולט באַוויזן, אַז ווילי איז שוין מער ניטאָ.

אין עטלען האָט אויפגעוואַכט אַן עקשנות'דיגער געפיל: זי וועט זיך אויך אַוועקשטעלן לעבן ווילי'ס אָרון. זי וועט זיי דערציילן ווער ווילי איז. קיינער קען אים ניט אַזוי ווי זי. וואָס פאַר אַ ווערט האָבן די אַלע רייד געגן דער שטומער פאַרשטענדיגונג פון זייערע ביידנס בליקן, געגן דער צוגעבונדנקייט פון ניט גערעדטע רייד?

זי וועט איצט אויך קוקן אויף אים, קוקן אַזוי לאַנג ביז די טויטע אויגן וועלן זיך עפענען. זיי וועלן זיך מוזן עפענען און שטאַרקן איר צעשעדיגט לעבן, געבן איר אַ נייעם אָנהאַלט...

אָדער זי וועט זיך עפנטלעך דערקלערן פאַר אַ שותּף צום צער. זי וועט זיי דערציילן, אַז זי איז אויך אַן אָבל. פאַרוואָס לאָזט מען זי דאָ אַליין אינם ווינקל אַ צונויפגעדריטע, ווי אַ קנויל פון צער און פּיין?... זי האָט זיך מיט אימפּעטיגע טריט געלאָזט גיין צום אָרון. אָבער דזשעני מיטן שאַפּ-טשערמאַן האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צו איר פון ביידע זייטן און זי צוריקגעפירט צו איר פּלאַץ:

— מען דאַרף ניט, עטל, — האָט דזשעני ווייך גע'טענה'ט, — וואָס איז שוין איצט דער חילוק? וואָס דאַרפט איר זיך איצט אָנ-הויבן? זי האָט שוין אַזוי אויך גענוג...

דער שאַפּ־טשערמאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט האַלטן זיין אָפּ-שייד-רעדע אין נאָמען פונעם שאַפּ. ער האָט ביים סוף פון זיין רעדע געזאָגט:

— זייט געטרייסט, פרוי און קינד! זייט געטרייסט, משפּחה און קרובים, און אַלע זיינע נאָענטע! איר זיינט געוועזן שותּפים אין

זיין צער און אין זיין פרייד. מיר טיילן מיט אייך דעם ווייטאָג אין דער שווערער שעה...

און כאָטש ער האָט עטל'ס נאָמען ניט דערמאָנט, האָט זי דאָך געוואוסט, אַז דאָס האָט ער זי געמיינט. די לעצטע פּאָר ווערטער זיינע האָבן ווי אָפּגעשלאָסן דעם פאַרבאָרגענעם ווייטאָג. דער צער האָט זיך גענומען לינדערן און זיך אויפגעלייזט אין אַ ים מיט טרערן, וואָס האָט געוואַשן דעם פאַרשטיינערטן קנויל פון איר האַרצן.

עס האָט אין איר אויפגעלעבט די טעג פון ווילי'ס ליבע און פריינטשאַפט. זי איז מער נישט געזעסן אַליין. צו איר האָט אויך דערגרייכט אַ וואָרט פון טרייסט. צו איר האָבן זיך אויך געטוליעט קינדער, אירע ניט געבוירענע קינדער. זי איז אַנערקענט געוואָרן. זיי זיינען פאַרבליבן שותּפים...



# ער וויל ניט פייפן

עס איז שוין געווען שפּעט אין האַרבסט, אַ דראַבנער רעגן האָט געשפּריצט אין די גוט־אויסגעפּוצטע שויבן. דער ווינט האָט זיך געריסן אין די לויז-געוואָרענע פענצטער און אָנגעזאָגט אויף אַ כמורנעם שווערן טאָג.

די טעג פּאַר ענע'ן זיינען סיי ווי שווערע, און ווערן שווערער מיט יעדן טאָג, וואָס זי דערנעענטערט זיך צו איר באַשלוס.

שוין וואָכן, אַז זי גרייט צו דאָס הויז, ראַמט, שייערט, צירעוועט און לאַטעט. נעכטן האָט זי אויסגעוואַשן די פענצטער, ווייטער קאָן זי דאָס שוין ניט אָפּלייגן. זי וועט אַריינגיין אין שאַפּ און ווערן צוריק אַן אַרבעטערין.

עס איז שווער, זייער שווער פאַר ענען זיך אָפּצורייסן פון דער באַלעבאַטישקייט. זי אַליין איז עפּעס ווי אַן איינגעוואָקסענער זייל אין דעם אָרט וואו עס איז איר היים און די היים פון אירע קינדער.

דרייסיג יאָר איז ענע געווען אַ באַלעבאָסטע, אַ מאַמע, אַ ווייב, און דער עיקר — זי איז געווען זיין מיידל.

„מיין מיידל", פלעגט ער זי רופן, און דער נאָמען „מיין מיידל" האָט איר לייכטער געמאַכט דאָס לעבן. זי האָט ניט געפילט ווי די יאָרן רוקן זיך, ווי די האָר זיינען גרוי געוואָרן, ווי דאָס פייער פון אירע שוואַרצן אויגן איז מאַטער געוואָרן. עס האָט איר געהאָלפן אָנ-גיין מיט די שווערינקייטן פון לעבן, וואָס שטייט פאַר אַ פרוי פון אַן אַרבעטער, און שוועריגקייטן זיינען דאָ היבשלעך ווען מען איז 30 יאָר דאָס ווייב פון אַ פּרעסער.

סלעק, האַרץ-עסעניש מיטן באַלעבאָס, פּאַרדראָסן פון די מיט־אַרבעטער אין שאַפּ; היינט סטרייקס, אַרבעטלאָזיגקייט... שוין ניט רעדנדיק פון דעם צער פון האָדעווען קינדער אין נויט, קינדערשע חולאת'ן און שרעק, אַז חלילה גאָט ווייסט וואָס...

געווים איז געווען אויך פרייד אין דעם לעבן פון ענען מיט היימי'ן. פריער — די פרייד פון די קינדערשע חכמות, און דערנאָך, אַז אַ קינד האָט געבראַכט אַ גוטן באַריכט־קאַרטל אַהיים, איז דאָס געווען ביידנ'ס שמחה. דער טאַטע האָט דאַן גענומען פאַנטאַזירן

און אויסטיילן די קינדער פּראָפּעסיעס... דעם עלטסטן האָט ער גע-מאַכט פֿאַר אַן אינזשעניר, ווען יענער האָט קוים געקאָנט שטעלן אַ זיכערן טראָט... די פּראָפּעסיע פֿאַרן עלטסטן האָט ער גענומען פֿון דעם, וואָס דער קליינער, בעת ער האָט נאָך ניט געקאָנט גוט גיין, פֿלעגט צופּויזען צו די קינדערשע וועגעלעך אין פּאַרק און מיט די קליינע הענטלעך צושרויפֿן אַלע רעדעלעך. אַז מען פֿלעגט כאַפּן דעם תכשיט ביי אַזאַ אַרבעט, פֿלעגט שוין ענע אַריינכאַפּן די ריכטיקע פּאַרציע פֿון יענער מאַמע. „דאָס קינד וואַקסט ביי אייך אַ גענגסטער, אַ גנב", פֿלעגט יענע מאַמע שרייען צו ענע'ן.

אין אָוונט פֿלעגט זי דאָס מיט פֿאַרדראָס דערציילן היימי'ן, פֿלעגט ער זי אָנקוקן מיט אַ שמייכל און זאָגן: „נאַריש מיידל מיינס, זעסט ניט, אַז דאָס קינד איז אַ געבוירענער אינזשעניר, וואָס אַרט דאָס דיך, וואָס די ווייבער רעדן דאָרט?"

דער צווייטער אינגל פֿלעגט זיך שלאָגן מיט די קינדער, פֿלעגט זיי צוזאַמענטרייבן אויף איין אָרט, אַליין זיך שטעלן אויף אַ באַנק און מאַכן אַן אָנשטעל פֿון אַ רעדנער... דער קליינער האָט אַמאָל ביינגעוואוינט אַ דעמאָנסטראַציע אויף יוניאָן סקווער, האָט דאָס געמאַכט אָט-דעם איינדרוק אויף אים.

ביי היימי'ן איז דאָס קינד שוין געווען אַ געבוירענער אַרבעטער-פֿירער. „זעסט ניט, אַז דאָס קינד וואַקסט אַ גרויסער רעוואָלוציאָנער... ער וועט קעמפֿן פֿאַר מענטשלעכע רעכט". דאָס פֿלעגט היימי אַליין אַזוי ריידן, ווען די קינדער זיינען שוין געווען אין די בעטלעך, און מאַן און ווייב האָבן זיך געטיילט מיט די טעגלעכע איבערלעבונגען.

מיטן טעכטערל איז נאָר געווען צרות מיטן עסן. די פּראָבלעם איז געווען אַ טעגלעכע — „דאָס קינד וויל ניט עסן". ווען איר פֿלעגט דער טאַטע זאָגן, אַז זי וואַקסט אַ טענצערין, אָדער אַן אַקטריסע, דאַרף זי האָבן אַ דינע פֿיגור...

און אָט אַזוי האָט היימי געהאָלפֿן זיין ווייב אין די שטענדיקע פּראָבלעמען פֿון קינדער דערציאונג. די לעצטע יאָרן האָט זיך דאָס לעבן איינגעשטעלט, די קינדער זיינען עלטער געוואָרן. דער עלטערער זון האָט געענדיקט פֿאַר לערער פֿון מאַטעמאַטיק, דער צווייטער האָט געלערנט כעמיע, און די טאָכטער האָט אַרויסגעוויזן מוזיקאַלישע נייגונגען.

אַרבעט אין שאַפּ איז געווען געגנוג. ענע איז געווען אַ גוטע באַלעבאָסטע, האָט זיך ביי זיי געפירט אַ גאַנץ נאָרמאַל פאַמיליע־לעבן.

איז אָבער אויסגעבראָכן די מלחמה. ביידע זין זיינען אוועק אין דער אַרמיי. דאָס הויז איז געוואָרן ליידיק. ענע איז געוואָרן גרויער פון טאָג צו טאָג, און היימי'ן איז שווערער געוואָרן דאָס פּרעס-אייזן.

ביז איינמאָל, טאַקע ביי דער אַרבעט, האָט ער דערפילט, אַז עס האָט זיך אים אויסגעלאָזט אינגאַנצן דער כח און אויס — — — דאַן האָט מען ענע'ן אָנגעזאָגט, אַז עפּעס שרעקלעכעס האָט פּאַסירט... ענע איז געוואָרן אויס באַלעבאָסטע, אויס ווייב, אויס „מיידל". זי איז געוואָרן אַן אַלמנה מיט דריי קינדער: צוויי זין אין דער אַרמיי, וועלכע זי האָט געדאַרפט דערמוטיקן און הייבן זייער מאָראַל, בעת זי אַליין פלעגט זינקען אין ווילדער פאַרצווייפלונג, און דאָס טעכטערל פון 12 יאָר.

פון אָנפאַנג האָט זיך ענע'ן אויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן חוש צום לעבן, געוואָרן מאָדנע גלייכגילטיק צו אַלץ און אַלעמען. טאָג און נאַכט האָבן פאַר איר געקראָגן דעם זעלבן קאָליר. די שאַפעס זיינען געווען אָנגעפילט מיט מענערשע בגדים, וואָס קיין מענטשלעכע האַנט האָט זיי ניט אָנגערירט און וואָס קיינער האָט זיי ניט באַלעבט. ליידיק איז געבליבן דאָס אַנדערע האַלבע בעט און איר האַרץ — פול מיט נאָגנדיקן אומעט, וואָס האָט שטענדיק אָנגעפילט אירע אויגן. וואָלט מען זי כאָטש געלאָזט צורו — זי לאָזן גוט אויסקרענקען איר צער, אויסוויינען אירע ליידן — איז זי אָבער געוואָרן אַ פּראָבלעם ביי דער משפּחה, ניט וועגן הילף, חלילה, נאָר מיט עצות...

— פאַרוואָס גייט זי ניט אין שאַפּ אַריין אַרבעטן? וואָס הייסט? יעדע אידענע, וואָס קאָן פאַרנייען אַ הינעריש העלדזל, מאַכט איצט געלט... מען קוקט דען נאָך, וואָס, ווער, ווען? אַט, מען שטשאָבעט, קומט סוף וואָך — קריגט מען „פּעידע"...

אַנדערע פלעגן זי האַלטן אין איין שאַצן:

— זע נאָר, וויפיל האָט עס דער מאַן איר אַזוי איבערגעלאָזט, וואָס זי זיצט נאָך אין הויז? נאָך אַלעמען — קיין באַנקיר איז ער דאָך ניט געווען!

אַט אַזעלכע רייד פּלעגן קומען צו ענע'ן, זינט איר מאַן איז געשטאָרבן. עפּעס האָט זי זיך דערפילט אַן אָנגעלייגטע אויף יעדן, ווי זי וואָלט דער גאַנצער וועלט געפאַלן צו לאַסט מיט איר אלמנה־שאַפט.

נאָך וואָכן טראַכטעניש, אומרואיקע, שלאָפלאָזע נעכט, חדשים פון ראַנגלעניש מיט זיך, מיטן לעבן, איז ענע אָנגעקומען צוריק אין שאַפּ.

שטייט זי אַזוי אַ פאַרלוירענע ביים אַריינגאַנג, הערט זיך צו צום גערויש פון די מאַשינען, קוקט אויף די צוויי לאַנגע טישן, וואו עס זיצן די „פינישערס", און אַלעמאָל הייבן זיך פון דאָרטן אויף אַ פּאָר אויגן... אויסגעלאָשענע אויגן גיבן זי אַ מעסט אָפּ און ווערן צוריק איינגעגראָבן אינעם געניי. האַנט און פאָדים ווערן פאַר־וואַנדלט אין אַ כישוף'דיקן געיעג. און אָט הייבן זיך אויף אַ פּאָר פרויען-אויגן, וואָס באַטראַכטן זי מיט ווילדן נייגיר. די קנייטשן אויף יענער'ס פּנים זעען אויס ווי אַ טייל פון דער אַרבעט ביים טיש. עס איז, ווי די הונדערטער מיילן פאָדים, וואָס זי האָט שוין דאָרט אויסגענייט, וואָלטן זיך איינגעקריצט אין איר פּנים און געוואָרן איין שטיק געניי.

אַן אַנדערע, אַ אינגערע, הייבט אויף די אויגן, גיט זיך שנעל אַ שטעל אויף פון בענקל און קומט צו:

— אַ נייע פינישערין? — גיט זי אַ פרעג מיט אַ שמייכל.

— וואַרט צו, דער באַלעבאָס וועט באַלד אַריינקומען.

ענע דערפילט כסדר אַנדערע בליקן אויף זיך, און זי הויבט אָן ווערן אויפמערקזאַם וועגן אירע דיק־געוואָרענע פיס, וועגן איר קאָפּ גרויע האָר, וועגן איר שווערער פיגור און וועגן די הייסע כוואַליעס, וואָס באַגיסן איר ליַיב און פּנים מיט אַזאַ צונטער רויטקייט, אַז אירע ברילן ווערן אַזש פאַרגאָסן מיט אַ נאַסן טוי...

דער באַלעבאָס איז צוגעגאַנגען, זי געגעבן אַ מעסט אָפּ פון קאָפּ ביז די פיס און געגעבן אַ פרעג אונטער דער נאָז:

— „עקספּיריענס?"

— איך ניי אַלץ אַליין פאַר מיינע קינדער, און אַמאָל בין איך טאַקע געווען אַ „פינישער".

ענע האָט עס אָפּגעזאָגט אויף שנעל, און זיך שטאַרק פאַרלוירן.

ווער ווייסט, אפשר האָט זי עפּעס קאַליע געמאַכט? וואָס עפּעס, אַמאָל געווען? געדאַרפט זאָגן, אַז זי קען, און פאַרטיק.

אַביסל שפּעטער איז זי שוין געזעסן מיט אַ בלוי וואָלן קליידל אויפן שויס, געהאַלטן דאָס שטיקל פּאָדים, און מיט אַ ציטעריקער האַנט געזוכט דאָס לעכל פון דער נאָדל, בעת דער באַלעבאָס איז געשטאַנען און צוגעקוקט. האָט זיך איר פּנים נאָכאַמאָל אָנגעגאָסן מיט דעם פריעדיקן אויסגוס. אירע אויגן זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן, און זי האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרציליען די נאָדל.

דער באַלעבאָס איז דאַן צוגעגאַנגען און געזאָגט דווקא מיט אַ ווייכער שטימע:

— אָלראַיט, נו, מ׳עט אייך געבן אַ טשענס...

פון דאַן אָן איז ענע געוואָרן אַ טייל פון די צוויי טישן אינעם שאָפּ.

די אויסגעלאָשענע אויגן ביי די טישן, די צעקנייטשטע פּנים׳ער האָבן ווי אַרויפגעצויגן פלייש און בלוט. זי האָט גענומען זען אויך פרייד אין זיי. פלעגט מען קריגן אַ גוטן פּרייז פאַר אַ קליידל — איז דאָס געווען נצחון, און דאָס האָט זיך גלייך אָפּגעשפּיגלט אויף זייערע געמיטער.

אַמאָל פלעגט אַ מיידל אַריינקומען מיט אַן אויפגעוואַכטן באַ־האַלטענעם פייערל אין די אויגן, — פלעגן אויך די אַנדערע אָנגעצונדן ווערן מיט איר סודות׳דיקער פרייד. דאַן פלעגט זיך דערהערן אַ שטילער, ניט־געוואַגטער, האַרמאָנישער געזאַנג, וואָס פלעגט האַלב פאַרטויבט ווערן אין דעם גערויש פון די מאַשינען.

ענע איז געוואָרן אַ טייל פון דעם לעבן אין שאָפּ מיט אירע מענטשן. זי האָט אויך איר צער און פרייד אַריינגעוועבט אין זייערס. זי האָט זיי דערציילט פון איר לעבן, דערציילט פון אירע זין, וועלכע זיינען אַהיימגעקומען — איינער אַ פאַרוואונדעטער, דער צווייטער אַ דערשלאָגענער, האָט זיך ניט צו וואָס צו נעמען, ענדיגן זיין שטודיום איז אים שווער איצט, נאָך די אַלע איבערלעבענישן.

אַמאָל ווערט ענע אַנטשוויגן אויף טעג. זי האַלט דאַן איר קאָפּ מער געבויגן ווי שטענדיק, איר נאָדל באַוועגט זיך בליץ־שנעל; די שטעך וואַנדערן און וואַנדערן איבער אירע פאַרגאַנגענע יאָרן און פירן זי צו יענעם שאָפּ, ווען זי איז נאָך אַלט געווען 18 יאָר.

זי גיט דאַן אַ וואָרף אַ בליק צו דעם פּרעסער־ווינקל, וואו עס שטייען פיר יונגע מענער און ציען מיט די אייזנס, ריידן צווישן זיך, וויצלען זיך. איינער פּאַרציט אַ ניגון און איינער פייפט.

און ווען דער פּרעסער פייפט, דעמאָלט ווערן פון ענע׳ן אָפּגעטאָן אירע 48 יאָר. אירע אויגן באַקומען אַ יוגנטלעכן גלאַנץ, איר קערפּער ווערט גרינגער, און פון האַרצן רייסט זיך עפּעס אַ געזאַנג... און דער ניגון הויבט זיך אָן צו קייקלען און רייסט זיך מיט אַ שטורעם ווי קוועלענדיק וואַסער, וואָס איז געווען פאַרשפּאַרט מיט אַ ריזיקן שטיין.

אַט אַזוי האָט זיך עס דאַן אָנגעהויבן: זי — 18, ער — 22. זי, מיט דיקע, שוואַרצע צעפּ, ברענענדיקע, שוואַרצע אויגן, און אַ שטימע, וואָס האָט פאַרהילכט דעם שאַפּ און זיך געקייקלט ווי גינגאָלדענע כוואַליעס אין דער לופטן.

„כאַנקע" האָט ער זי גערופן, מיטן קאָמעץ... דאָס פלעגט ער אַזוי נאָכקרימען איר רומענישן דיאַלעקט. און זי פלעגט האַרציק לאַכן און אים נאָכמאַכן זיין פּוילישן דיאַלעקט .

מען האָט זיך געקיבעצט, געשטיפט. זי האָט געזונגען, און ער האָט זי באַגלייט מיט זיין פייפן. ביז זי איז געוואָרן זיין ווייב, „זיין מיידל", און זי אַרויסגענומען פון שאַפּ.

און איצט, ווען דער פּרעסער פייפט, לעבט זי נאָכאַמאָל דורך איר יוגנט. זי גיט אומבאַוואוסטזיניק אַ קאָקעטישן דריי־אויס דעם קאָפּ צום פּרעסער און זאָגט אים:

— פייפט נאָך, איך בעט אייך, פייפט.

דער פּרעסער קוקט אָן איר פאַרשייטן בליק און גיט אַ זאָג אין דער וועלט אַריין:

— אַ נייע אָנשיקעניש!

ענע קערט אָפּ איר פּנים פאַרשעמט. זי דערפילט ווידער אויף זיך אירע 48 יאָר. וויקלט זי זיך איין אין אירע זאָרגן, אין די צרות פון די קינדער.

די נאָדל הויבט דאַן אָן ביי ענע׳ן פליען שנעלער ווי געוויינטלעך, ביז זי באַגיסט זיך מיט אַ שווייס. די רויטע פלעקן באַדעקן ווידער איר פּנים. דער קאַמף מיט דער יוגנט לאָזט זי ניט אָפּ. אָן אומ־

רואיגקייט באַפאַלט איר און עס ווערט איר שרעקלעך היים. בעט זי זיך ביים מיידל, זי זאָל עפענען אביסל דאָס פענצטער.

דאָס מיידל ביים פענצטער הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט זי אָן פאַרוואונדערט און טוט אַ זאָג:

— אַ היץ אויף אייך, מיר איז קאַלט!

און זי גראָבט צוריק אירע אויגן אין דעם געניי.

ענע גיט זיך אַ נערוועזן דריי־אוים צו די פּרעסערס:

— אפשר וואָלט איר עפּעס געזונגען, מענער?

זי האָט שוין מורא צו דערמאָנען דעם פייפער, ווייל ווי אויף צו־להכעיס וויל ער מער ניט פייפן...



# דאָס חתונה רינגל

אַלעמען אין שאַפּ רופט מען ביים ערשטן נאָמען. עס איז: פעני, אָדער דזשעני; מערי, אָדער גרעים; אין שאַפּ זיינען אַלע — „מיידלעך", נאָר זי איינע רופט מען: מרס. וויזער.

ווען זי איז אָנגעקומען אין שאַפּ, איז עס קיינעם ניט געפעלן געוועז. עפּעס אויסטערליש-ווילד האָט עס געקלונגען אין זייערע אויערן.

— ווייסט ווי די נייע דרעיפּערן הייסט?

— זי הייסט דאָך מרס. וויזער. „מאַדאַם וויזער" — אַזעלכע ביטול'דיקע באַמערקונגען זיינען געגאַנגען פון איין מויל צום צווייטן.

די פינישערס האָבן זיך גענומען טשעפּן צו איר אַרבעט, אַז זי שטעלט אַריין די שפּילקעס אויף „געה'רג'עט" צו ווערן... אַז מען האַלט זיך אין איין צעשטעכן די פינגער, די „פּינס" שטייען ביי איר שטענדיק מיט די שפּיצן אַרויף"... האָט עמיצער אָנגעגייט אַ קאָלנער קרום, האָט מען עס אַרויפגעוואָרפן אויף דער נייער דרעיפּערן, אַז זי האָט עס אַזוי צוגעשפּיליעט.

ספּעציעל האָט לינע זי געהאַלטן אין איין „לערנען". מרס. וויזער האָט אַלץ צוגענומען מיט אַ שמייכל, ניט געוואָלט זיך מיט קיינעם פאַרטשעפּן.

„אָט, זיי ווילן זיך צוגעוואוינען צו דעם", — האָט זי געטראַכט.

זי ווייסט ביי זיך, אַז זי איז אַ גוטע אַרבעטערין. דער באַלעבאָס האָט ניט וואָס אויסצוזעצן קעגן איר אַרבעט, נאָר דאָס בלוט-צאַפּעניש פון די פינישערס איז אַמאָל אומדערטרעגלעך.

אַ סך מאָל, ווען זי שטייט אַזוי ביי דער „פיגור" מיט אַ פולן מויל מיט שפּילקעס, טראַכט זי: „הלואי וואָלט איך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וואַקס-פיגור, אַז כ'זאָל ניט פילן דעם ווייטיק פון לעבן, פון די מענטשן אַרום; אָדער ווערן אַ טייל פון דעם מענטשן-געדריי, רעדן — ווי די מערסטע פון זיי — פּוסטע רייד, זיך פאַרווײַלן מיט ביליקע מואווים און הנאה האָבן פון אַ קאָרטן-שפּיל דאַן וואָלטן מיך אפשר ניט געאַרט די באַמערקונגען, וואָס די מיידלעך מאַכן וועגן

מיר און איך וואָלט זיך געלאָזט 'לערנען' פון לינע'ן וויפיל איר
האַרץ גלוסט".

לינע אַרבעט שוין אין דעם שאַפּ אַ יאָר 12. אָנגעקומען איז
זי שוין דאָן מיט אַ גוטער רעקאָמענדאַציע פון 10 יאָר דערפאַרונג
ביי אַ זייער אָנגעזעענער פירמע. דער באַלעבאָס האָט זיך ניט געקאָנט
אָפּלויבן פון איר אַרבעט:

— „גאָלדענע הענט", און שנעל — ווי אַ רוח וואָלט אין איר
געזעסן.

אחוץ וואָס לינע איז געווען פייאיק אויף פאַרשיידענע דעלי־
קאַטנע האַנט־אַרבעטן, האָט זי דערצו געהאַט אַן אויג אויף אַלץ,
וואָס טוט זיך אין שאַפּ.

אין דעם פריערדיקן שאַפּ האָט זי טאַקע פאַרנומען דאָס אָרט
פון אַ שטיקל „פאָר־לעידי". זי איז געווען די איינציקע וואָך־
אַרבעטערין ביי די פינישערס. האָט מען געדאַרפט מאַכן אַ „סעמפּל",
— איז עס געווען לינע; איז אָנגעקומען אַ „נייע האַנט" אין שאַפּ,
— האָט לינע זי געדאַרפט „איינברעכן"; האָט די דרעיפערין געהאַט
אַ סך אַרבעט, — האָט לינע איר אַרויסגעהאָלפן. היינט אויפצונייען
עפּעס פאַר דעם באַלעבאָס טעכטערל, צי אויספינישן פאַר דער
באַלעבאָסטע אַ דרעס? — אַלץ לינע...

די אַרבעטער אין שאַפּ האָבן זי ניט ליב געהאַט, ווייל זי האָט
זיך געשניטן צו זיין אַ פאַלנע „פאָרלעידי"...

זי אַליין פלעגט טאַקע שטענדיק גיין מיט דעם קאָפּ פאַרריסן.
אין אירע פאַרזשמורעטע, שוואַרצע אויגן האָט שטענדיק געברענט
אַ פאַרדעכטיק פייערל. איר קליינע, דאַרע פיגור האָט זיך שטענדיק
געטראָגן איבערן שאַפּ אויף אירע הויכע קנאַפּל, און תמיד האָט איר
שפּיציק נעזל ווי עפּעס געזוכט.

עס איז פאַר קיינעם גאָר קיין פראַגע ניט געווען, אַז ווען עס
איז וועט לינע ווערן די גאַנצע אויפזעערין אינעם שאַפּ.

ערשט פלוצלונג אין אַ מיטן העלן טאָג קומט אַריין אַ בלאָנדע
מיידל אין שאַפּ, און דער באַלעבאָס שטעלט זי פאָר פאַר דער נייער
„פאָרלעידי"...

די מיידלעך האָבן זיך געשושקעט און געלאַכט, דערלעבט אַ

נקמה אין לינע׳ן: אַבי זי האָט געמיינט, אַז זי איז שוין „אויפן פערדל״...

אַנדערע, פאַרקערט, האָבן זי באַדויערט:

— זע נאָר, אַ באַלעבאָס איז טאַקע אַ חזיר, אַרבעט אָפּ פאַר אים אַזוי פיל יאָרן, טויג זיך אַזוי אויס, נעמט ער און ברענגט גאָר אַריין אַ בלאָנדע מיידל, און דערצו נאָך פון דייטשישן אָפּשטאַם.

— וואָס דען, אַ אידישע מיידל וועט זיך עס ביי אים דערלעבן?

לינע האָט די אַלע באַמערקונגען ניט געקאָנט פאַרטראָגן. ניט די וואָס זענען פול מיט סימפּאַטיע פאַר איר, און ניט יענע, וואָס האָבן זיך דערלעבט אין איר אַ נקמה.

האָט זי גענומען אין אַ פּראָסטן דאָנערשטאָג, ווען אין שאַפּ האָט זיך געקאָכט מיט „ספּעשלס״, און געזאָגט צום באַלעבאָס:

— זייט וויסן, אַז איך קום ניט אַריין קומענדיגע וואָך. איך האָב אַ דזשאָב, וואָס זאָגט מיר צו עפּעס מער...

דער באַלעבאָס, אַביסל אַ שולדיגער, האָט זי געפּרואווט אָפּרעדן:

— וואָס הייסט?... זי איז דאָך שוין דאָ אַזוי צוגעוואוינט, וואו וועט זי גיין? אַ פרעמדער שאַפּ... שפּעטער וועט ער אפשר פאַר־גרעסערן דעם שאַפּ, וועט זי אויך האָבן אַ געלעגנהייט...

זי האָט אָבער אַנטשלאָסן געזאָגט, אַז 10 יאָר איז גענוג, און איז אַוועק.

ווען זי איז אָנגעקומען אין דעם איצטיגן שאַפּ, איז איר פּשוט געגאַנגען אין לעבן צו ווערן אַ „פאָרלעידי״. פלעגט מען דאַרפן פינישן אַ דרעס נאָך 5 אַזייגער, ווען אַלע פינישערס האָבן זיך שוין געפּודערט די נעזער אויף אַהיים צו גיין, — האָט לינע, מיט אַ אונטערטעניגן שמייכל, שטענדיג אַ כאַפּ געטאָן די דרעס פון דעם באַלעבאָס האַנט און געזאָגט: „מר. פערדמאַן, איך וועל עס אייך מאַכן״.

לינע איז דעריבער פאַראַכט געוואָרן ביי די אַרבעטער. אַ שקלאַף צום באַלעבאָס האָט קיינער ניט ליב. מען האָט איר אויך ניט געטרויט צופיל, מורא געהאַט איר עפּעס צו דערציילן, אַז טאָמער וועט זי דאָס אָפּטראָגן צום באַלעבאָס...

באַלד האָבן זיך געשאַפן צוויי פּאַרטייען אין שאַפּ, איינע — מיט לינען. די וואָס האָבן געהאָפט, אַז אַזוי שנעל ווי לינע וועט ווערן

„פּאַרלעידי”, ווען זיי ביי איר אויך עפּעס „פּאַזשיוועז”, — און די צווייטע — געגן איר.

איז לינע געזעסן און אוועקגעגעבן איר כח דעם נייעם באַלעבאַס, געאַרבעט געטריי און געהאָפט, אַז ווען עס איז וועט זי זיך ארויפ־אַרבעטן אין שאַפּ...

דערוויל האָט זי געגייט און אַזוי, צו ביסלעך, אוועקגעגייט איר יוגנט. אירע האָר האָבן גענומען גרוי ווערן. פון אונטער די קליינע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק געשפּריצט מיט אַ פאַר־דעכטיגן פייערל, האָבן זיך גענומען ציען פּאַסיווע אויפגעבענדיגע פּאַסן. די הויט אויף איר פּנים האָט זיך אָפּגעצויגן און איז אַראָפּ־געהאַנגען, ווי לידיקע בייטלען, פון אונטער איר שפּיציקער גאָמבע.

די שנעלקייט פון אירע געניטע הענט איז ארויס, פאַר־שוואונדן, צוזאַמען מיט איר יוגנט. איר ספּריטנער גאַנג איז פאַר־לאַנגזאַמט געוואָרן, נאָר דער עקשנות'דיגער שטאָלצער קאָפּ, מיט די האָר, וואָס זי האָט גענומען פאַרבן אויף קאַשטאַנען-ברוין, איז נאָך אַלץ געווען פאַריסן...

איבערהויפּט פלעגט איר קאָפּ ווערן שטאָלץ, ווען דער באַלעבאָס פלעגט צוגיין צו איר, איר אַריינרוימען אַ סוד אין אויער, אָדער זיך האַלטן מיט איר אַן עצה וועגן עפּעס. אמת, דאָס גאַנצע סוד'ען זיך איז אַמאָל באַשטאַנען אין דעם, אַז זי זאָל אים ברענגען מאָרגן געהאַקטע אייער מיט ציבעלע-סענדוויטשעס — דעם באַלעבאָס' באַליבטן מאכל, וואָס זינט זיין ווייב איז געשטאָרבן, האָט ער ניט געהאַט ווער עס זאָל דאָס פאַר אים מאַכן...

פלעגט לינע אים אַ פּאָר מאָל אין וואָך ברענגען אַזעלכע סענד־וויטשעס, און ערגעץ ביי איר האָט זיך פאַר'גנב'עט אַ געדאַנק, אַז — אפשר ?... אָט, ער רעדט דאָך צו איר אַזוי מילד און שטיל, האַלט זיך מיט איר אַן עצה, — אַמאָל וועגן אַ קינד און אַמאָל וועגן אַן ענין אין שאַפּ ; גיט אָפּט אַ וואונק מיט אַן אויג, און טיילמאָל, ווען קיינער זעט נישט, אפילו אַ קניפּ אין אַ ווייכן אָרט... אמת, זיין שמייכל קען זי ניט פאַרטראָגן. עפּעס אַזאַ נאַרישער שמייכל — ריינער לעקיש. און עלטער פון איר מוז ער זיין אפשר מיט 20 יאָר. אָבער אַ מאַן אין די זעכציקער איז נאָך ניט אַזוי געפערלעך אַלט. אי

דאָס, וואָס ער איז ניט קיין חכם, איז אויך ניט קיין אומגליק, — וועט זי ווערן די געשעפט־פירערין...

ווען לינע טראַכט אַזוי, טוט זי אַ שטעל אָפּ איר אַרבעט, גיט אַ שטעק אַריין די נאָדל אין דעם לייוונט, וואָס איז אַרומגעקלאַפּט אַרום דעם פינישינג־טיש, פאַרמאַכט די אויגן אויף אַ רגע, גיט אַ גלייך אויס די פּלייצע, אַ ציִ אויס די הענט, און טראַכט:

„דאָס ערשטע, וועט זי פאָרן אין פלאָרידע אויף עטלעכע וואָכן, זיך גוט אויסבאַקן אויף דער זון, אויסרוען אירע אויסגעמאַטערטע גלידער. דערנאָך וועט זי אַריינקומען אין שאַפּ אין אַ נייעם „פּויר־זשען לעם״־מאַנטל מיט אַ מופטע, און זי וועט אַבסאָלוט באַשטיין, מען זאָל איר רופן מרס. פערדמאַן. זי וועט זאָגן, אַז ער וויל אַזוי״...

די דאָזיקע חלומות פלעגן באַ איר פאַרשטאַרקט ווערן אין די טעג, וואָס זי האָט געבראַכט דעם באַלעבאָס די געהאַקטע אייער מיט ציבעלע־סענדוויטשעס. דאַן פלעגט זי קריגן פרישן כח און אַרבעטן מיט מער אימפּעט. איר קאָפּ פלעגט דאַן שטיין שטאָלצער ווי שטענ־דיג, און אירע פאַרזשמורעטע אויגן פלעגן זיך פאַרגיין אין שמייכלען...

פּלוצים קומט צו איר איינמאָל צו דער באַלעבאָס און זאָגט:

— לינעטשקע, ווייסט, איך וועל דיר שוין מער ניט דאַרפן באַדערן מיט די סענדוויטשעס. איך וועל שוין האָבן אַן אייגענע מיסעס. ווינטש מיר גליק!...

אין לינע׳ן איז מיטאַמאָל פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש. דאָס לעצטע ביסל האָפענונג איז ביי איר אויסגערונען. דאָס פאַרזשמור־עטע פּיערל אין אירע אויגן איז עפּעס ווי פאַרגליווערט געוואָרן, און די אָפּגעצויגענע הויט אויף איר פּנים איז געוואָרן ווי פון שטיין אויס־געהאַקט. אירע דאַרע, אָדערדיגע הענט האָבן ווידער געצויגן די מיילן פאָדים, און די נאָדל האָט מעכאַניש געזייט די פּערלדיקע שטעך...

גראָד נאָכדעם איז אַריינגעקומען אַ נייע פינישערין אין שאַפּ, דאָראָטי, וואָס האָט גענומען רעדן צו די מיידלעך, אַז זיי קריגן ניט גענוג באַצאָלט און אַז מען דאַרף קעמפן פאַר בעסערע פּרייזן. ביי אַ שאַפּ־מיטינג האָט זי אַפּעלירט, מען זאָל אויסקלייבן אַ נייע סעטל־מענט־קאָמיטע.

האָט לינע וואָלונטירט צו זיין אינעם קאָמיטעט. אַלע האָבן זיך איבערגעקוקט מיט דערשטוינונג און כאַטש לויט דער ענדערונג אין לינע׳ן האָט מען שוין לאַנג געזען, אַז זי איז אַנטוישט אין דעם באַלעבאָס יושר, אָבער דאָך — געטרויען איר, האָט מען זיך ניט געכאַפּט. אָבער דער ביזנעס-אַגענט, און די קלוגע דאַראָטי האָבן זיך אויף שנעל איבערגעקוקט און צוגעשטימט.

אַזוי איז לינע פּלוצלונג געוואָרן דער קאָפּ פון דעם „פינישינג דעפּאַרטמענט", און זי האָט זיך געסטאַרעט צו דינען געטריי דעם אמת, וואָס איז איר צוגעטיילט געוואָרן. און כדי צו מאַכן איר פּאָזיציע אַלס פּרייז־קאָמיטע נאָך ווירדיגער, פּלעגט זי, בעתן סעטלען, מיט פעסטקייט זאָגן צום באַלעבאָס:

— איך פאַרטרעט איצט דאָס ברויט מיט פּוטער פאַר 16 מיידלעך, און איך בין גרייט זיי צו סטאָפּן פון דער ארבעט, אויב איך קריג ניט פאַר מיינע מיידלעך דעם ריכטיקן פּרייז...

לינע איז געווען פון יענעם טיפּ פרוי, וואָס האָט געדאַרפט ערגעץ קעניגן, ערגעץ זיין די פירערין — אין אַ שאַפּ, אָדער אין אַ הויז, — זיין די באַלעבאָסטע, פירן דאָס רעדל... נו, איז דאָס איר אפנים ניט באַשערט געווען. איר קליינע, דאַרע פיגור אויף די הויכע קנאַפּל, האָט עפּעס ווי אַריבערגעשפּאַנט די יוגנט. אַלע חלומות אירע, צו ווערן עמעצנס ווייב, זיינען אויסגערונען, פּונקט ווי עס איז פאַרשוואונדן איר האָפענונג צו זיין די פירערין אין אַ שאַפּ... איבערגעבליבן איז ביי איר בלויז אַ שטאָלצער, גרויער קאָפּ אויף הויך-אויפגעהויבענע אַקסלען...

האָט זי, לינע, דעריבער געהאַלטן אין פאַרבן די האָר אויף קאַשטאַנען-ברוין, און מיט די לעצטע כחות אָנגעפירט איר אַקטיווי-טעט אַלס פּרייז־קאָמיטע.

ווען מרס. ווייזער איז אַריינגעקומען אין שאַפּ, האָט לינע מער פון אַלעמען ניט געקאָנט דולדן איר שטאָלצן האַלטן זיך, און דאָס, וואָס יענע באַשטייט דווקא, מען זאָל זי רופן „מרס. ווייזער".

— ביסטו אַ מיסעס, — איז, זיץ אין הויז און באַק קנישעס! ביסטו יאָ געקומען אין שאַפּ, — איז אויס מיסעס. ביים ערשטן נאָמען — אַ „מיידל" — גלייך מיט אַלעמען...

איז דערפאַר טאַקע האָט זי יענער געהאַלטן אין איין „לערנען" ווי

צו דרעיפֿן, און עס האָט איר ניט געאַרט, אַז דער באַלעבאָס זאָל עס טאַקע זען...

מרס. ווייזער האָט מיט פֿיל געדולד גענומען אַלע שטעך־ווערטלעך פֿון די מיידלעך, דאָס אַזוי־גערופֿענע „לערנען" פֿון לינע'ן, אָנגעקוקט יעדערן מיט אירע קלוגע, ברוינע, וואַרימע אויגן און געשמייכלט:

— יעס, טייערע, זיכער וועל איך אַזוי טאָן. אַ דאַנק, אַ דאַנק!...

די מיידלעך האָבן געהויבן מיט די אַקסלען און עפּעס ניט געקענט קומען צו קיין באַשלוס וועגן איר, צי זאָלן זיי זי ליב האָבן, צי ניט?

צו איר אַרבעט האָבן זיי זיך שוין לאַנג צוגעוואוינט און אפֿילו אָנערקענט, אַז זי איז אַ גוטע דרעיפּערין. נאָר די אָפּגעזונדערטקייט אירע, די שוואַרצע האָר מיט'ן גרויסן פּאַס פֿון פּאָרנט, — אַזוי ווירדיג פֿאַרקאַמט אַרויף; איר הויכער בוזים און אפֿילו שטאָלצע פיגור, דער מאַמעדיגער שמייכל אויף איר קליינעם סודות'דיקן מויל, — אַלץ אין איר האָט אַרויסגערופֿן דרך־ארץ, און ביסלעכווייז האָט דער נאָמען „מרס. ווייזער" ווי זיך צוגעקלעפּט צו איר.

בלויז לינע האָט בשום אופֿן ניט געקאָנט אויסקומען מיט איר. לינע האָט ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן איר האַלטן זיך און אַלעמאָל איר ווײ־געטאָן אויף אַן אַנדער אופֿן.

איינמאָל איז מרס. ווייזער אַהיימגעקומען זייער פֿאַרביטערט. לינע איז איר יענעם טאָג שטאַרק דערגאַנגען די יאָרן: איר געגעבן שטעך־ווערטלעך, געלאַכט פֿון איר, און מיט אַזאַ מאָדנע סאַטירישער ביטערקייט אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט: „מרס. ווייזער".

יענעם אָוונט האָט זי דעריבער אפֿילו ניט געקאָנט עסן קיין וועטשערע. אַראָפּגעוואָרפֿן דעם מאַנטל, באַטראַכט די פֿיר ווענט פֿון איר צימער, און דעם ביכער־שאַנק. די ביכער מיט קאָלירטע רוקנס האָבן אָבער געשוויגן. זי האָט אַ ווענד געטאָן אירע אויגן צו איר מאַמעס בילד, געוואָלט זיך אַביסל פּיעסטשען, פֿאַר איר רעדן, דערציילן, אָבער די מאַמע איז געשטאַנען, ווי אַ מאַסקירטע מיטן גאָלדענעם קייטל אויפֿן האַלז, עפּעס מאָדנע געשמייכלט, גאָרניט ווי איר מאַמע, נאָר ווי אַ טייל פֿון די טויטע זאַכן ביי איר אין צימער...

האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפֿן בעט, גענומען די פֿאַרפּוצטע

ליאַלקע אין אירע אָרעמס, זי צוגעדריקט צו איר האַרצן און ביטער געוויינט. און בעת זי האָט געוויינט, האָט זי געטראַכט:

„אפשר זאָל זי גאָר לינע׳ן איינלאַדן צו זיך אויף וועטשערע און צו איר רעדן, איר אויסדערציילן פון איר לעבן?״...

זי וועט איר אַזוי זאָגן:

— לינע, זייט ניט איבערזיכטיק אויף מיין נאָמען און ניט אויף מיין חתונה־רינגל; מיין גורל איז דער זעלבער וואָס אייערער. אויך איך, מיט מיין גאַנצן אָנשטעל, האָב פאַרשפּילט דאָס לעבן.

— איך האָב געוואָלט בלייבן געטריי דעם זכר פון מיין איינציקער גרויסער ליבע. אפשר איז עס נאַריש, סענטימענטאַל, אָבער איך האָב עס דאָך ניט געקאָנט פאַרבייטן מיט אימיטאַציע פון לעבן. אָבער וועלט און מענטש זיינען מיר געשטאַנען אין וועג.

— אַזאַ מיידל, שיין און קלוג, זאָל גאָר בלייבן אַליין? א ווילדער געדאַנק! — האָבן מענטשן מיר געזאָגט, און וואו נאָר עמיצער האָט געוואוסט פון אַן אַלמן, פון א צרה׳דיקן אַלטן בחור, האָט מען אים געשלעפּט צו מיר, גערעדט שידוכים. היינט די וויצן אין די שעפּער וועגן מיין מיידלשאַפט...

— איינמאָל, שטייענדיק אין שפּיגל, באַטראַכטנדיק מיינע גרויע האָר, וואָס האָבן זיך באַוויזן גלייך פון פאָרנט, איז מיר איינגעפאַלן צו פאַרלאָזן די שטאָט מיט די קרובים, מיט די אַלטע באַקאַנטע. איך בין געקומען קיין ניו יאָרק, געדונגען א צימער, עס אויסגע־מעבלירט, אָנגעטאָן מיין מאַמע׳ס חתונה־רינגל און זיך אַליין געזאָגט:

— מזל טוב דיר, מרס. ווייזער!...

— און אונטער אָט דעם נאָמען בין איך אריין אין שאַפּ.

„זאָל איך אָט דאָס אַלץ דערציילן לינע׳ן?״ — האָט זי זיך מיטאַמאָל א כאַפּ געטאָן. — ״זי וועט דאָך טראַכטן, אַז איך בין משוגע״...

„ניין!״ — זי האָט זיך עקשנות׳דיק א הייב אויף געטאָן פון בעט, אַוועקגעלייגט די פאַרפּוצטע ליאַלקע מיט די גלעזערנע אויגן און נערוועז גענומען שפּאַנען איבערן צימער. אין איר געדאַנק האָט זיך איבערגע׳חזר׳ט דער עקשנות׳דיקער: „ניין!״ „ניין, זי וועט ניט. זי וועט איר סוד קיינעם ניט דערציילן. אַזוי לאַנג ווי דאָס וואָרט „אַלטע מויד״ וועט זיין א זידל־וואָרט; אַזוי לאַנג ווי זי, אַלס רבקה

ווייזער, וועט ניט קאָנען טראָגן איר גרויע פּאַסמע האָר מיט שטאָלץ, וועט זי מוזן אָנגיין מיט איר מאַסקירטן לעבן".

„זי וועט ווידער איר גאַנצע מוטערלעכקייט אַריינלייגן אין דער ליאַלקע מיט די גלעזערנע אויגן".

„זי וועט אירע ליבעסלאָזע נעכט דערשטיקן אין איר ווייסן קישן, סיידן אַ קינד פון אַ קרוב אין אייראָפּע זאָל זיך אָפּזוכן? — וועט זי דאָך אודאי זיין באַרעכטיקט צו דעם נאָמען. זי וועט דאַרפן ווערן אַ מאַמע צו אַן אמת קינד, פלייש און בלוט..."

אירע פאַרטערערטע אויגן האָבן אויפגעלויכטן פונעם געדאַנק.

אויף מאָרגן איז זי אַריין אין שאַפּ נאָך שטאָלצער ווי שטענדיק.

— גוט מאָרגן, לינע! — האָט זי די ערשטע איר אָפּגעגעבן די באַגריסונג.

און יענע, איבערראַשט, אויב נישט געפּלעפט, פון איר ווייטער־דיקער שטאָלצער האַלטונג, פון אירע קלוגע מאַמעשע אויגן, האָט מיט דרך ארץ פאַר דעם גרויען פּאַס אין מיטן פון דעם שוואַרצן קאָפּ, — פּלוצלונג געענטפערט מיט ווייכקייט:

— גוט מאָרגן, מרס. ווייזער.



# נאָך 5 אַזייגער

ווען די מאַשינען שטעלן זיך אָפּ, די מענטשן צעגייען זיך, די בענקלעך בלייבן צעריקט, און אַלץ ווערט טויט אין שאַפּ, ווערט מר. פערדמאַנ׳ען עפּעס אויך ווי טויט אויף דער נשמה.

אָט ערשט ניט לאַנג האָט זיך עס געקאָכט. די מאַשינען האָבן גערוישט. איינער רעדט. איינער זינגט. פון „שיפּינג־דעפּאַרטמנעט" קומט אַלע מאָל צו דאָס בחור׳ל מיטן פּאַפּיר אין האַנט און פרעגט אים עפּעס, און זיין נאָמען קלינגט איבערן גאַנצן שאַפּ — זיין נאָמען איבער אַלץ...

— מר. פערדמאַן, בלויע פּאָדעם, פּליעז!

— מר. פערדמאַן, „סים-ביינדינג"! יאָ, גרינע! „אַ זיפּער"! ווייסע פּאָדעם! שוואַרצע פּאָדעם! אַ „דעמעדזש" אין דער „וואַרע"! אָבער דער עיקר — עס הערט זיך מר. פערדמאַן איבערן גאַנצן שאַפּ.

אפילו די בלאָנדע בוכהאַלטערן גייט צו אים צו מיט אַזאַ זיסן שמייכעלע און בעט, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין אריינגיין אין אָפיס און אונטערשרייבן די „טשעקס". און אַז זיי גייען אַוועק, — איז אַלץ אויס...

דער אָפיס, אָן דעם בלאָנדן מיידל, זעט אויס אַזוי נישטיק. דער אַלטער אָפּגעריבענער שרייב-טיש, די עטלעכע פּאַפּירן, וואָס ליגן אויף דעם, און דער טעלעפאָן — אַלץ איז עפּעס טויט.

ווען דאָס מיידל איז דאָ, דער טעלעפאָן קלינגט, און זי הייבט אויף דאָס טרייבל און גיט מיט איר דינעם קולכל אַ זינג אויס: „האַרמאָני ליידיס פּראָקס", איז דאָס אין גאַנצן עפּעס אַנדערש...

איצט זיצט ער אליין אין דעם אָפיסל און הערט די פיס־טריט פונעם לעצטן אַרבעטער. עס הערט זיך נאָך דער לעצטער קלאַנג פונעם זייגער, וואָס האָט רעגיסטרירט אויפן קאַרטל די צייט ווען יענער האָט פאַרלאָזט.

מר. פערדמאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין אייגן זייגערל און געזען, אַז עס איז שוין פופצן נאָך פינף. ערשט פופצן מינוט, און דער שאַפּ איז שוין ליידיק. ווי זיי צעלויפן זיך עס, ווי פון אַ פייער, און ער טראַכט זיך:

„וואָס לויפן זיי אַזוי? וואָס איז דאָ זיי שלעכט? מען אַרבעט דען? — ווי באַנקירן, כ׳לעבן. מען קומט אַריין ניין אינדערפרי, און צען צו פינף לויפט מען שוין אין וואַש-צימער".

מר. פערדמאַן פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, פאָלגט נאָך דעם דרייענדיקן רויך פון זיין איינגעשרומפּענעם מויל, און זיינע געדאַנקען פאַרטראָגן אים צו יענער צייט ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע:

„אַך", — גיט ער אַ לאַנגן זיפץ אַרויס, — איך האָב ניט געהאַט אַזאַ גן-עדן. כ׳בין אויפגעשטאַנען פינף פאַרטאָג, געאַרבעט אין אַלדי רוחות, געפאָרן מיט דער „טראָלי-קאַר" ערגעץ אין אויס-רייסעניש, און פאַרדינט דריי דאָלער אַ וואָך; געוואוינט אין העסטער סטריט ביי אַ מיסעס פאַר $2.50 אַ חודש, האָט זי מיר נאָך געמאַכט פרישטאָג יעדן פרימאָרגן"...

ווען ער דערמאָנט זיך אין יענע יאָרן, ווערט זיין דאַר-אויסגע-בײנערטער פּנים אויפגעלויכטן און באַגיסט זיך מיט יוגנטלעכקייט. זיין שפּיציק לאַנגע נאָז ווערט אויפגעקנייטשט, און פון די קליינע בלויע אויגן רייסט זיך אַ נאַרישער געלעכטער:

— אַי איז דאָס אַ מיסעסל געווען, האָט זי דאָס אָפּגעפּרעגלט אַ הערינג אויף אָנבייסן!

זיינע נאָזלעכער עפענען זיך ברייטער בעת ער דערמאָנט זיך פון יענעם מאכל, פּונקט ווי ער וואָלט איצט דערפילט דעם טעם פון דעם הערינג מיט ציבעלע, וואָס פּרעגלט זיך אין דער סקאָוואָראָדע...

פינף באָרדערס זיינען זיי געווען. ס׳הייסט — פון אָנהויב זיינען זיי געווען פיר. איז דערנאָך צוגעקומען זיין ברודער, האָט ער שוין דאַן געצאָלט מיט פופציק סענט מער, און געשלאָפן איז ער צוזאַמען מיטן ברודער, האָט עס פאַר ביידן אויסגעטראָגן ביליקער...

אָבער אַז עס קומט צום ברודער, מוז ער אַלעמאָל האָבן עגמת נפש. אָט נאָך פון דעמאָלט טאַקע, אין יענעם הויז, וואו די פענצטער פון דעם צווייטן הויז זיינען אַריין צו אים אין בעט. אין יענעם הויז האָבן געוואוינט מיידלעך, אויך באָרדערקעס.

די הייזער אין יענער געגנט זיינען געווען איבערפילט מיט מייז, ראַצן, און אין די בעטן האָט אויך ניט געפעלט; איינמאָל אין מיטן דער נאַכט האָבן זיך פּלוצים דערהערט געוואַלדן פון יענעם הויז,

וואו די מיידלעך האָבן געוואוינט. אַ ראַץ מיט די קאַלטע שפּיציקע לאַפּעס, איז דאָרט געקומען צו גאַסט צו איינער אין בעט אַריין. דאָס מיידל איז געוואָרן אַזוי היסטעריש, און איז אינעם נאַכט־העמד אַריינגעשפּרונגען דורכן פענצטער גלייך צו אים אין בעט אַריין... און שיין איז דאָס מיידל געווען...

מר. פערדמאַן מאַכט צו די אויגן. ער וויל זיך אויסדריקלעך דערמאָנען דעם אויסזען פון יענעם מיידל און קאָן ניט. ער ווייס נאָר, אַז זי איז געווען שיין. אַ מאָדנע פאַרדראָס שפּרייט זיך אויס אויף זיין פּנים, וואָס ער איז דעמאָלט געשלאָפן מיט זיין ברודער...

היינט דאָס גלאָז ביר, וואָס ער האָט דאַן געקראָגן פאַר אַ ניקל! עס רעדט זיך אַזוי — „אַ גלאָז ביר". און צו דעם ביר? — די געזאַלצענע בייגעלעך, אַרבעס, הערינג און וואורשט, און פאַר נאָך צוויי סענט האָט מען שוין געקראָגן זופּ אויך, און ברויט — וויפיל מען האָט געוואָלט...

אי, פלעגט ער עס הנאה האָבן פון די אַלע זאַכן, ספּעציעל פון די האַרטע קנאָבל־וואורשט.

נו, איז וואָס קומט אים אַרויס, אַז ער קאָן זיך היינט פאַרגינען עפּעס מער ווי דאָס?

דערפאַר זיצט ער דאָך אָבער דאָ אַליין אין אָפּיסל און וואַרט, אַז דער בחורל זאָל אים אַרויפברענגען די קאַווע און דעם קעז־סענדוויטש אויף וויסן ברויט...

ער, מר. אייברעהעם פערדמאַן, וואָס קאָן זיך, גאָט צו דאַנקען, פאַרגינען צו מאַכן דער ווייב אַ מאַנטל פאַר צוויי טויזנט דאָלער; וואָס האָט ערשט געקויפט אַ נייעם אויטאָמאָביל, און וואָס פאַרמאָגט אַ זומער־היים, — מוז עסן אַ סענדוויטש פון קעז אויף וויסן ברויט. ווייל וואָס? — ווייל די פּאַסקודנע דענטיסטן קאָנען זיך ניט דער־טראַכטן צו אַזעלכע ציין, אַז ער זאָל טאַקע קאָנען עסן אויף זיי... טויזנטער וואָלט ער דאָך זיי געגעבן, ווען זיי קענען אים צופּאַסן ציין, ער זאָל מיט זיי זיך קאָנען אַריינבייסן אין אַ גוט שטיקל האַרטן קנאָבל־וואורשט...

יאָ, דאָס געלט נעמען זיי דווקא צו ביי אים, נאָר צו ציין, אַזעלכע וואָס ער זאָל טאַקע קאָנען נוצן, קומט עס ניט...

מילא, אין הויז, פאַר דער ווייב, מוז ער שוין אַמאָל אָנטאָן די

ציין, ווייל זי וואַרפט זיך אַזוי ווען זי זעט אים אָן די ציין, רופט אים אויס וואָס אין דער קאָרט, און שעמט זיך צו ווייזן מיט אים פּאַר מענטשן:

— אייב, — זאָגט זי, — ווי לאַנג וועסטו נאָך אַרומגיין מיטן פֿאַרשנורעוועטן פּיסקעלע, מיט די איינגעפּאַלענע באַקן?... ניט גענוג, וואָס די גאַנצע פיזיאָנאָמיע איז ביי דיר איינגעפּאַלן, די הויזן הענגען אויף דיר ווי אויף אַ שטעקן, דאָס רעקל גליטשט זיך אַרונטער פון די אַקסלען, דאַרף נאָך דאָס פּנים אויך זיין ווי ביי אַ מת?... מענטשן קאָנען נאָך דענקען, אַז דו האָסט ניט מיט וואָס אַ מאָג איבערצוקומען...

אַזוי רעדט זי צו אים, זיין מאַטילדע. איצט האָט זי דערזען אין אים אַלע חסרונות:

— וואָס־זשע? — טוט ער אַ פרעג, — צוריק מיט פינף יאָר, ווען ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, האָט ער דען געהאַט ווייניקער חסרונות?

ער איז פון תמיד אָן אַ דאַרער, און קיין איינגענעם צאָן אין מויל האָט ער שוין דאַן אויך ניט געהאַט. אפילו זיינע יאָרן האָט ער פון איר ניט פאַרלייקנט. אַלץ איז דאַן געווען גוט, און איצט טויג ניט...

„עסן מיט קיין קנאָבל טאָר ער ניט, ווייל עס הערט זיך פון מויל. אַ מאכל געמאַכט מיט ציבעלע — אויך ניט, צוליב די זעלבע סיבות...”

איך בעט זיך ביי איר: גזלן! אַ באָרשט מיט אַ שטיקל קנאָבל... מען דאַרף דאָך עס ניט קייען. און זי, ווי אויף צו־להכעיס, גולאַש און נאָכאַמאָל גולאַש. באָרשט קלינגט אין אירע אויערן גאָר ווילד...

אַי, דאָס ברודערל מיינס, ער האָט עס מיר איינגעהאַנדלט די סחורה. וואָס איז? — זיין ווייב'ס משפּחה, אַ עלטערע מיידל, דאַרף איך עס זי מאַכן פאַר אַ יונג ווייבל...

חשבונות מיטן ברודער האָט מר. פערדמאַן נאָך פון קינדווייז אָן. שטענדיק האָט יענער געהאַט מער חוצפּה פון אים. שטענדיק איז יענער געווען דער אויפטוער, און ער, אייב, האָט אַלעמאָל גערדאַרפט גוט־מאַכן.

אַזוי נאָך פון די חדר יאָרן אָן: זיין ברודער מאָריס איז מיט

דריי יאָר אינגער פון אים, האָט ער אים אַריבערגעיאָגט אין לערנען; זיך אויסגעלערנט זעקס בלאַט גמרא אויף אויסווייניק — און דאָס האָט ער אים שוין קיינמאָל ניט געקענט דערטראָגן. און ווי דער טאַטע האָט זיך עס געגרויסט מיט מאָרים'ן און אים געגעבן מער חנוכה געלט... און די מאַמע האָט אים אונטערגעשטופּט נאָך אַ גריוו אויף די לאַטקעס... אָבער ער, אייב, איז שטענדיק געווען דער שולדיקער און אַלעמאָל געדאַרפט גוט־מאַכן.

צו זעכצן יאָר איז ער אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. ער האָט זיך געטראַכט:

„אוים. זאָל זיין גענוג. צייט צו ווערן אַ מענטש פאַר זיך אַליין"!

קומט יענער אָבער, דער ברודער, מיט פיר יאָר שפּעטער קיין אַמעריקע, אַרבעט דאָ אָפּ אַ שטיקל צייט, און גייט אַריין אין ביזנעס. און ער, אייב, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אויסגעגרינט, ווערט גאָר ביי אים אַן אַרבעטער.

אין אייב'ן האָט דער פאַרדראָס אויפן ברודער געגליט און זיך געריסן, ווי אַ פלעמל צווישן אַש. איז ער איינמאָל אַרוים פון די כלים און אים געזאָגט:

— הער זיך איין, ברודער לעבן, עס איז דיר דאָ ניט דער מאַמעס גריוועלעך אין דער היים. ווערסט פון מיין שוויים ניט רייך ווערן. ס'איז אַמעריקע, איך האָב אויך „אַפּאָרטוניטי". און אויב עס וועט ניט גיין, וועל איך אפילו אַוועקגיין פאַרדינגען מיין כח צו אַ פרעמדן. אָבער אַ ברודער, אַן אייגענער ברודער זאָל אויסנוצן, זויגן דאָס בלוט — דאָס, לא מיט אַן אַלף...

זיין ברודער מאָרים האָט אים אָנגעקוקט געלאַסן, געדרייכערט זיין סיגאַרעט און בעת מעשה וועגן עפּעס געטראַכט. דערנאָך האָט ער זיך פלוצלונג געגעבן אַ הייב אויף און געזאָגט:

— ווייסטו וואָס, אייב, וואָס דאַרפסטו מיך ניט פאַרגינען ס'לעבן? — ווער אויך אַ באַלעבאָס... איך וועל דיר דערציילן אַלע סודות דערפון, — אַליין, וואָס דו דאַרפסט האָבן, איז צו דינגען אַ „פלעט" און אַריינשטעלן עטלעכע מאַשינען. אַרבעט וועל איך דיר שוין געבן גענוג.

בעת מאָרים איז נאָך די זעלבע וואָך געגאַנגען מיט אים אויף דער באַוערי אָנצוקוקן די מאַשינען, האָט אייב ביי זיך געטראַכט:

„זע נאָר, זע, אַ ברודער איז דאָך פאָרט אַ ברודער. בלוט איז ניט קיין וואַסער, כ'לעבן"... און ביי דעם געדאַנק האָבן זיינע אויגן אַזש אויפגעשטראַלט. ער האָט דאַן מאָרים'ן געזען גאָר אַלס קליינעם אינגעלע, ווי ער לויפט אין חדר מיט צעריסענע שיכלעך, און לערנט מיט התמדה... נו, אַ גוט קעפּל געהאַט, משה'לע" — גיט ער ענדלעך צו דעם ברודער'ס פייאיגקייטן. שטענדיק, ווען ער וויל טראַכטן וועגן זיין ברודער מיט ליבשאַפט, דערמאָנט ער זיך, ווי ער האָט אויסגעזען אַלס קינד, מיט צעריסענע שיכלעך. און דעמאָלט, ווען ער איז געגאַנגען מיט אים אויף דער באַוויערי איינקויפן די מאַשינען, האָט ער אויך אַזוי געטראַכט פון אים.

אייב פערדמאַן האָט זיך דאַן איינגעהאַנדלט זעקס מאַשינען. אַ „פלעט" האָט ער שוין געהאַט צוגעגרייט, און גענומען איינאָרדענען דעם שאַפּ.

אַזוי זיינען געלאָפן יאָרן נאָך יאָרן... אייב האָט כסדר צוגע־שטעלט נאָך אַ פּאָר מאַשינען און גענומען אַרבעט ביי זיין ברודער מאָרים'ן. און דער ברודער מאָרים האָט זיך דורך די יאָרן ברייטער צעשפּרייט אין גאַרמענט-צענטער. וואָס אַ יאָר אַלץ מער געשניטן און אַרויסגעגעבן מער אַרבעט צו מער שעפּער.

אייב האָט שוין לאַנג איינגעזען, אַז זיין ברודער האָט אים דאַן אַ קנאַפּע טובה געטאָן, ווייל די זעלבע טובה האָט ער געטאָן פּאַר אַזויפיל אַנדערע פרעמדע, און האָט אַזוי־אַרום אָנגעפּלאָדיעט געגוג שאַפּקעלעך, באַלעבאַטימלעך, קאָנטראַקטערלעך... און ביי יעדן איינעם פאַרדינט ער שטיקער גאָלד. ער, אייב, ער פאָרקערט זיך נאָך אַלץ ביי די 15 מאַשינען, קוקט אַרויס, אַז דער ברודער זאָל אים געבן אַרבעט, און אַז יענער וויל, גיט ער אים דווקא אַזאַ אַרבעט, וואָס בלייבט אין די מאַשינען ווי שטיינער.

אייב האָט דעריבער אָפט טענות צום ברודער, פאַרוואָס ער גיט עמיצן אַנדערש אַ בעסערע דרעס, און יענער מאַכט צוויי מאָל אַזוי פיל „שיפּמענטס" וויפיל ער.

דערויף ענטפערט אים יענער:

— נו, אַ ברודער זאָל אַזוי ריידן? — ווער דען וועט מאַכן די אַרבעט — אַ פרעמדער? — אגב, האָסטו דאָך אַ סעט מיט גוטע הענט, און וואָס האָבן זיי דאַרט?

ווערט דאַן אייב אין כעס:

— אויף דעם בין איך דיר אַ ברודער, האַ?...

און מען הויבט זיך אָן זידלען, און שרייען אויף די העכסטע אָקטאַוועס.

ביז איינמאָל זאָגט צו אים אייב:

— ווייסטו וואָס, אַז איך בין דיר שוין יאָ אַ ברודער, טאָ זיי זשע דו מיר אויך אַ ברודער. איך וועל ניט נעמען ביי דיר קיין געשניטענע ווארע. מיין שאָפּ איז גרויס גענוג. איך קען אוועקשטעלן נאָך אַ טיש מיט צוויי „קאַטערס", צושטעלן נאָך עטלעכע מאַשינען און זאָל שוין ביי מיר אויך אויסזען ווי ביי לייטן.

איז מאָרים איינגעגאַנגען אויף דעם.

אייב פערדמאַן איז דאַן געקומען אַהיים מלא שמחה, זיך געריבן די הענט פאַר פרייד. אַז זיין ווייב האָט אים דערזען אַזוי שמחה וששונ׳דיק, — האָט זי אים געפרעגט:

„וואָס איז די גרויסע גדולה?"

ער האָט איר אפילו ניט געקענט ענטפערן דערויף. ער האָט זי נאָר געפרעגט:

— פעני לעבן, וואָס פאַר אַ מאַנטל ווילסטו, האַ?

ער האָט אויך אַ רוף געטאָן דאָס זונדל פון צווייטן צימער און אים געפרעגט:

— זאָג מיר נאָר, זון, וואָס פאַראַ „קאַר" ווילסטו זאָל איך קויפן?

דער 16-יאָריקער זון האָט אים אָנגערופן דעם נאָמען פון דעם אויטאָמאָביל, און איז אַ פאַר׳חידוש׳טער געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל.

— נו, מאַמע, האָט אייב זיך ווידער אַ ווענד געטאָן צום ווייב, — האָסט שוין באַשלאָסן וואָס פאַראַ מאַנטל דו ווילסט? אפשר טאַקע אַ מינק, האַ?

זי, פעני, אַ צעפּלאָמטע פון איר מאַנ׳ס פּלוצלונגדיקער פריילעכקייט, האָט זיך געהאַלטן אין איין בעטן:

— זאָג מיר שוין, אייב, וואָס פאַראַ גליק האָט דיר געטראָפן, און וואָס רופסטו מיך עפּעס מאַמע, ווי ביי לייטן? ביזט אודאי געוועזן ביי מאָרים׳ן...

— יאָ פּעני, געווען. עס וועט שוין ביי אונז אויך זיין ווי ביי לייטן... מיין ברודער וועט מיך ניט אַריבערקלייגן... איך בין אַזאַ חכם ווי ער, און דו ביזט שענער ווי זיין גראָבע אידענע, כאָטש ער רופט זי „מאַמע"... נו, כדי עס זאָל פּאַסן צום רומל, וועל איך דיך אויך רופן „מאַמע"...

— אָבער גזלן, דערציייל שוין, — האָט זי אַלץ ניט אָפּגעלאָזט.

אייב פערדמאַן האָט זיך דאַן אָנגעגאָסן אַ גלאָז מיט סעלצער־וואַסער, עס אויסגעטרונקען ביזן דנאָ, אָפּגעזיפּצט, אַביסל באַרואיקט זיין ענטוזיאַזם און דערנאָך אָנגעהויבן:

— הערסט, מאַמע, איך האָב מאָרים'ן געבעטן, ער זאָל מיר געבן ניט־געשניטענע אַרבעט... מען וועט ביי מיר אַליין שניידן... איך פאַרגרעסער דעם שאַפּ... איך נעם אַריין נאָך צען מאַשינען... איך וועל צענעמען דעם פרויען־צימער. די אַרבעטער פּראָטעסטירן אפילו, זיי ווילן ניט אויפגעבן זייער „אָנטו־צימער", אָבער עס וועט זיי ניט העלפן. זיי קענען מיר גאָר ניט טאָן. זיי האָבן דאָס ניט אין אַגרימענט. איך דאַרף האָבן דאָס פּלאַץ. איך וועל זיי געבן אַן אַנדער שטיקל אָרט... איך וועל איבערבויען דעם גאַנצן שאַפּ, אים מאַכן גרעסער.

ער איז שטיל געבליבן אַ ווײַלע און באַלד ווייטער גערעדט:

— און אַז מען וועט שניידן ביי מיר, וועל איך שניידן וויפיל איך וועל וועלן. און פאַרקויפן וועל איך אויך פאַר וויפיל איך וועל וועלן. און אַז איך וועל פאַרקויפן ביליקער, וועט מען האַנדלען מיט מיר. און אַבי איך וועל נאָר אַריינקריגן די קונים, פייף איך דאַן אויף מיין ברודער, פאַרשטייסטו, מאַמעלע?

פּעני איז געבליבן אומבאַווירקט:

— רוף מיך נאָך ניט „מאַמעלע"! — האָט זי קאַלט אַ זאָג געטאָן. וואָס־זשע וועט זיין חכם מיינער, אויב מאָרים וועט אויסגעפינען, אַז די זעלבע דרעס פאַרקויפסט עמיצער אַנדערש מיט צוויי דאָלער ביליקער?

— אָ, ביז ער וועט אויסגעפינען, וועל איך דערווייל האָבן די קונים, און דאַן וועט מיך שוין ניט אַרן. — האָט אייב, נאָך אַ באַגייסטערטער פון זיין פּלאַן, געגנטפּערט זיין ווייב.

האָט אָבער אַזוי פּאַסירט, אַז מאָרים האָט עס גראָד אויסגעפונען אַביסל צו פרי און עס איז אויסגעבראָכן אַ קריגעריי אין דער משפחה. מען האָט זיך גערופן איינער דעם אַנדערן „גנב", „מערדער", „ביזט געראָטן אין דיין באָבען, דער גנב׳טע". ביידע האָבן בעת מעשה אין גאַנצן ווי פאַרגעסן, אַז די באָבע איז געווען ביידנס.

עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מאָרים האָט אים מער קיין אַרבעט ניט געוואָלט געבן און אים געהייסן צומאַכן דעם שאַפּ...

דאַן האָט אים זיין ווייב אַרויסגעהאָלפן. זי איז געפאָרן קיין בראָנזוויל זיך זען מיט איר מאַמע׳ן, האָט אַ טראָק זי איבערגעפאָרן און — אוים פעני...

אייב איז געבליבן אַליין ווי אויפן וואַסער, מיטן זון, וואָס איז קוים אַלט געווען 17 יאָר. האָט זיך שוין די משפחה אַריינגעמישט און געזען, אַז מאָרים זאָל אים ווידער געבן אַרבעט.

אָבער ביידע ברידער זיינען זיך קיין גוטע פריינט ניט געבליבן. אין יעדע שלעכטע זאַך, וואָס עס האָט זיך ווען עס איז געטראָפן מיט אייבי׳ן, האָט ער שטענדיק באַשולדיקט זיין ברודער, אפילו אין דעם, וואָס זיין פעני איז גע׳הרג׳עט געוואָרן:

— ווען זי וואָלט ניט געהאַט די אַלע צרות אויפן קאָפּ, — האָב אייב שטענדיק גע׳טענה׳ט, — וואָלט זי געזען וואו זי גייט...

ווען עס איז אַריבער צוויי יאָר, און דער פאַרדראָס אויף אייבי׳ן איז אַביסל בלאַסער געוואָרן, האָט זיך מאָרים מיט אים געזען, און אים דערציילט וועגן מאַטילדע׳ן:

— זי איז אַ שיינע, אַ וואוילע, נאָר נעבעך געבליבן זיצן, ווייל זי האָט ניט קיין מזל, און עס אַרט זי ניט וואָס דו ביסט עלטער פון איר מיט אַ פופצן יאָר... זי וויל זיך מיט דיר באַקענען, און צום בחור׳ל, זאָגט זי, וועט זי זיין ווי אַ מאַמע...

ווען אייב האָט זי אָנגעקוקט, דערזען די געפאַרבטע, בלאָנדע האָר, מיט דעם לויטערן אָנגעגאָסענעם פּנים, האָט עס אים אויסגעזען ווי אַ פּורים-קוויליטש, וואָס זיין מאַמע פלעגט באַקן. זי האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען, גערעדט שנעל, און בעת׳ן ריידן האָט זיך איר הויכער בוזים געהויבן ווי עס וואָלט געווען אויף ספּרונדזשינעס. אייב פערדמאַן איז שוין דאַן געווען צוויי יאָר אַליין... דאָס הויז איז געווען אָפּגעלאָזט. דער זון האָט זיך קיינמאָל אין הויז ניט

געהאַלטן. און אים אַליין איז געווען קאַלט און אומעטיק, — האָט ער באַשלאָסן, אַז יאָ...

איצט איז דאָס הויז דוקא ריין, — מען איז זעלטן אין הויז. בייטאָג איז ער אין שאַפּ, דער זון אין סקול. און זי — אָדער ביי שכנים אָדער אין די מואוויס. אין די אָוונטן איז זי פאַרנומען מיט „קאַרד־פּאַרטיס", וואָס די סאָסייטיס אָרדענען איין. דער זון קאָן זי ניט אָנקוקן, לויפט ער אַוועק אַלעמאָל צו אַן אַנדער חבר, דאָרט צו מאַכן די היים-אַרבעט.

איז וואָס-זשע האָט ער, אייב, פון זיין „פּורים-קוילִיטש"?...

ווען זי קומט שפּעט ביינאַכט אַהיים, אַ צעטראָגענע פון דער קאָרטן־שפּיל, קאָן ער צו איר קיין וואָרט ניט אויסריידן. זי איז שטענדיק בייז און אויפגערעגט. און אַז ער וויל זיך צו איר דער־נענטערן, אויסריידן אַ וואָרט, דערציילן פונעם שאַפּ, — גיט זי אים די ערשטע זאַך אַ פרעג:

— האָסטו זיך היינט גענומען אַ באָד?

אָדער:

האָסט געגעסן וואורשט? הערינג מיט ציבעלע?...

און זי גיט זיך אַ דריי אויס און שלאָפט איין...

ליגט אייב שוין ווי אַ פאַרזינדיקט אינגל, וואָס די מאַמע האָט נאָר וואָס באַשטראָפט, און קוקט אין דער ליידיקער פינצטערניש פון דער נאַכט. ער קאָן ניט איינשלאָפן. דרייט זיך און דרייט זיך...

פאַרטאָג כאַפּט ער ערשט אַ דרעמל. אָבער דער וועקזייגער צעשפּילט זיך אויף אַלע כלים, און ער דאַרף אויפשטיין, צופאָרן עפענען דעם שאַפּ.

אזוי גייט דאָס, יאָר נאָך יאָר. זי, זיין „פּורים-קוילִיטש", בלייבט ליגן אין בעט, און ער גייט עפענען דעם שאַפּ.

טאַקע דאָרט, אין שאַפּ, פילט ער זיך צום בעסטן. ער שרייט זיך גוט אויס דורכן טאָג, שילט, באַפעלט, און אַז די רעדער דרייען זיך, ווייסט ער, אַז ער מאַכט אַ דאָלער...

ווען ער בלייבט זיצן אַליין מיט זיך, און גיט אַ טראַכט, צו וואָס דאָס יאָגן זיך, אַז הנאה האָבן פון לעבן קען ער ניט, סיידן נחת פון זיין זון, זיין הערי, וואָס איז אַזוי יונג אַוועק פון דער היים — טאַקע צוליב דער לאַגע אין הויז, — ווערט אים שוין אַ רחמנות

אויפֿן זון, וואָס ער האָט אַזוי יונג חתונה געהאַט. אָבער ווען ער דערמאָנט זיך אין הערי׳ס קינד, פֿונעם אייניקל, פֿון די שעה׳ן, וואָס ער פֿאַרברענגט מיט אים, גיט ער זיך גלייך אַ הייב אויף פֿונעם בענקל, וויל צוגיין צו עמיצן אין שאַפּ און אים דערציילן די חכמות פֿון זיין אייניקל.

ווען ער טרעט נאָר אַריבער די שוועל פֿון אָפֿיס, ציט זיך אַרויף אויף אים אַן אַנדערע הויט. זיינע אויגן ווערן אָנגעשטרענגט, זיין נאָז אָנגעשפּיצט און זוכט כסדר.. און אַז מען זוכט, — געפֿינט מען.

דאָ איז אַ קנעפּל שלעכט אָנגענייט, דאָרט האָט אַן אָפּעראַטאָר איינגענומען צו ברייטע נעט, און דאָ האָט מען גאָר פֿאַרפּרעסט מיט אַ גלאַנץ.

הויבט ער אָן גוואַלדעווען און שעלטן, און רעדט צו זיך אַליין:

— זע נאָר, אַ מינוט טאָר איך ניט אַוועקגיין פֿון שאַפּ. אָן מיר, איז גאָר ניט!...

ווען ער זאָגט דאָס אָפּ, און שרייט זיך אויס, פֿילט ער זיך געהויבענער, בעסער. ער איז באַלעבאָס...

אָבער נאָך 5 אַזייגער, ווען די אַרבעטער צעגייען זיך, די מאַשינען שטעלן זיך אָפּ און דער שאַפּ בלייבט ליידיק, — ווערט אים זייער אומעטיק...

ער זעצט זיך דאַן אין זיין קליינעם אָפֿיסל און שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויףביידע הענט. אַהיים צו גיין איילט ער זיך ניט. דאָרט איז ער ניט דער באַלעבאָס. דאָ, ווען די אַרבעטער צעגייען זיך, ווערט ער אויך אויס באַלעבאָס, און הויבט דאַן אָן צו פֿילאָזאָפֿירן:

„וואָס איז דאָס גאַנצע לעבן? אַ קעז-סענדוויטש"!

זיין ליידיקער איינגעשרומפּענער מויל הויבט זיך דאַן אָן צו באַוועגן, ווי ער וואָלט ערגעץ געוואָלט דערפֿילן אַ טעם, דעם טעם פֿונעם לעבן.

# אַ ל י י ן

אַט אַזוי, יאָר נאָך יאָר, טאָג נאָך טאָג, געפינט זיך סערע אין דער 7טער עוועניו סאָבוועי. זי געדענקט אפילו ניט גענוי ווי זי קומט אַהין, נאָר זי איז שטענדיק דאָרט.

אַמאָל טרעפט זיך, אַז די סאָבוועי פאַרשפּעטיקט, אָבער סערע פאַרשפּעטיקט קיינמאָל ניט. זי ווייסט שוין איר חשבון גוט: זי נעמט די סאָבוועי אַביסעל נאָך זיבען אַ זייגער, קומט זי אָן נאָך אַכט אויף „טאַימס סקווער", און ביז זי עסט אָפּ פרישטיק, גיט זיך אַ דריי אַהער און אַהין, איז שוין צייט אַרויפצוגיין אין שאַפּ.

אין שאַפּ האָט סערע ליב אַרויפצוקומען אַביסל פריער. זי קוקט איבער די קעסטלעך מיט אַרבעט, וואָס שטייען לעבן יעדן בענקל, צי האָט אַמאָל עמעצער ניט צוגעלייגט אַ בעסער שטיקל אַרבעט, איידער מען איז אַהיימגעגאַנגען...

זי רייניקט אָפּ איר שטיקל טיש ביים פענצטער און נעמט זוכן די פאַרשיידענע קאָלירן פאָדים, וואָס זי וועט דאַרפן דורכן טאָג. אַז זי קאָן ניט געפינען ביי זיך אַ געוויסן קאָליר, רייסט זי עס אַרונטער פון עמיצענס מאַשין. שפּעטער ווען די אָפּערעיטאָרס קומען אַריין, און מען הויבט אָן זוכן דעם פאָדים, מאַכט זיך סערע ניט־וויסנדיק...

דערנאָך נעמט זי אַרויס די נאָדלען, וואָס זי האָט אָנגעגרייט נאָך פון פאַר דער מלחמה, — די לאַנגע, דינע, אמת־שטאָלענע נאָדלען, וואָס בייגן זיך ניט, און איבער וועלכע די מיידלעך זיינען זי מקנא.

זי פעדימט זיי איין און שטעכט זיי אַריין אין דעם ווייסן לייוונט, וואָס איז אַרומגעקלאַפּט אַרום דער גאַנצער לענג פונעם „פינישינג"־טיש. זי טוט אָן איר פאַרטעך, באַטראַכט די קעשענעס, צי זיי זיינען גאַנץ, ווייל דאָרט האַלט זי די „טיקעטס", וואָס מען נעמט אַראָפּ פון יעדן קליידל.

אַז די מיידלעך קומען אַריין און זעען סערע'ן, — אַ גרייטע, מיטן פינגערהוט אין האַנט, וואַרפט יעדע איר צו אַן אַנדער שטעך־ווערטל, „אַז זי קען אוודאי ניט שלאָפן גאַנצע נעכט", „אַז עס איז

איר מסתמא שווער צו שלאָפן אַליין", און נאָך אַזעלכע אָנצוהערע־נישן...

דערנאָך לויפט צו די שיינע פלאָרענס צו די פרעסערס און מסור'ט אָן אויף איר. זי ווייסט שוין, פלאָרענס, אַז זי וועט אויסנעמען ביי די פרעסערס, ספּעציעל ווען זי גייט צו צו זיי אין איר ראָזעווען סוועדער, אָן דעם פאַרטעך, און דאָס פּנים, ערשט פון גאַס, פריש און צוגעפודערט...

די פרעסערס האָבן שוין זייערע חשבונות מיט סערע'ן, טוען זיי שוין זייער חלק דורכן גאַנצן טאָג...

ספּעציעל ווייסט לואי שוין ווי איר צו דערגיין די יאָרן. ער הויבט עס אָן מיט אַ זעץ פונעם אייזן, וואָס סערע קאָן ניט פאַרטראָגן. דערנאָך הויבט ער אָן ריידן כלומרשט צו די פרעסערס:

— אַן אומגליק! שוין גאָר קיין האָפענונג ניטאָ פּטור צו ווערן פון די אַלטע מוידן! איצט נאָך דערצו, די מלחמה האָט זיי שוין איינגאַנצן צוגעשפּילט; דער נדן וואַקסט באַ זיי צוזאַמען מיט די יאָרן און די חתנים ווערן אויסגעקוילעט...

— גיי שוין גיי, — רופט זיך אָן אַן אַנדער פרעסער, — אירע חתנים האָבן שוין אייניקלעך. טאָמער איז יאָ ערגעץ געבליבן עפּעס אַן אַלטער באָק, קאָן ער דאָך איצט קריגן אַ „טשיקען"...

סערע הערט דאָס אַלץ אויס, ביז זי דערפילט, אַז די גאַנצע הויט ברענט אויף איר, גיט זי זיך האַסטיק אַ הויב אויף און לויפט צו צום טשערמאַן. זי איז רויט פאַרפלאַמט. די אויגן — פאַרלאָפן. אַ שטיק ווייסער פאָדים הענגט איר אַראָפּ פון דער אונטערשטער ליפּ, און מיט טרערן שרייט זי אויס:

— איך וויל אים נעמען אין דער יוניאָן!

די מיידלעך, אַרום, לאַכן. דער טשערמאַן קוקט זי אָן, פרעגט זי, וואָס עס זיינען אירע קלאַגן, אָבער סערע קאָן פאַרן מויל ניט ברענגען אַלץ וואָס לואי האָט אַרויסגעזאָגט אויף איר חשבון. עס איז איר שווער צו ברענגען אויף די ליפּן דאָס וואָרט, וואָס שטעכט זי — ווי מיט נאָדלען — דאָס וואָרט „אַלטע מויד". הויבט זי אָן צו דערציילן: אַז ער באַליידיקט זי און אַז ער צאַפּט איר דאָס בלוט... אָבער דאָס וואָס זי דאַרף אַרויסברענגען, קען זי בשום אופן ניט אַרויסזאָגן...

אָט אַזעלכע סצענעס חזר'ן זיך איבער זייער אָפט אין דעם שאַפּ וואו סערע אַרבעט...

דער באַלעבאָס קאָן ניט פאַרנעמען, וואָס סערע לויפט כסדר צום טשערמאַן זיך פאַרקלאָגן. נאָך אַלעמען איז ער דאָך דער באַלעבאָס פון שאַפּ, און ניט דער טשערמאַן, טוט ער איר דערפאַר אַ „טובה"...

ער נעמט זיך איבערקוקן איר אַרבעט, וואָס הענגט צום אַרויס־שיקן, און זוכט אין דעם חסרונות. אָט ברענגט ער איר אַ לייסט איבערצונייען, ווייל די שטעך זעען זיך צופיל אָן. דאָ געפעלט אים ניט ווי דער קאָלנער איז אָנגענייט. דאָ איז די קעשענע קרום, אָדער אַ קנעפּל ניט שטאַרק גענוג צוגענייט.

אַז סערע'ן פאַלט אַריין אַזאַ טאָג, זיצט זי אַ דערצאָרנטע, וויינט אויף איר פינצטערן מזל, שטעכט די נאָדל אין די פינגער ביז בלוט, און קוקט פון צייט צו צייט אין דער ליידיקער קעשענע, וואָס דער־מאָנט איר, אַז זי האָט נאָך היינט ומעט גאָרניט פאַרדינט.

איינמאָל אין אַזאַ טאָג האָט סערע באַשלאָסן, אַז זי וועט מער ניט אַריינקומען פריער פון אַלעמען, כאָטש עס איז פאַר איר אַ סך באַקוועמער. ערשטנס קריגט זי אַ פּלאַץ צו זיצן אין סאָבווער אויב זי גייט אַרויס פרי; צווייטנס, איז זי סתם שוין צוגעוואוינט אויפצושטיין פריער. זי קאָן סיי ווי ניט שלאָפן לענגער. זיצן און אָנקוקן איר צימער, איז ניטאָ וואָס. דאָס אייזערנע בעט מיטן האַרטן מאַטראַץ אפשר? צו גאָר דעם אַלטן אָפּגעריבענער קאָמאָד מיטן געל־באַפלעקטן שפּיגל, וואָס די מיסעס האָט נאָך מיט יאָרן צוריק געקויפט אַ געניצטע? בלויז איר אייגענער קופערט באַדעקט מיט געבלומעלטן קרעטאָן גייט איר אָן. איז ווי לאַנג קאָן מען דאָס קוקן אויף אַ קופערט?...

ווען זי האָט אַמאָל צייט, קוקט זי פונדעסטוועגן איבער דעם קופערט. זי ליגט איבער די זאַכן, — טישטעכער, ליילעכער, וואָס זיינען שוין געלבלעך פון ליגן, און אירע זיידענע אונטערוועש. אַ ווייס נאַכט־העמד — באַצירט מיט קרוזשעוועס — ליגט און וואַרט אויף אַ חתונה־נאַכט, און נאָך אַנדערע ראַזעווע זאַכן; אַ בינטל בריוו, אַרומגעבונדען מיט אַ רויטע סטענגעלע, ליגט אויך דאָרט, צוזאַמען מיט די אַנדערע חלומות. עס ליגן ציכלעך מיט אויסגע־

שטריקטע סטאַווקעס, וואָס די מאַמע האָט איר געהאַט מיטגעגעבן, צוזאַמען מיט די ברכות, ווען זי — אַן אַכצן־יעריקע — איז געפאָרן קיין אַמעריקע. זי, סערע, האָט דעמאָלט גענומען דאָס פּעקל, וואָס די מאַמע האָט פאַר איר געהאַט צוגעגרייט, זיך געזעגנט מיט טאַטע־מאַמע, מיטן שוועסטערל, און מיט די ווייטערע קרובים. אַלע האָבן איר געוואונטשן גליק, און אַז זי זאָל דאָרט, אין אַמעריקע, טרעפן איר אמת׳ן באַשערטן...

אָבער ווער איז איר אמת׳ער באַשערטער? און וואו איז ער? זאָל עס זיין יאָסל? טאַקע דער וואוילער יאָסל, וואָס האָט זיך מיט איר געזעגנט אין סאָד, יענע נאַכט פאַר איר אַוועקפאָרן? יאָסל, מיט די פאַר׳חלומ׳טע אויגן, וואָס פלעגט קוקן פאַרשעמט בעת ער פלעגט ריידן צו איר. די לעצטע נאַכט אין סאָד, האָט ער זיך מער ניט געשעמט און איר געזאָגט, אַז ער האָט זי ליב און אַז ער וועט וואַרטן; אַז אין פּוילן איז פאַר יונגע מענטשן סיי ווי קיין צוקונפט ניטאָ, און פאַר אידן אַוודאי ניט... ער האָט איר דעמאָלט צוגעזאָגט: אַז ער וועט קומען צו איר קיין אַמעריקע אַזוי שנעל ווי ער וועט נאָר קאָנען...

ער האָט זי דאַן צום ערשטן מאָל געקושט, און סערע האָט די קושן לאַנגע יאָרן ניט פאַרגעסן... אָבער די שפּעטערע יאָרן פון ראַנגלעניש אויף אַמעריקאַנער ערד האָבן אָפּגעווישט אַלע שפּורן פון יאָסעל׳ס ערשטע קושן. זי האָט איר בענקשאַפט נאָך יאָסלען אָנגעמאָסטן אויף אַן אַנדער בחור, אָבער עס איז איר מיט אים אויך ניט געווען מזל׳דיק. זי איז געבליבן אַליין...

דער קופערט דערמאָנט זי אין דעם אַלעם, — דערמאָנט זי אפילו אין אירע 43 יאָר, פון וועלכע זי וויל אַנטלויפן... טרייבט עס זי דעריבער שטענדיק ארויס אין גאַס. אין סאַבוועי זעט זי אַ סך אויסגעהאָרעוועטע פאַרזאָרגטע פּנימ׳ער, אַזעלכע ווי זי איז. מיט זיי פילט זי זיך בעסער, היימישער...

איינמאָל, אין אַזאַ פרימאָרגן, איז זי פון דער מענטשן־כוואַליע אריינגעשטויסן געוואָרן גלייך צו אַ מאַן אין די אָרעמס אריין. זי האָט זיך געוואָלט אויסדרייען, אָבער ניט געקאָנט. עס איז געווען אַזוי ענג — אַ שפּילקע ניט דורכצוּוואַרפן. סערע האָט זיך פון אָנפאַנג געפילט זייער ניט באַקוועם. זי האָט פּשוט געפילט יעדן

אָטעם-צוג פון דעם מאַן. זי האָט, אַ פאַרשעמטע, אים אָנגעקוקט און... ער האָט זיך אַנטשולדיקט...

די סאָבוועי איז געוואָרן נאָך מער געפּאַקט. דער מאַן האָט קוים אַרויסגעצויגן זיינע הענט און כמעט ווי אַרומגענומען סערע'ן. ער האָט זיך ווידער אַנטשולדיקט און געוואָרפן די שולד אויף דער ניו-יאָרקער טראַנספּאָרטאַציע. באַלד האָט ער פאַרפירט מיט איר אַ שמועס און געפרעגט ביי וואָס זי אַרבעט...

עטלעכע מינוט זענען אַריבער און סערע האָט זיך שוין גענומען פילן ווי אַריינגעפּאַסט אין דער נאָענטקייט פון דעם אומבאַקאַנטן מאַן. זי האָט גענומען זוכן אפילו פאַר'גנב'עטערהייט עפּעס שיינס אין אים. איר האָט זיך גענומען דוכטן, אַז ער איז ענלעך צו יאָסלען. יאָסל וואָלט איצט אויך אויסגעזען אַזוי.. און אפשר איז יאָסל אויך גע- קומען קיין אַמעריקע, און זי ווייסט אפילו ניט?... אמת, דעם מאַנס אויגן זיינען גרויע, און יאָסל'ס אויגן זיינען געווען טיף בלויע, ווי דער ים. צי אפשר האָט זיך עס איר דאַן בלויז אויסגעדוכט אַזוי?... זיינע שלייפן זיינע גרויע, מסתמא האָט ער געהאַט ברוינע האָר... יאָסל איז געווען אַ הויכער, אַ שלאַנקער, און געהאַט אַ אינגעלשע פיגור, — דער מאַן איז גאָר פון מיטעלן וואוקס און אַ דיקער... אָבער עס איז דאָך שוין אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, מענטשן ענדערן זיך... און אפשר איז דאָס טאַקע פאָרט יאָסל. זי איז ענדלעך אַריינגעפאַלן צו אים אין די אָרעמס אריין, ווי מען שרייבט אין די ראָמאַנען?...

זיין שמייכל איז אַזאַ וואַרימער... יאָסל, דוכט זיך, פלעגט אויך אַזוי שמייכלען... זי וועט אים אינמיסטן פרעגן פון וואַנען ער קומט? דער בלויזן געדאַנק, אַז דאָס קאָן אַמאָל זיין יאָסל, האָט עס סערע'ן אויסגעגליכן איר אָפּגעלאָזטן קערפּער. אירע גרויסע אויגן, וואָס זיינען תמיד געווען פאַרנעפּעלט מיט אַנטוישונג און טרויער, האָבן זיך מיטאַמאָל צעלויכטן מיט אַ יוגנטלעכן גלאַנץ. אַ ראָזעווע שעמעוו- דיגקייט וואָס האָט פּלוצים פאַרצויגן אירע באַקן, האָט אַראָפּגענומען צענדליקער יאָרן פון אירע פּלייצעס...

זי איז גרייט געווען צו פרעגן, אָבער די באַן האָט זיך גראָד אָפּגעשטעלט. אַ סך מענטשן זיינען אַרויס. עס איז געוואָרן גערעמער. סערע האָט זיך ניט-גערן אָפּגערוקט פון דעם אומבאַקאַנטן מאַן, וואָס איז איר אַזוי אומדערוואַרט נאָענט געוואָרן. און ווען ער איז צוזאַמען

מיט איר אַרויס אויף דער זעלבער סטאַנציע, און געזאָגט „גודבאַי", האָט עס איר אַ פּאַרקלעם געטאָן ביים האַרצן. זי האָט דערפילט, אַז אָט די צעשיידונג האָט ביי איר אַרויסגערופן עפּעס אַזאַ שטאַרקע, אומדערקלערבאַרע בענקשאַפט...

עס זיינען אַריבער עטלעכע טעג. סערע האָט דעם מאַן מער ניט באַגעגנט. זי איז אָבער געווען אין שטענדיקער דערוואַרטונג. זי האָט דעריבער יעדן פרימאָרגן זיך אויסגעפּוצט — אַ זאַך, וואָס זי האָט די לעצטע יאָרן פאַרנאַכלעסיקט, און אירע פרימאָרגנס זיינען ביי איר בכלל געוואָרן אינטערעסאַנטער, פאַראינטריגירנדיקער. אין סערע'ן. עפּעס שמייכלט זי, זינגט זיך אונטער אַ לידל פון צייט צו צייט, איבערהויפּט ווען די מיידלעך האָבן געזען אַז זי האָט איינגעטיילט אַלעמען מיט די גוטע נאָדלען, וואָס זי האָט געהאַט נאָך פאַר דער מלחמה, האָט מען זיך גענומען שושקען ,אַז סערע איז פאַרליבט, אַז סערע ווערט אַ כלה, און אַז סערע האַלט שוין ביים מאַכן אַן אָפּשייד-פּאַרטי אין שאַפּ...

סערע'ן איז די דאָזיקע שפּיל געפעלן געוואָרן, האָט זי געשמייכלט און ניט אָפּגעלייקנט. זאָלן זיי טאַקע מיינען...

דורך די פופצן יאָר, וואָס זי אַרבעט דאָ אין שאַפּ, האָט זי ביינגעוואוינט אַ סך פּאַרטיס פאַר מיידלעך וואָס האָבן חתונה. זי פלעגט ביי יעדער פּאַרטי שטיין אין אַ ווינקל מיטן פּאַפּירענעם טעפּעלע וויין, וואָס די כלה האָט צוגעטיילט, און מיט יעדן וואונטש, „אין גיכן ביי אייך", פלעגט זיך איר דאָס פּנים אָנצינדן מיט אַ בליציק פלעמל.

לעצטנס זיינען די יונגע ווייבלעך צוריקגעקומען צו דער אַרבעט. די מענער זייערע זיינען אַוועק אין דער אַרמיי, איז מען געקומען צוריק אין שאַפּ. אמת, מיט אַ שווער געמיט, אָבער מיט אַ נייעם נאָמען, מיט אַ חתונה-רינגל און מיט חלומות פון עטלעכע פאַרגאַנגענע „האָניק-טעג"...

אָבער זי, סערע, זיצט אַליין ביים פענסטער. די לאַנגע אויסגעבלייכטע פינגער פליען מיט גרוים געניטקייט איבער די קאָלירטע קליידער און זייען די פערעלדיקע שטעך צו באַצירן די אינגערע, שענערע. פאַר יענע ווערט עס ברענגען ראָמאַנטיק, גליק און גוטע נאַכט קושן, אָבער פאַר איר איז יעדעס קלייד בלויז אַ „טיקעטל".

יעדער נייער טאָג — אָן אַלטער נעכטן, אָן קיין שום ענדערונגען, אָן חלומות. נאָדלען, שאַפּ, סאַבוועי, און אַ צימער ביי יענעם...

אָבער איצט, די פּלוצימדיקע דערוואַכונג, האָט סערע׳ן אינגאַנצן אויפגעלעבט. פון ערגעץ איז געקומען אַ פונק, אַ שטראַל האָפענונג. זי האָט אַלע אירע אָפּגעריסענע בענקענדיקע פעדים פון יאָסלען אריינגעוועבט אין דעם אומבאַקאַנטן מאַן, וואָס זי האָט געטראָפן אין סאַבוועי, און גע׳חלומ׳ט וועגן אַן אייגענער היים, וועגן צערטלעכקייט...

סערע האָט געזען, אַז זי כאַפּט זיך אָן אין אַן איבערגעבראָכענעם שטרוי, און איר געמיט האָט נאָכאַמאָל געמומען זינקען אין די פינסטערע מחשבות פון פוסטקייט. דער שאַפּ און די „טיקעטס״ האָבן ווידער אָנגעהויבן פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין איר לעבן.

זי האָט ווידער גענומען אריינקומען פרי אין שאַפּ אריין.

איז אָט אין אַזאַ פרימאָרגן האָט זיך סערע ווידעראַמאָל געפונען אין סאַבוועי. זי איז געזעסן און זינלאָז געקוקט אויף די הויך־רעקלאַמירטע פּראָדוקטן, וואָס באַצירן די סאַבוועי־ווענט.

אירע אויגן זיינען געווען פאַרצויגן מיט מידקייט און טרויער. זי האָט ניט באַמערקט ווי עמעצער קוקט אויף איר און שמייכלט.

יאָ, דער מאַן, דער זעלבער, וואָס האָט זי געהאַט אויפגעלעבט און צעבראָכן איר פאַרשטיינערטקייט. אויך ער האָט זיך ווי דערפרייט מיט איר.

סערע האָט זיך פאַרלוירן, שטאַרק פאַרלוירן. זי איז גראָד ניט געווען צוגעפּוצט, נאָר פּשוט, אין אַ ספּאָרט מאַנטל. זי האָט זיך געררויטלט און גענומען קוקן אין שפּיגעלע: —

— איר מוזט זיין זייערע „ביזי״, וואָס איר פאָרט היינט אַזוי פרי? — האָט זי אים אַ פרעג געטאָן.

— ניין, איך בין ניט אַזוי „ביזי״, נאָר איך וויל אויסמיידן די ענגשאַפט, — האָט ער געענטפערט.

ער האָט פאַרפירט מיט איר אַ שמועס, האָט גערעדט וועגן זיין אַרבעט און וועגן די פּראָבלעמען, וואָס מען דאַרף היינט אויסשטיין איבער דער מלחמה.

סערע׳ס פּנים האָט געשטראַלט.

זי האָט אים געוואָלט פרעגן די פראַגע, וואָס מאַטערט זי שוין

עטלעכע וואָכן, נאָר זי האָט זיך ווי פאַר עפּעס געשראָקן.

דער מאַן האָט זי פריינדלעך אָנגעקוקט און געפרעגט, צי זי איז ניט „ביזי”.

איר האַרץ האָט גענומען קלאַפּן שטאַרקער, האַסטיקער. „אפשר וויל ער זיך מיט איר באַגעגענען? — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

— ניין, זי איז אַבסאָלוט ניט פאַרנומען — האָט זי אים פאַר־זיכערט.

און ער האָט האַלב פאַרשעמט, ניט דרייסט דערציילט, אַז ער איז זיך נעכטן אָפּגעגאַנגען די פיס מיט זיין ווייב, געוואָלט פאַר איר קויפן אַן אָוונט־קלייד. זיי דאַרפן גיין אויף אַ חתונה. איר איז שווער זיך צופּאַסן... אפשר וואָלט מעגלעך געווען ביי איר אין שאַפּ, אָדער... כ'וויים... ער איז גרייט צו באַצאָלן.

סערע האָט אים ניט גלייך געענטפערט. אַלע מענטשן אין סאָבוועי האָבן זיך פאַר איר ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איינעם... אַלע האָבן זיך געדרייט... עס איז געווען אַ חתונה אָוונט־קליידער אין פאַרשיידענע קאָלירן, פאַרפּוצטע דאַמען אויף די אָרעמס פון זייערע פאַרזאָרגער, און יאָסל, — אויך מיט אַ פרוי...

אַלע האָבן זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד, און זי, זי שטייט אָן אַ זייט, איינע אַליין.

זי האָט אָנגעשטעלט אויף אים אירע מיט צער־אָנגעגאָסענע אויגן, און מיט פאַרלאָרנקייט אים געפרעגט:

— פון וואַנען קומט איר? וואָס איז אייער נאָמען?...

ער האָט זי מאָדנע אָנגעקוקט און איר געענטפערט:

„ניין, ער איז ניט געווען יאָסל”...

אַלע חלומות זיינען אויסגערונען. דאָס ווייסע העמד מיט די קרוזשעוועס איז געבליבן ליגן אַ פאַרשעמטע — די 7טע עוועניו סאָבוועי האָט זיך געיאָגט און סערעס האַרץ האָט זיך נאָך שנעלער געטראָגן און אויסגעקלאַפּט איר גורל:

אַליין, אַליין...

# פאַרשעמטע הענט

עפּעס אַ מאָדנע פאַרשלייערטע סודות'דיגקייט האָט אַרומגערינגלט דעם שאַפּ. דער באַלעבאָס איז אַרומגעגאַנגען און געשוויגן. די גרויסע אויטאָמאַטישע מאַשין, וואָס האָט אַרויסגעוואָרפן הונדערטער מיילן מיט וואָלענע פאַסן פאַר סוועדערס, איז שוין אַ וואָך אײנגאַנצן שטום.

עס אַרבעטן נאָך די עטלעכע האַנט־שטריקער, נאָר די פאַר־שטומטע מאַשין און די האַלטונג פון באַלעבאָס, האָט אַרויפגעוואָרפן אַ פּחד אויך אַף די עטלעכע מענטשן אין שאַפּ.

איבערהויפּט האָט די שטימונג זיך אָפּגעשפּיגלט אויף לואי'ס פּנים. ער האָט נאָך מיט וואָכן צוריק דערשפּירט, אַז עפּעס איז דאָ ניט גוט. דורך די מלחמה-יאָרן, ווען מען האָט געדאַרפט אַרבעטן לאַנגע שעה'ן און אַלע האָבן זיך געפילט מיד און איבערגעאַרבעט, האָט דער באַלעבאָס ניט איינמאָל געזאָגט, אַז „ער האָט שוין גענוג. ער קען שוין אויפגעבן די אַרבעט, — ,ריטאַירן'."

ווען דער באַלעבאָס פלעגט רעדן וועגן אויפגעבן, פלעגן די אַרבעטער אָנהויבן רעדן וועגן איבערנעמען דעם שאַפּ. אָבער אַלע אַרבעטער פונעם שאַפּ האָבן צוזאַמען נישט געהאַט גענוג געלט דערפאַר שוין אָפּגערעדט דערפון וואָס דאַן וואָלטן זיי בכלל געווען צופיל שותפים...

און איצט האָט עס טאַקע פּאַסירט. דער לעצטער באַוועג מיט דעם „הענטעל" האָט פאַרענדיקט דאָס לעצטע שטיקל אַרבעט. די מאַשינען זיינען אַלע געבליבן שטום.

די העל-בלויע וואָל האָט געטאַנצט פאַר לואיס אויגן לאַנג נאָך דעם ווי די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט. די וואָל האָט זיך ווי פאַרטשעפּעט אין דעם געוועב פון זיין מח און אויסגעשטריקט אַ נייע זאָרג, — די זאָרג וועגן ברויט, די זאָרג פאַרן מאָרגן.

לואי האָט פאַרבאָרגן אין זיך דעם פאַרדאַכט, אַז דער שאַפּ האַלט זיך ביים פאַרמאַכן. ניט געוואָלט דעם צער ברענגען אין הויז צו ווייב און קינדער.

דער אינגל בעט אַ „באַיסיקל", און דאָס מיידל — אַ שרייב־

מאַשינקע ביידע קינדער לערנען זיך גוט. ער וואָלט געוואָלט געבן די קינדער די פרייד פון וועלכע זיי חלום'ען שוין אַ שטיק צייט. זיין ווייב, זיין אסתר'ן, האָט ער געזאָלט קויפן אַ מאַנטל. זאָל זי זיך באַנייען און פילן דעם טעם פון אַ בעסערן לעבן. זאָל זי וויסן, אַז זי האָט עמיצן וואָס פאַרזאָרגט זי...

איצט, אָבער. — וואָס?... ווי קאָן ער גאָר אַריינקומען אין הויז און זיי דערציילן?...

ערשט ניט לאַנג צוריק זיך באַפרייט פון יענעם פּחד, נאָכדעם ווי ער איז צוויי יאָר צייט אַרומגעגאַנגען ליידיק. דאָס הויז איז דעמאָלט שטענדיק געווען פול מיט זאָרג. אַפילו די קינדערשע פרייד, וואָס דאַרף פליסן פריי ווי אַ פרילינג־געזאַנג, איז צעשטערט געוואָרן דורך דער זאָרג פאַר דעם מאָרגן, דורך דער מורא אַרויסגעזעצט ווערן פון דער דירה. ער וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי זיין פינף־יאָריקע טעכטערל פלעגט שרייען פון שלאָף: „איך וויל ניט דער לענדלאָרד זאָל אונדז אַרויסזעצן"... זי פלעגט אָנקלאַמערן אירע קליינע הענטלעך אין איר בעטל, און מיט קינדערשער עקשנות שרייען: „איך וועל ניט לאָזן". דאָס האָט אַן „עוויקשאָן", וואָס זי האָט צוגעזען ביי אַ שכן, געמאַכט אַזאַ רושם אויף דעם קינד'ס מוח. חדשים נאָכדעם איז דאָס קינד געווען צעשראָקן און אומרואיק איבער דעם...

דער סוועדער־פאַך איז דעמאָלט געווען אינגאַנצן אויסגעשפּילט. ביי קיין אַנדער מלאכה האָט ער אויך ניט געקענט קריגן קיין אַרבעט, האָט אסתר געמוזט אַוועק אַרבעטן, און ער, לואי, איז געוואָרן די „באַלעבאָסטע" אין הויז. דאָס שטיין אָנגעטאָן מיטן פאַרטעך, ראַמען דאָס הויז און אַרויסשיקן די קינדער אין סקול, האָט אים ניט אַזוי געאַרט, ווי דאָס גיין איינקויפן.

יעדעס מאָל פלעגט אים אָפּשטעלן אַן אַנדער שכנה מיט דער פיינלעכער פראַגע:

— וואָס, מר. בערמאַן, איר אַרבעט נאָך אַלץ ניט?

— לואי פלעגט דאַן בלייבן שטיין מיט די הענט אין די קעשענעס, ווי ער וואָלט זיי, די „זינדיקע" הענט זיינע בכיון באַהאַלטן, — געבליבן שטיין ווי אַ שולדיגער, אַ דערשלאָגענער, און זיך גענומען פאַרענטפערן. יעדער אידענע האָט ער געדאַרפט אָפּגעבן אַ חשבון ווי אַזוי ער זוכט אַרבעט יעדן טאָג און קאָן ניט געפינען... דערנאָך

איז ער אַרויפגעקומען מיט די פּעקלעך, זיי אוועקגעלייגט אויפן קיך־טיש, אַליין זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט אין פאַרצווייפלונג און געגומען טראַכטן:

„פאַרוואָס איז אים באַשערט אַזאַ וויסט לעבן? פאַרוואָס קען ער זיינע הענט ניט פאַרדינגען? זיינע הענט, וואָס טויגן זיך אויף אַלץ צו פאַרריכטן, מייסטערעווען, בויען... דריי פאַכן האָבן אָט־די הענט, און פון אַלע האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, — ניטאָ קיין אַרבעט"...

„און פאַרוואָס דאַרף עס אים יעדע אידענע אָפּשטעלן און אים פרעגן צי ער אַרבעט נאָך אַלץ ניט?... פאַרוואָס פרעגט אים ניט עמיצער ווי ער פילט? צי איז ער געזונט? פאַרוואָס וויל קיינער ניט וויסן ווען זיין האַרץ ווערט צעשפּרונגען אויף שטיקער פון עגמת נפש?... אַלץ ווערט דאָ אָפּגעשאַצט אין דעם, וואָס דו קאָנסט אויפטאָן, און וויפיל דו האָסט היינט פאַרדינט?"...

לואי האָט אָנגעהויבן קוקן מיט אַ מאָדנע פאַראַכטונג אויף זיינע אויסגעאיידלטע הענט, אויף זיין געלבלעך מוטלאָז פּנים, און אויף זיין גרויען אָנצוג, וואָס איז שוין געווען היבשלעך אָפּגעטראָגן און איז געהאַנגען ווי אָן לעבן אויף זיין אָפּגעצערטן קערפּער...

אַזוי פלעגט ער לעבן און טראַכטן פאַרצווייפלט, ביז עס פלעגט זיך דערהערן דער קלונג פונעם גלעקל. די קינדער זענען אַהיימגעקומען, און לואי האָט זיך געכאַפּט, אַז ער דאַרף נאָך עפּעס טאָן אין הויז איידער אסתר קומט פון דער אַרבעט.

ווען אסתר גייט אַהיים איז זי מיד און נערוועז. דעם גאַנצן טאָג געיאָגט זיך ביי דער מאַשין, איבערגעקלערט וועגן די קינדער און באַקלאָגט איר אייגענע דאָליע: „ווי לאַנג נאָך וועט זי זיך אַזוי מוטשען?... ביי לייטן שלעפּן די מענער פון אונטער דער ערד, און די ווייבער זיצן אין דער היים און לעבן זיך רואיק, אָן זאָרג. זי, אָבער, איז שטענדיק אין שפּאַן, שטענדיק דאַרף זי זיין גרייט צו שלעפּן דעם יאָך"...

אָבער באַלד ווי זי קומט אַהיים און דערזעט לואי'ן, לייזט זיך אויף איר גאַנצע ביטערע שטימונג אין ווערטער:

— די קינדער האָבן געגעסן? — טוט זי אים אַ פרעג, — וואָס האָבן זיי געגעסן? האָבן זיי געטרונקען מילך?

און באַלד נאָך דעם:

— פאַרוואָס איז דער דיל אין קיך שמוציק? האָסט ניט געהאַט קיין צייט אָפּצואוואַשן?

לואי פלעגט דעמאָלט בלייבן שטיין אַ שולדיקער און זיך נעמען פאַרענטפערן:

— איך וועל אָפּוואַשן נאָך וועטשערע...

אסתר נעמט זיך פאָרען אַרום דער וועטשערע, וואָס איז שוין האַלב־צוגעגרייט נאָך פון אַן אָוונט פריער; אַביסל האָט זיך שוין לואי געפּאָרעט אַרום דעם, און איצט דאַרף זי עס בלויז צופּראַוון און דערלאַנגען צום טיש. אָבער וואָס זי נעמט אין האַנט אַריין טויג עס ניט, און זי הויבט אָן שרייען:

— אוי, לואי, לואי, ווען וועסטו זיך שוין אויסלערנען איינצו־קויפן? זע נאָר די סאַלאַטן! — די בלעטלעך, האָב איך דיך געלערנט, דאַרפן זיין גרין פון אויבן, נו, האָט עס גאָר אַ קאָליר פון מיין מזל...

יעדעס מאָל, ווען אסתר באַקלאָגט זיך אויפן מזל, ווערט לואי זייער שפּל'דיק און דענערווירט. ענטפערן איר אויף דעם וויל ער ניט, — עס וועט זיך אָנהויבן אַ קריג. לאָזט ער דאָס אָפּט אויס צו די קינדער.

איינמאָל האָט ער זיין אינגל געגעבן אַ פּאַטש און אַ געשריי געטאָן:

— מאַך ניט קיין טומל! דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר שוין געגנוג אָן דעם געטומל!

דאָס אינגל האָט אים אָנגעקוקט און מיט פאָרוואורף געענטפערט:

— פּאַפּאַ, האָסט פריער געדאַרפט וואָרענען, דערנאָך פּאַטשן!

לואי איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרשעמטער, אַ שולדיקער, מיט אַראָפּגעהאַנגענע הענט, וואָס טויגן זיך אפילו ניט אויף איינצוקויפן סאַלאַטן.

די לעצטע עטלעכע יאָר, אָבער, אין די מלחמה־יאָרן, איז פאַר לואי'ן געוועזן אַרבעט איבערן קאָפּ. האָט אסתר אויפגעהערט אַרבעטן. זי איז צוריק געוואָרן די באַלעבאָסטע אין הויז.

לואי האָט געאַרבעט לאַנגע שעה'ן. ער האָט זיך אָבער געפילט גוט וואָס ער איז ווידער געוואָרן נוצלעך, — אויס שלים־מזל. הונדערט דאָלער אַ וואָך אַז מען ברענגט אַהיים, איז ניט קיין קליינינקייט...

אמת, אסתר פלעגט זיך קלאָגן אפּן יקרות, גע׳טענה׳ט אַז די הונדערט דאָלער באַטרעפן אפשר אַ העלפט פון אַמאָל, אָבער לואי האָט זיך פאַרטומלט אין די גרויסע סומעס און אָפּטמאָל אפילו פאַרגעסן אין דער מלחמה מיט אַלע צרות אויף דער וועלט...

ווידער איז דאָס הויז זיינס געווען צוגעפּוצט, זיינע וועטשערעס — פיין צוגעגרייטע, די קינדער — ריין אָנגעטאָן. דאָס הויז איז ווידעראַמאָל געוואָרן אַ היים...

אָבער אין די לעצטע עטלעכע וואָכן, זינט אין שאַפּ איז אַלץ ביסלעכווייז אָפּגעטויט געוואָרן, איז אים נאָכאַמאָל אַריין אין די ביינער די אַלטע מורא. די שרעק, אַז אַ נייער קריזיס קומט אָן, האָט ווי אַ שווערע משא געפּרעסט אויף זיין געמיט, און ער האָט געציטערט צו ברענגען דעם ניט-זיכערן מאָרגן צו אסתר׳ן מיט די קינדער.

מיט אַלע כחות האָט לואי געקעמפּט קעגן דער מורא, זי געטריבן פון זיך, זיך געשטעלט קעגן איר, ווי איינער וואָס טרינקט זיך קעגן די כוואַליעס פון ים:

„ניין! ניין! עס קאָן ניט פּאַסירן. עס וועט ניט זיין קיין קריזיס. ס׳האָלט גאָרניט דערביי. עפּעס שפּילט מען דאָ פּאָליטיק. די גרויסע קאַפּיטאַליסטן האָבן זיך פאַרנומען צו שפּילן אויף די אָנגעצויגענע סטרונעס פונעם אַרבעטערס געמיט. זיי ווילן אודאי פּרובירן שניידן שכירות, ברעכן יוניאָנס, ציי דער רוח ווייסט זיי וואָס?..."

ער האָט מיט גוואַלד אָפּגעשטויסן, פאַרטריבן פון זיך די זאָרג און איז גאָר אַריינגעקומען אין הויז אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג.

אסתר האָט אָבער דערפילט זיין מאָדנע געביטענע שטימונג, אָבער קיין גרויסן ווערט האָט זי ניט געמאַכט פון דעם. זי האָט שוין געקענט איר מאַן, אַז אַמאָל קומט ער שטאַרק באַזאָרגט און נערוועז, און אַמאָל ווידער שטאַרק אויפגעלייגט. זי וואָלט דאָס אויך צוגע-רעכנט צו זיינע שטימונגען, אָבער פּלוצלונג האָט ער צו איר אַ זאָג געטאָן:

— אסתר, טו זיך אָן, היינט נאָך וועטשערע וועסטו ערגעץ גיין מיט מיר.

— וואוהין? — איז שוין אסתר געוואָרן נייגעריג, — נאָך וואָס?..

— אָ, איך וויל דיר קויפן אַ זייגערל...

— אַ זייגערל? — האָט אים אסתר איבערגעפרעגט און אים באַטראַכט מיט אירע גרויסע גרויע אויגן.

לויט האָט אָנגעקוקט זיין ווייב. אירע טונקעלע בלאָנדע האָר האָבן אויסגעזען ווי צעוואָרפענער שטרוי. איר פּנים — היבשלעך צעקנייטשט און פאַרמאַטערט — האָט אויסגעדריקט אַ מאָדנע נייגיר.

— נו, יאָ, — האָט ער אַ פאַרלוירענער אַרונטערגעלאָזט די אויגן, איך וויל דיר קויפן אַ זייגערל. טאָר איך דען ניט?...

מער האָט ער גאָר ניט געזאָגט. ער האָט עפּעס ניט געוואוסט געננוי ווי מען פירט זיך, ווען מען קויפט דער פרוי אַ מתנה. געוואָלט האָט ער זאָגן:

„אסתר, מיר זיינען שוין 18 יאָר פאַרהייראַט און דו האָסט נאָך ביי מיר קיין גוטן טאָג ניט געהאַט. אַנדערע פרויען קריגן מתנות, — דימענטן פון זייערע מענער. דיר גיב איך בלויז צרות און זאָרג. וויל איך דיר איצט פאַרשאַפן אַביסעלע פרייד, ווייל איך האָב מורא, אַז באַלד וועט זיין צו־שפּעט, עס וועט ווערן ערגער"...

אַזוי האָט ער איר איצט געוואָלט זאָגן, אָבער ער האָט דאָס ניט געזאָגט.

דאָס איז געווען מיט איין וואָך צוריק. לויט האָט נאָך דעמאָלט געהאַט אַ שטיקל האָפענונג, אַז דער שאַפּ וועט זיך האַלטן און אין פאַך וועט צוריק בעסער ווערן. אָבער איצט האָט זיך עס געענדיקט. דער לעצטער באַוועג מיט דער מאַשין האָט געקלאַפּט אין זיין קאָפּ. דאָס אָנגעוואָרפענע בערגל וואָלענע אַרבל איז אים געלעגן פאַר די אויגן און זיך ווי געזעגנט מיט אים.

סעם, דער שטריקער פון אַנטקעגן, איז געזעסן אויף דעם קליינעם בענקעלע, פאַרריכט די אַראָפּגעפאַלענע אייגלעך אין זיין שטריקעריי, און דערביי צוגעזונגען:

— אוי, דעם אַרבעטערס לעבן איז אַ געמוטשעטע לעבן...

לויט האָט זיך צוגעהערט און זיינע הענט זענען געבליבן ליגן ווי פאַרשעמטע אויף דער שטומער מאַשין.

# מיין ליבע מיט איציקן

מיין ביזנעס-אגענט האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנע שמייכל און געזאָגט:

— גוט וואָס דו ביסט דאָ. ביסט אַרויסגעפאַלן פון דער אַרבעט? נו, בעסער אַזוי. גענוג שוין געאַרבעט אויף שמאַטעס. איך וועל דיר אַרויפשיקן אין אַ שאַפּ, איז דאָס אַזוינס ווי אַזעלכעס. מען דאַרף דאָרט אָבער קאָנען אַרבעטן. דער באַלעבאָס איז אַ „קרענק", אַ „דאַמסקער שניידער" פון דער היים, און ער האָט זיך נאָך איינגערעדט, אַז די איטאַליענערקעס קענען בעסער אַרבעטן ווי די אידישע... איז אַזוי: פאַר אַן איטאַליענערקע וועסטו „פּעסן"... שים נאָר ניט די ערשטע וואָך, וועסטו מאַכן דעם דזשאַב...

איך האָב פאַרזיכערט מיין ביזנעס-אַגענט, אַז איך וועל טאָן אַלץ אין מיין כוח, ווייל נאָך אַלעמען גייט עס מיר שוין אין אידישן כבוד...

איך בין אַריין אין שאַפּ. דער באַלעבאָס האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס. איך האָב אים געזאָגט ווער עס האָט מיך געשיקט, און ער האָט מיר געגעבן אַ בענקל.

דעם ערשטן גוטן איינדרוק האָב איך געמאַכט מיט מיין פינגערהוט:

— זעסט, טשאַרלי, זי איז אָלראַיט, דאָס שיקסל, — האָט ער זיך געווענדט צו זיין ברודער, — אַ פינגערהוט אָן אַ דעק...

— נו, אפשר וועסטו איר לאָזן „בעיסטן די קאַלערס", האַ? — רופט זיך אָפּ טשאַרלי.

ווערט טשאַרלי אָן אָנגעצונדענער:

— „בעיסטן די קאַלערס"? אַזוי, דו דענקסט אוודאי, אַז אַ ליאַדע שיקסע קען „בעיסטן קאַלערס". דער „קאַלער" איז דאָך דאָס פנים פון בגד...

הכלל, מיר האָבן שנעל אויסגעפונען, אַז קיינער קען אים ניט צוטרעפן מיט אויסטריגעווען די קאָלנערס פון די „סוטלעך". סיי די פינישערס, סיי די יוניאָן האָבן שוין ניט איינמאָל געקעמפּט

פאַר די קאָלנערס, ספּעציעל אין יענע יאָרן, ווען עס איז געווען ווייניק אַרבעט.

שפּעטער, ווען אַרבעט איז געוואָרן מערער, האָט מען אים שוין געלאָזט זיצן און אומגעשטערט זיך פּאָרען מיט די קאָלנערס.

צווישן אַלע פינישערס בין איך די איינציקע, וואָס קען אַרבעטן מיט אַזאַ פינגערהוט, און פאַר דעם אַליין בין איך ביי דעם באַלעבאָס פאַררעכנט פאַר אַן ערשט־קלאַסיקער פינישערין... ער דענקט אודאי, אַז איך בין אַ שניידערקע פון „צוהויזע"... איך וועל דאָך אים ניט דערציילן, אַז דאָס האָט מיין מאַמע מיך אויסגעלערנט צו נייען די קליידלעך פאַר מיין ליאַלקע און אַזש פון וואַרשע מיר געבראַכט אַ קליינינקן פינגערהוט אָן אַ דעק...

איז מיט מיין אַרבעטן וועל איך שוין „פּעסן"... אָבער וואָס טוט מען מיט מיין אידישקייט?...

די ערשטע צוויי טעג האָב איך ווינציק גערעדט, און ער האָט זיך ניט געקענט כאַפּן אויף מיין דיאַלעקט. האָב איך זיך געטראַכט: „איך וועל אָפּשווייגן די 35 שעה, דערנאָך וועל איך אים אויסזינגען אַ שטיקל חזנות און... זאָל ער פּלאַצן"...

די מיידלעך ווערן איפּערזיכטיק, וואָס דער באַלעבאָס לויבט מיין אַרבעט. די גריכישע פינישערין איז ביי זיך זיכער, אַז כ'בין אַ גריכישע, און זי זאָגט עס טאַקע אַרויס גאַנץ אָפן, אַז נאָר די גריכישע קענען אַזוי אַרבעטן... אָבער מיך פרעגט מען ניט, — איך בין אַ פרעמדע...

אידישע מיידלעך זיצן דווקא אויך. נאָר זיי „קיניגין איצט ניט", זאָגט מיר דאָס מיידל, וואָס זיצט שוין 20 יאָר ביים פענצטער. אַמאָל איז זי געווען די גאַנצע קעמפּערין פאַר פרייזן, און טאַקע צוליב די אַנדערע עלעמענטן, די אינגערע און ווייניק־באַוואוסטזיניקע, איז זי געצוואונגען געווען צו ווערן פּאַסיוו צום גאַנצן ענין פרייזן. זיצט זי ביים פענצטער און שווייגט.

אַמאָל הייבט זי אויף אירע גרויסע, אַביסל אַרויסגעשטאַרטשעטע אויגן, גיט אייך אַ קוק אָן מיט אַזויפיל פאָרוואורף, אַז עס ווערט אַזש קאַלט אין יעדן אבר.

מיך האָט זי די ערשטע צייט ניט ליב געהאַט. סיבות דערפאַר האָט זי געהאַט עטלעכע.

ערשטנס: ווייל דער באַלעבאָס לויבט מיין אַרבעט.

צווייטנס: ווייל איך בין אַ שיקסע.

דריטנס: ווייל איך בין אַ יונגע.

איך דערמאָן איר, ווייזט אויס, אין אירע ערשטע טעג, ווען זי איז אָנגעקומען אין שאַפּ. און ווען זי גיט זיך אַ טראַכט, אַז אין דעם איז שוין דאָ אַ 20 יאָר, ווערט איר דאַן אַזוי מאָדנע אומעטיק, אַז זי שווייגט אויס איר גאַנצן צער פון איר פאַרלוירענער יוגנט. מען קאָן ממש פילן ווי איר שטורמיש שווייגן צענעמט די ווענט...

טיף אין האַרצן האָט מיר זייער וויי געטאָן די אָנגעווייטיקטע לאַגע אין שאַפּ. איך האָב שיר־שיר אַרויסגעפּלאַצט מיטן גאַנצן אמת. אָבער ניין, זאָג איך זיך, איך וועל עס צוציען ביז צו די 35 שעה.

דערווייל גייט אַלץ אָן מיט דעם געוויינלעכן רוטין און שאַפּ־טעמפּאָ. דער גערויש פון די מאַשינען, דאָס זעצן פון די אייזנס, דער געשריי פון דעם באַלעבאָס. נאָר מער פון אַלץ הערט מען דעם נאָמען איציק.

— סאַ איציקל, מען דאַרף אים אָפּהאַקן די הענט! — דאָס רעדט אַזוי דער באָס, פאַנאַנדערנעמענדיק איציק׳ס אַ שטיקל אַרבעט.

צווישן די פינישערס געפינט מען אויך חסרונות אויף איציק׳ס אַרבעט.

די גריכישע פינישערין רופט אים „איזיק״. די איטאַליענערקע — „איזיק״. גאַנצע טעג הער איך דעם נאָמען „איציק״ אויף פאַרשיידענע דיאַלעקטן.

געפעלט מיר די דאָזיקע מעשה. זע נאָר: אין אַ שאַפּ, וואו מען האָט מער גערן אַ קריסטלעכן אַרבעטער, און ס׳איז דאָך אַמעריקע, וואו יעדער איינער דרייט גלייך איבער זיין נאָמען, און פונדעסטוועגן איז דאָ אין שאַפּ אַ מענטש, וואָס הייסט איציק... איך טראַכט ביי זיך, אַז דאָס איז אַוודאי דעם באַלעבאָס אויף צו־להכעיס...

און מיין פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך וועגן איציקן, אַז ער איז אַוודאי אַ יונגערמאַן, וואָס האָט מסתמא אַ שוואַרצע טשופּרינע האָר, וואָס פאַלט אים אין די אויגן זעט ער ניט ווי צו אַרבעטן... אָדער אפשר ליגט אים אינגאַנצן ניט אין זינען דאָס אַרבעטן. אַזאַ

בחור מוז אַוודאי זיצן אין די אָוונטן און שרייבן לידער, לייגט זיך שפּעט שלאָפן, דערנאָך זיצט ער ביי דער אַרבעט און חלומ'ט...

מיר איז אַזוי גוט צו טראַכטן, וואָס עס איז פאַראַן אַזאַ בחור אין שאַפּ, אַזאַ קאַפּריזנער יאַט, וואָס הייסט איציק... מיר, אַ אידישיסטקע, איז דער נאָמען זייער ליב. עפּעס האָבן מיר דאָך אַ איציק פעפער, איציק מאַנגער. איך זוך אַרום מיט די אויגן איציק'ן, און קאָן אים ניט געפינען...

איינמאָל אַרבעט איך אויף אַ „סוטל", איך גיב אַ קוק — די „סים באַינדינג" האָט מען פאַרגעסן אָנצונייען. טו איך אַ קוק אויפן „טיקעט", זען וועמעס דאָס איז, ערשט אויפן טיקעט שטייט אַ גרויסער אומגעלומפּערטער „ק". פרעג איך דאָס מיידל ביי מיין זייט, ווער איז דאָס, זאָגט זי מיר: „איציק". ווערט מיין פּנים אויפגעלויכטן: „זע נאָר, אַ שטיפער אַ בחור. איציק שרייבט ער גאָר מיט אַ „ק"... דאָס איז אַלץ אויף צו-להכעיס, — אַזאַ ליאַ!"...

מיט פרייד גיב איך זיך אַ הייב אויף פון בענקל. איך גיי שוין צו איציק'ן, דאָס אים אָוועקצוגעבן, און פריי זיך, וואָס ענדלעך וועל איך האָבן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אים...

ערשט דער באַלעבאָס נעמט ביי מיר אַוועק דאָס שטיקל אַרבעט און זאָגט מיר זייער העפלעך:

— איר דאַרפט זיך ניט „באַדערן", איך וועל אים שוין אַליין אַוועקגעבן.

ער הויבט אָן צו קוקן אויפן זשאַקעטל, דרייט עס הין-און-צוריק און שעלט איציק'ן מיט טויטע קללות.

מיר טוט אַזוי ווי פאַר איציק'ן. איך באַקלאָג אַזוי זיין ווייסטע דאָליע... „אַזאַ איידעלער, אַזאַ שיינער, האַרציקער בחור, אַ פּאָעט, דאַרף נעבעך זיצן ביי דער מאַשין, און אַריינכאַפּן אַזעלכע קללות און באַליידיקונגען... צי איז ער פאַרהייראַט, איציק?" — טראַכט איך זיך, — „צי האָט ער כאָטש אַ גוטע איידעלע פרוי, וואָס פאַרשטייט זיין לעבן?"...

מיין האַרץ ווערט מיר צעגאַנגען פאַר איציק'ן... הכלל, זאָל איך איך דערציילן פון מיינע פּלענער פאַר איציק'ן?... ווי איך האָב געטראַכט ווי אַזוי אים צו פאַרגרינגערן זיין לעבן, אים אַוועקצונעמען פון דער מאַשין, לאָזן אים שרייבן לידער...

די 35 שעה האָבן זיך געענדיקט. איך בין געוואָרן אַ בירגער אין שאָפּ. און פּונקט ווי געפּלאַנט פון פריער, האָב איך גלייך פאַרצויגן דאָס ליד „אַ חזנ׳דל אויף שבת". פאַרשיידענע אויגן האָבן זיך אויפגעהויבן. די גריכישע — מיט אַנטוישונג; די איטאַליע־נערקע האָט געשמייכלט און געזאָגט: „מי נאָ איט"... און דער באַלעבאָס האָט געגעבן אַ וואָרף דאָס שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין סטריגעווען:

— וואָס, ביסט גאָר אַ אידישע? — האָט ער אויסגעשריגן אַ פאַר׳חידוש׳טער, — הערסט, טשאַרלי, זי האָט דאָך אונז אָפּגע־נאַרט!...

דאָס מיידל ביים פענצטער האָט זיגעריש אויסגערופן:

— נו, אידישע מיידלעך קענען נים אַרבעטן, האַ?...

און דאָ איז צוגעקומען צו מיר אַן עלטערער איד מיט אַ זשאַקעטל אין האַנט און גיט עס מיר.

— ניין, — זאָג איך, — דאָס איז נים מיינס.

דער אַלטער קוקט מיך אָן מיט זיינע קליינע, וואַסערדיקע אויגן, זיינע ברילן זיינען אויף דער סאַמע שפּיץ פון זיין גראָבער בלווי־לעכער נאָז, די ליסענע פאַרשוויצט, גיט ער עס מיר אַ וואָרף און שטאַמלט עפּעס אַרוים מיט זיינע דיקע ליפּן:

— ביסט דאָך די נייע פינישערין, ניין? איך בין איציק...

— האַ, איציק? ס׳קאָן נים זיין!...

איך האָב זיך גלייך געכאַפּט און צוגענומען דאָס זשאַקעטל. דער אַלטער האָט געצויגן מיט די אַקסלען און זיך מסתמא געטראַכט: „עפּעס אַ נייער שלי׳מזל"...

און איך, — אַן אַנטוישטע, — האָב אָפּגעזיפצט און צע־ווייטיקט געטראַכט:

„גאָט מיינער, זע נאָר וואָס עס איז געוואָרן פון מיין טרוים, פון מיין איציק׳ן!"...

# גרויע האָר

געערדט האָט מען אַ לאַנגע צייט ביי די בלאָשטיינס וועגן פאַרלאָזן ניו יאָרק.

איבערהויפּט פרילינג-צייט פלעגט אסתר בלאָשטיין אַרויסקוקן דורכן פענצטער, אַריינזאַפּן אין זיך די פרימאָרגן-לופט און אויסרופן צו איר מאַן:

„גוואַלד, מוני, ווי אַנטלויפט מען פון ניו יאָרק? ווען מיר קענען ערגעץ האָבן אַ שטיבל מיט אַ שטיקל גערטנדל, איך וואָלט פאַרזייט בוריקעס און מערן, קרויט און בעבלעך, טאָמאַטן און וואָס ניט. היינט בלומען און ביימער, די צווייגן מיט בעז וואָלטן זיך געטוליעט צו די פענצטער, ממש זיך געשפּאַרט אין שטוב אַריין".

אסתר פלעגט דערביי פאַרמאַכן די אויגן און שטיל צוגעבן:

„ווי וואונדערלעך עס וואָלט געווען, פילן דעם ריח פון צעאַקערטער ערד"...

מוני, וואָס האָט זיין פרישטיק געגעסן אין איילעניש, האָט איר אויף שנעל איבערגעשלאָגן:

„אסתר, איך גלויב דיר ניט, דו ווילסט פון ניו יאָרק ניט אַוועק־גיין. די לעמפּלעך פון די מואַווי־הייזער, די טעאַטערס, ליטעראַרישע אָוונטן, דאָס אַלץ האָט איבער דיך אַ גרעסערען כוח ווי צעאַקערטע ערד"...

מוני האָט דאָס אַלץ אָפּגעזאָגט, און איידער אסתר האָט צייט געהאַט עפּעס אויף צו ענטפערן, איז ער שוין געווען אויף יענער זייט טיר אויפן וועג צו זיין אַרבעט.

מוני פלעגט אויך אָפט ריידן וועגן אַרויסציען זיך פון ניו יאָרק, אָבער ניט צוליב אַ גאָרטן מיט גרינס, נאָר גאַנץ פּשוט, צוליב פּרנסה... ביי יעדער עגמת־נפש אין שאַפּ, נאָך יעדער ריס מיטן באָס, אָדער אַרבעטער, פלעגט זיך ביי אים אַלץ מער באַפעסטיקן דער געדאַנק זיך אַרויסצוציען פון ניו יאָרק ערגעץ אין אַ קליין שטעטל און עפענען עפּעס אַ שטיקל ביזנעס פאַר זיך אַליין...

פלעגט מען נעמען פּלאַנעווען וואָס פאַראַ ביזנעס? און ווי מען האָט ניט גערעכנט, געדרייט און געטראַכט, האָט מען צו קיין אַנדער

געשעפט ניט געקענט צוקומען ווי נאָר אַ קענדי-סטאָר...

און ווייל אַלע חלומות וועגן צעאַקערטער ערד, בלומען און אַ גאָרטען אַרום שטיבל פלעגן זיך רעדוצירן צו אַ קענדי-סטאָר, פלעגט אסתר זיך ווידעראַמאָל איבערבעטן מיט ניו יאָרק און זאָגן מיט אַ פעסטן טאָן:

„ניין! איך וועל ניט אויפגעבן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן... איך וועל עס ניט צעבייטן אויף פענידיגע צוקערקעס, קאַקאַ-קאָלאַ, גוט-מאָרגנס און געשפּרעכן וועגן וועטער"...

דערנאָך פלעגט דער אָפּקלאַנג פון אירע אייגענע ווערטער זי פאַר-פּאָלגען: „וואָס הייסט, ווי וואַגט זי צו זיין אַזוי עגאָאיסטיש? מוני'ן ווערט די אַרבעט מיט יעדן טאָג שווערער, דער מאָרגן איז ניט קיין זיכערער, און זי קלאַמערט זיך נאָך אַלץ אין ניו יאָרק"...

ווען אסתר פלעגט זיך דערפילן שולדיג, פלעגט זי טראַכטן פון אַליין גיין זוכן אַרבעט. אָבער ביי וואָס זאָל זי זוכן? מלאכות האָט אסתר געהאַט אַ סך, זי האָט פריער געאַרבעט ביי אבאַזשורן פון לאָמפּן, ביי מענערישע העמדער, געאַרבעט אין קליידער-שעפער, אָבער די אַלע מלאכות האָבן זיך צו איר עפּעס ניט צוגעקלעפּט... זי פלעגט דאַן אויך זיצן ביי דער אַרבעט און חלומ'ען פון אַ גרינער לאָנקע, אַ טייכל, אַ שטיבל, און אַז אַ בחור מיט שוואַרצע קוטשמעס זאָל קומען און זי באַפרייען פון שאַפּ"...

אסתר האָט קיינמאָל ניט באַוויזן אַריינצוּוואַקסן אין דער שאַפּ סביבה. דער שאַפּ איז פאַר איר געווען בלויז אַ פּלאַץ וואו זי מוז אַריינקומען. אַ מין טעגלעכע אָפּקומעניש. דערנאָך דאַרף מען אַנט-לויפן ערגעץ, לויפן צום לעבן, צו פרייד...

אין אָוונט, ווען די גלידער מידע פון אַ טאָג אַרבעט זיינען גע-וואָרן שווער, דער געמיט אויסגעשעפּט, פלעגט זי איר אומרו פאַרבייטן אויף שלאָף. די נעכט זיינען געוואָרן אַ מיטל צו אַנטלויפן פון די דערעסענע טעג.

די פלאַטערדיגע בענקשאַפט האָט אָנגעהויבן ווי פאַרגליווערט ווערן. אין אסתר'ס קול האָט זיך אַריינגעוועבט אַ ציטער, אין אירע ברוין-גרינלעכע אויגן וואָס האָבן זיך געשאָטנט אין לאַנגע שוואַרצע וויעס האָט זיך פאַר'גנב'עט אַ ביסל יאוש. זי איז שוין צוויי-און-צוואַנציג יאָר, זי האָט שוין גע'חלומ'ט, געבענקט און איז אַנטוישט

געוואָרן. און דאָן איז געקומען מוני: אַ הויכער שלאַנקער בחור, קרוב צו דרייסיק יאָר, מיט אַ קאָפּ ברוינע געדיכטע האָר וואָס האָט זיך געגאָלדיגט קעגן דער זון. מוני האָט דאָן געשריבן לידער, זיי געלייענט פאַר אסתר׳ן, זיך געשפּילט מיט אירע שוואַרצע צעפּ, איר געקוקט אין די אויגן און געגעבן קאָמפּלימענטן... מוני׳ס לידער זיינען געווען וועגן דעם אַרבעטער׳ס גורל, וועגן אַ פריידיקער צו־קונפט, וועגן ליבע, בוים און בלום. האָט אסתר זיך צוגעהערט צו די לידער און דורך אירע פינגער דורכגעזיפּט גאַנצע פּאַסמעס פון זיין ברוינע טשופּרינע, כוואַליעס האָר פלעגן פאַלן פון אירע פינגער און זיך צעטיילן אין צוויי טיילן — גאָלד באַזונדער און ברוין באַ־זונדער, עס איז געווען אַ קאָמבינאַציע פון ערד מיט זון.

האָבן זיי חתונה געהאַט.

שפּעטער, ווען אסתר האָט פאַרשוועגערט, האָט זי ערשט דער־פילט אַ מין מאָדנע צוגעבונדנקייט צו מוני׳ן און אַלץ וואָס איז געווען אַ טייל פון אים איז איר געוואָרן טאָפּלט טייער.

אָט, למשל, האָבן איר פריער ווייניג אינטערעסירט זיינע בחור׳שע חפצים וואָס ער האָט מיטגעבראַכט: אַ קליין אַלט שרייב־טישל, אַ פּאָר שראַנקען מיט ביכער. אסתר האָט איצט אַלץ קאָמבינירט אין איין צימער, זיי אַליין געפּאַרבט אויף גרוי, באַצירט די ברעגן מיט שוואַרץ און עס האָט זיך באַקומען אַן אויפגעלעבטקייט און נייקייט אין די אַלטע שטיקער מעבל. זי האָט אויך גענומען אַנטוויקלען ביי זיך אַ געשמאַק צו דעקאָרירן און פּוצן דאָס הויז, און האָט זיך גענומען מיט חשק צום לייענען: פּרצ׳ס, שלום־עליכמ׳ס, אברהם רייזינ׳ס און מענדעלי׳ס ווערק, וואָס זיינען געווען אויסגעדרייט מיט דעם רוקן צו איר, האָבן אויפגעלעבט אין אירע הענט.

און ווען אסתר איז געוואָרן אַ מאַמע פון אַ זון איז זי שוין געווען אַ גאַנץ באַלעזענע פרוי מיט אַ שטאַרקן דורשט נאָך וויסן.

דורך דער צייט וואָס אסתר האָט דערצויגן דאָס קינד האָט זי באַוויזן ניט צו ווערן אָפּגעזונדערט פון מענטשען, זי פלעגט זיך באַ־מיען צו גיין צו אַ ליטעראַרישן אָוונט, קויפן אַ ניי בוך, איינלאַדן מענטשן צו זיך.

אויף מוני׳ן איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אַ קינד און אַ שטוב געפאַלן שווער. דאָס שרייבן לידער האָט ער שוין לאַנג אויפ־

געגעבן. זיינע ליטעראַרישע אַמביציעס פלעגן פון צייט צו צייט קומען צום אויסדרוק דורך אַן אַרטיקל וועגן זיין פאַך, וואָס זיין צייטונג פלעגט אָפּדרוקן אויף דער יוניאָן זייט... אַלץ אין אים איז פאַרטעמפּט געוואָרן. די רוטין פון אויפשטיין גאַנץ פרי, גיין אין שאָפּ, די ריטמישע קלאַפּעריי פון באַוועגנדיקע האַמערס, דער שוואונגיקער פאַרמעסט פון פאַרקאַטשעטע אַרבל באַ די מיט־מענטשן, דאָס זעגן און הובליען, די גאַנצע אומגעבונג פון אַ סטאָלעריי האָט פאַרלאָרן דעם מיין, דעם ווערט פון באַשאַף, נאָר איז געוואָרן אַן אומאַנגענעמע רוטין וואָס האָט ניט קיין רייץ, קיין באַדייט.

זיין גאַנצער איך איז דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ האַמער מיט טשוועקעס. געשיקטקייט און שוואונגמאַסיגקייט זיינען געוואָרן אַ אָטאָמאַטישע וויבראַציע פון הענט צו וועלכן זיין קאָפּ האָט קיין שום שייכות ניט... האָט זיך טאַקע דער קאָפּ זיינער באַצייטנס גענומען גרויען פאַר לאַנגוויל מסתמא און דאָס האַרץ האָט מיטגעפילט אָט די פאַרגליווערטקייט. דאָס לעבן וואָס איז געבליבן שטיין ווי אַ סאַזשעלקע אַ פאַרצויגענע...

פופצן יאָר איז מוני׳ס ברוינע קאָפּ כוואַליעדיקע האָר געווען אַ טייל פונעם שאָפּ און קיינער האָט זיך אַפילו אויף אים ניט אומגעקוקט, נאָר ווען די האָר האָבן זיך אַזוי שנעל און פּלוצלונג צעזילבערט זיינען צו מוני׳ן געקומען פראַגעס פון אַלע זייטן:

— סעי, מוני, ווי לאַנג אַרבעטסטו שוין ביי מיר? — האָט דער באַלעבאָס אים איינמאָל אַ פרעג געטאָן, וואַרפנדיק ציניִשע בליקן אויף זיין גרויען קאָפּ.

— סעי, מוני, מיר ווערן ניט אינגער, האַ, וואָס זאָגסטו?

— וואָס־זשע, איר פּלאַנט מיר געבן אַ באָנוס? — האָט אים מוני אַ שטאָך געטאָן.

— קיין באָנוסעס צאָל איך נאָך ניט, נאָר וואָס דען, ביסט שוין דאַכט זיך אַ קאַנדידאַט פאַר אָנקל סעם׳ס קעסט...

מוני האָט אָוועקגעדרייט זיין קאָפּ. ער האָט געוואָלט דער־טרינקען זיין פאַרלאָרנקייט אין אויספייפן אַ לידל. האָבן זיך אָבער די ליפּן געקרימט אויף צוריק, דאָס פייפן איז ניט אַרויס. און ווייל ער האָט דעם ענין געוואָלט איגנאָרירן, האָבן זיך די ווערטער נאָכאַמאָל

און ווידעראַמאָל איבערגע׳חזר׳ט אין זיין מוח. זיין באַליידיקטער איך איז וואַכזאַם געשטאַנען, גערעדט און פאַרטיידיקט:

— איך בין ערשט אין די מיטעלע פערציקער. די האָר האָבן זיך צעזילבערט? זיינען פאַראַן אַ סך אינגערע, אַפילו מענטשן אין די צוואַנציקער, וואָס ווערן גרוי.

אָבער אויך די מיטאַרבעטער האָבן גענומען פרעגן וועגן זיין עלטער. ס׳הייסט ניט דירעקט, נאָר —

— ווי לאַנג אַרבעטסטו שוין, מוני?

די פראָסטערע פלעגן פשוט זאָגן:

— אַזוי, מוני, גייסט שוין צוריק פונעם יאַריד? היפשלעך אָפּגעפאָרן, ברודערל, ווי לאַנג ביסטו שוין פאַרהייראַט?

מאַיק, דער איטאַליענער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט פון די אידישע אַרבעטער די „ריכטיקע" ווערטער, פאַרגעסט קיינמאָל ניט צוגעבן:

— סעי, מוני, ביסט שוין אַן אַלטער קנאַקער, ביסט שוין באַלד גוט פאַר „אָלד עידזש פענשאָן" (פענסיע).

און מאַיק פלעגט עס זאָגן דווקא ווען דער באַלעבאָס אָדער פאָרמאַן פלעגן פאַרבייגיין.

מוני האָט געוואוסט אַז מאַיק האָט אין זינען אַרויפצונעמען אַ אינגערן ברודער זיינעם אין שאַפּ, און דער כלומר׳שטער קיבעצן וועגן עלטער איז מיט אַ ציל, אַז עס וועט זיך ערגעץ אָפּשטעמפּלען...

און מוני, דער קלוגער, קאַמפּסלוסטיקער בחור, דער גוטער יוניאָן־מאַן, פלעגט זיך פאַרלירן, עפּעס ניט געוואוסט וואָס פאַרא שטעלונג צו נעמען געגן די רייד.

ריידן מיטן ביזנעס אַגענט וועגן דעם? האָט ער ניט גענוג גרונט פאַר אַ קלאַגע. „ס׳איז בלויז אַ קיבעץ", זאָגט דער טשערמאַן...

אָבער דער באַלעבאָס האָט שוין געזאָגט ניט איינמאָל:

— מוני איז שוין ניט דאָס וואָס געווען. די נייע אויסגעלערנטע וועטעראַנען קען מען שנעל איינברעכן און זיי זעצן ווי יונגע פערד...

האָבן זיך די אַלע ווערטער — „יונגע פערד", „אַלטער קנאַקער", „צוריק פון יאַריד", „שוין אָפּגעפאָרן", און נאָך אַ סך ערגערע ווערטער צונויפגעזאַמלט און שטאַרק געפּרעסט אויף מוני׳ס געמיט. ער האָט נאָך איין אויסוועג, אַנטלויפן פון ניו יאָרק און זיך עפּענען

אַ שטיקל ביזנעס, אָדער אָפּפאַרבן די האָר און גיין זוכן אַן אַנדער שאַפּ.

און אין איין שיינעם טאָג, ווען די זון האָט זיך געזעצט אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט און געבראַכט שאָטנס פון נאַכטיקער רו, איז מוני געזעסן ביים טיש און שוין ביים פאַרענדיקן זיין אָוונט-מאָלצייט, געזאָגט:

— אסתר, איך וויל אַוועקגיין פון שאַפּ, עס ווערט ענגער מיט יעדן טאָג. איך וויל שוין טאַקע מאָרגן ניט אַריינקומען.

— וואָס-זשע? — האָט אסתר געפרעגט דערשראָקן, — מיינסט, אַז אַ קענדי סטאָר איז בעסער?

מוני האָט איר איבערגעשלאָגן:

— ווילסטו ניט? נו, איז מיר געבליבן איין זאַך צו טאָן: אָפּפאַרבן די האָר.

אסתר האָט מיט איר בליק דורכגעזיפּט זיין זילבערנעם קאָפּ. זי האָט זיך דערמאָנט די קאַשטאַנען-ברוינע האָר פון דער פאַרגאַנגענהייט... שפּעטער — יאָרן פון זאָרג, פון שווערער האָרעוואַניע פאַרן שטיקל ברויט, צער פון דערציען אַ קינד און נויט... אַלץ איז ווי אַרויפגעשוואומען אויף מוני'ס גרויען קאָפּ, ווי עדות, עדות וועלכע מען טאָר ניט פאַרווישן, ניט אָפּמעקן, אָדער פאַרשווערצן מיט פאַרב... דאָס לעבן ווי דאָס יאָר איז איינגעטיילט אין סעזאָנען, און אויב מוני'ס האָר האָבן זיך פאַרפרי גענומען האַרבסטיקן, איז דאָס ביי איר רעכט און ליב.

זי האָט אָט די געפילן אירע געוואָלט איבערגעבן מוני'ן, נאָר עס איז עפּעס ניט אַרויס, האָט זי געזאָגט:

— ניין, מוני, איך וועל דיר ניט לאָזן פאַרבן די האָר. זאָל שוין זיין אַ קענדי סטאָר און אַ סוף...

מוני האָט אָנגעקוקט זיין ווייב. זי איז געזעסן ווי אַ געשלאָגענע. אירע אויגן האָבן געקוקט צום ביכער שראַנק...

ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען שפּאַנען הין און צוריק. דערנאָך אַריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און געזוכט אַ צען-סענטיקע מטבע פאַר דער סאָבוויי אויף מאָרגן אינדערפרי — אין שאַפּ אריין.

# נאָכוואָרט

דאָס בוך איז שוין פאַרענדיקט. ס'איז געבליבן פּלאַץ פאַר בלויז אַ פּאָר ווערטער, איז שווער צו זאָגן אַלץ וואָס מען פילט אין אַזאַ מאָמענט.

וועל איך בלויז באַ דער געלעגנהייט אויסדריקן מיין דאַנקבאַר־קייט צו די אַלע וואָס האָבען מיר געהאָלפן און דערמוטיקט אין דער שווערער אויפגאַבע.

ערשטנס: צו די פריינט און באַקאַנטע וואָס האָבן אַזוי אינטענסיוו געאַרבעט צו דערמעגלעכן די דערשיינונג פונעם בוך, זיי אַלעמען מיין דאַנק:

איידע און הערשל ראָזין, שלמה יודקאָווסקי (וואַשינגטאָן), סאָניע און מ. בראָנשטיין, רחל קאָהן, סעם שיינקין, אבא קאַגאַן (שיקאַגאָ), רבקה שוכמאַן (פילאַדעלפיע), בעסי האַלאָוויץ, אווירווינג בירנבוים, איטשע בירנבוים, ש. אייזיקאָוו, ש. נאַגאָשינער, מרדכי קויפמאַן, פיליפּ גודמאַן, פלאָרענס און יאַנקל מעלמאַן, אַנאַ און ט. סאָקאָלאָוו, אַל ראָער (לאָס אַנדזשעלעס), ש. ליפשיץ, ראָזע באַראָן, רחל און פּיוול ווילעם (דיטראָיט), הערי וויזעל, מאַלי און מנשה קויפמאַן, הדסה און איציק פיינצוג, מאַניע ריוומאַן, קלאַראַ שולמאַן (וואַשינגטאָן), מרים אַלפּערשטיין, אַנאַ לעמבערג, יאַנקל סעראָוויץ, שאָשקע פריידקעס, יעטאַ און אברהם צוקער, י. פערדער און ש. שערצער.

אַ יישר כוח דעם קולטור טוער און ליבן מענטשן סעם סלאָן, אונטער וועמענס אויפזיכט דאָס בוך איז אָפּגעדרוקט, פאַר זיין פיינע באַהאַנדלונג.

מיין האַרציקן דאַנק די קאָלעגן ז. ווייספער, י. א. ראָנטש, חיים מאַרגאָליס־דאַווידזאָן און י. פריד, פאַר זייער דערמוטיקונג און ליטעראַרישער הילף.

רייזל גלאָס־פּענסטער